ש. באַסטאָמסקי און מ. חיימסאָן

# לעבעדיקע קלאנגען

## כרעסטאָמאַטיע

פאַרן דריטן לערניאָר.




1922

# אַמאָמעס טרערן.

## א.

מיט הונדערטער יאָרן צוריק האָט געלעבט אין דעם לאַנד ליטע אַ גרויסער דוכּס. צענדליקער שטעט און דערפער האָבן געהערט צו אים. זיין ערד איז געווען די בעסטע אין לאַנד, זיינע וועלדער די גרעסטע, זיינע טייכן די ברייטסטע.



דָוִד איינהאָרן.

נאָר דאָס אַלץ איז געווען גאָרנישט קעגן זיין פּאַלאַץ. אַ גאַנצן מעת־לעת האָט געדויערט, איידער מ׳האָט אים אַרומגעריטן. די ווענט פון פּאַלאַץ זיינען געווען באַדעקט מיט זילבער, זיינע זיילן — פון ווייסן מירמלשטיין, און דער דאַך איז געווען באַדעקט מיט לויטער גאָלד. מלָכים און פירשטן פלעגן קומען אָנקוקן דעם פּאַלאַץ און ניט קאָנען זיך אָפּוואונדערן פון זיין שיינקייט.

אין פּאַלאַץ אינעווייניק זיינען געווען טויזנטער חֲדָרים, און אין יעדן חֶדֶר איז געווען אַן אוצָר פון כָּלערליי זילבערנע, גאָלדענע און בריליאַנטענע כֵּלים, אַלע געמאַכט פון די בעסטע קינסטלער.

און דאָס, וואָס ס׳איז געלעגן אין די קעלערן פון פּאַלאַץ, איז גאָר ניט אויסצודערציילן. אַרום און אַרום פּאַלאַץ איז געוואַקסן אַ גאָרטן, גרויס ווי אַ וואַלד, נאָר נישט פון פּשוטע ביימער, נאָר פון לויטער פרוכט־ביימער. עפּל, באַרן, פלוימען, קאַרשן האָבן זיך דאָרטן געוואַלגערט ווי שישקעס אין וואַלד. אין פרילינג־צייט פלעגט די גאַנצע געגנט אַרום שמעקן פון די בליטן, און קיינער פלעגט ניט קאָנען שלאָפן פון די זינגענדיקע סאָלאָוויִען.

דאָס איז געווען אַ מין גַן־עֵדן, וווּ נאָר דער דוכּס אַליין פלעגט מעגן אַרומגיין אויסער אים האָט קיינער ניט געטאָרט אַהין אַריינקומען.

דער דוכּס אַליין איז געווען אַ גרויסער כּישופמאַכער. אַ גאַנצן טאָג האָט ער געשלאָפן אין זיינע סאַליעס, נאָר ווי די נאַכט פלעגט צופאַלן, פלעגט ער באַפוילן, מע זאָל אָנזאָטלען זיין שוואַרצן פערד, און איינער אַליין פלעגט ער זיך אַוועקלאָזן איבער פעלדער און וועלדער, צו שיסן ווילדע חַיות און שרעקן די דורכפאָרער.

איינמאָל אין וואָך פלעגט ער זיך באַהאַלטן אין אַ פאַרבאָרגענעם חֶדֶרל ביי זיך אין פּאַלאַץ און פאַרנעמען זיך מיט כּישוף. וואָס ער האָט דאָרט געטאָן, האָט קיינער ניט געוווּסט.

די דינער נאָר פלעגן זאָגן, אַז ער קאָן אין אַ זוניקן טאָג מאַכן אַ רעגן, און

אין אַ ו'עגן צעבלאָזן די וואָלקנס און קיינער קאָן ניט בײַשטיין זײַן כּוח. וואָס ער וויל, טוט ער.

נאָר דאָס איז אַלץ געווען ביז אַ צײַט.

**ב.**

נישט ווײַט פון דוכּס פּאַלאַץ, אויפן ברייטן שליאַך איז געשטאַנען אַן איינזאַמע קרעטשמע, און אין דער קרעטשמע האָט געוווינט אַ פרומער ייד מיט זײַן ווײַב און בֶּן־יָחידל.

די פרוי פלעגט אַ גאַנצן טאָג שטיין אין קרעטשמע און אויפנעמען די אורחים און דער ייד פלעגט זיצן מיט זײַן בֶּן־יָחידל און יומָם וָלַילָה לערנען.

קיינער, קיינער האָט קיינמאָל דעם ייִנגעלע ניט געזען, נאָר ווער עס פלעגט ארײַנקומען אין קרעטשמע, פלעגט הערן פון אַלקערל אַ זיסן ייִנגלשן קעלכעלע, וואָס האָט מיט אַ שטילן ניגון געלערנט גמָרָא. נאָר דער רָב פון שטאָט האָט געוווסט, אַז בײַם קרעטשמער וואַקסט אַ גרויסער עִלוי, וואָס וועט אַמאָל זײַן אַ גָאון.

לאַנג, לאַנג האָט מען אַזוי געלעבט אין דער קרעטשמע, שטיל און רויִק.

דאָס ייִנגעלע איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג, שיין געווען ווי יוסֵף הַצַדיק און קלוג ווי שלמֹה הַמֶלֶך. קיין שום זאַך איז פון אים ניט געווען פאַרהוילן, אַפילו די שפּראַך פון חיות און עופות האָט ער געוווסט.

און יעדן טאָג, ווען קיינער האָט ניט געזען, פלעגט ער אַרויסגיין שפּאַצירן אין וואַלד, צורופן צו זיך די פייגעלעך און אַנדערע באַשעפענישן און שמועסן און שפּילן מיט זיי ווי מיט חַבֵרים. דער האָז מיט די לאַנגע אויערן פלעגט אים תָמיד אָפּגעבן שָלום, און דער קלוגיטשקער פיקסל פלעגט אים מיט דֶרֶך־אֶרֶץ אָפּטרעטן דעם וועג. מער ניט די קראָען האָט דאָס ייִנגעלע נישט געקאָנט פאַרטראָגן. און יעדעס מאָל, ווען ער פלעגט דערזען אַ קראָ, פלעגט ער זאָגן:

„יעדער, יעדער קראָע
האָט אַ האַלדז אַ גראָע,
מיט אַ גראָבן שנאָבל,
פול מיט פּעך און שוועבל".

אויף דעם פלעגט אים די קראָע ענטפערן מיט כַּעַס:

„קראָען זײַנען קלוגע פויגלען,
ווייסן אַלץ, וואָס דאַרף געשען,
וועט דיר ווען אַן אומגליק טרעפן,
וועלן מיר דאָס פריער זען".

און דערבײַ פלעגן זיי צווינקען מיט די אויגן און צוקלאַפּן מיט די שנאָבלען, אַז דעם ייִנגעלע פלעגט ווערן טרויעריק אויפן האַרצן. נאָר יעדעס מאָל פלעגט צולויפן צו אים אַ קאַנאַריקל, אַ שוועלבעלע אָדער אַ פּשוטער וואָראָבייטשיקל און אויפזינגען אַ לידל, אָדער אַ וועווערקע פלעגט אים אַ נוס אַראָפּוואַרפן, און דעם ייִנגעלע פלעגט ווידער ווערן פריילעך.

איינמאָל איז דאָס ייִנגעלע אַרויס שפּאַצירן. געקומען צום וואַלד, האָט ער דערזען דרײַ קראָען זיצן אויף אַ שטעכיקן צווײַג פון אַ סאָסנע.

און ווי זיי האָבן אים דערזען, האָבן זיי אָנגעהויבן לאַכן און שפּאָטן פון אים און פאָרויסגעזאָגט, אַז ס'וועט אים אײַניכן טרעפן אַ גרויס אומגליק.

אומזיסט האָט דאָס ייִנגעלע זיי געבעטן מיט גוטן, געבייזערט זיך אויף זיי. אָנגערופן זיי שוואַרצע שֵׁדים, גראָבע שנעבל, פּליענדיקע חַזירים. די קראָען האָבן בישט אויפגעהערט צו וויגן זיך אויפן צווייג און צו שרייען.

— קראָען זאָגן שטענדיק ליגן—האָט דאָס ייִנגעלע געזאָגט און איז אַוועק אַהיים.

און פונקט דיזעלביקע נאַכט האָט דער טאַטע פונם ייִנגעלע דערהערט ווי פאַר די פענסטער פון דער קרעטשמע טראָגט זיך מיט אַ ווילדן גאַלאָפּ דער דוכס אויף זיין שוואַרצן פערד. און אַ גאַנצע נאַכט זיינען געשטאַנען קראָען און געקלאַפּט מיט זייערע גראָבע שנאָבלען אין דאַך.

אויף מאָרגן האָט דער קרעטשמער געזאָגט צו זיין ווייב: „איך האָב נעכטן געזען דעם דוכס אַרומיאָגן אַרום אונזער שטוב, הַלוואַי זאָל דאָס זיין צו גוטן.

— הַלוואַי,—האָט די קרעטשמערקע געענטפערט און זיך שטאַרק דערשראָקן, ווייל אַלע האָבן געוווּסט, אַז דאָרט ווו דער דוכס רייט, קאָן שוין קיין גוטס ניט געשען.

אויף דער צווייטער נאַכט האָט דער דוכס ווידער זיך געיאָגט איבער פעלדער און וועלדער און יאָגנדיק זיך איז ער ווידער געקומען צו דער קרעטשמע.

די נאַכט איז געווען אַ פינסטערע, אַ קאַלטע, רעגן האָט געגאָסן ווי פון עמערס, קיין איין פייערל האָט ניט געלויכטן. פון דער קרעטשמע נאָר האָט אַרויסגעשלאָגן דורך די לאָדנס אַ העל ליכט, און עס האָט געקלונגען אַ זיס קעלכל פון אַ ייִנגעלע, וואָס האָט געלערנט מיט הַתמָדָה.

— ווער קען דאָס אַזוי שיין זינגען ביים יידן אין קרעטשמע?—האָט דער דוכס אַ טראַכט געטאָן און איז צוגעריטן נאָענט צום פענסטער, אויפגעהויבן זיך איבערן פערד און אַ קוק געטאָן דורכן שפּאַלט פון לאָדן.

— אַך, סאַר אַ שיין ייִנגעלע!—האָט פאַרוווּנדערט אויסגערופן דער דוכס און איז אָפּגעשפּרונגען פון פענסטער.—אַזאַ שיין ייִנגעלע זע איך דאָס ערשטע מאָל אויף מיין לעבן.

צוריק איז ער שוין געפאָרן פּאַמעלעך און אַלץ געטראַכט וועגן ייִנגעלע.

אַ גאַנצע נאַכט האָט דער דוכס ניט געקאָנט שלאָפן. דאָס ייִנגעלע איז אים ניט אַוועק פון די אויגן. און באַגינען האָט דער דוכס אַריינגערופן זיין געטרייסטן דינער און אים געפרעגט:

— קענסטו דעם יידן פון דער קרעטשמע?

—יאָ, מיין האַר.

— און זיין ייִנגעלע?

— אויך.

— דאַן באַפעל איך דיר—האָט דער דוכס געזאָגט—היינט נאָך האַלבער נאַכט מיר צו ברענגען אים אַ גאַנצן און אַ לעבעדיקן. אויב נישט, שפּילסטו מיט דיין לעבן.

— גוט,—האָט דער דינער געזאָגט און איז אַוועק.

צוועלף ביינאַכט זיינען באַפאַלן די קרעטשמע אַ גאַנצע מַחֲנֶה הויף-קנעכט. זיי האָבן געבונדן דעם אַלטן יידן און צוגענומען דאָס ייִנגעלע. אומזיסט האָט די מאַמע געוויינט, געבעטן זיך, געפאַלן צו די פיס.

— דער דוכס האָט באַפוילן און מיר מוזן אים פאָלגן—האָבן די קנעכט געזאָגט און גענומען אַוועקגיין.

נאָר דאָ האָט פלוצלונג די אַלטע מאַמע זיך אויפגעהויבן און געזאָגט:

— גיט איבער דעם דוכס, אַז איך וועל דאָס ניט שווייגן. זאָל ער ניט מיינען, אַז אַ מאַמעס טרערן זיינען גאָרנישט.

ג.

און אַזוי איז טאַקע געווען.

אין אַ צייט אַרום איז דער דוכס אַרויס מיטן ייִנגל שפּאַצירן אין גאָרטן. דער דוכס האָט שוין געהאַט דאָס ייִנגעלע פאַרכישופט, און דאָס ייִנגעלע האָט אַלץ פאַרגעסן פון דער היים, אַפילו ווי זיין מאַמע הייסט. מער ניט די שפּראַך פון חיות און עופות האָט ער נאָך פאַרשטאַנען.

און ווי זיי גייען אַזוי, האָבן זיי פלוצלונג דערזען פאַר זיך אַ ברייטן פּלאַץ מיט דאַרע פאַרטריקנטע ביימער אָן בלעטער און אָן פרוכטן און אויפן שפּיץ פון העכסטן בוים איז געשטאַנען אַ פייגעלע און האָט געזונגען מיט אַן אומעטיקער שטימע:

— ייִנגעלע, ייִנגעלע, לאָז נישט דיין מאַמען וויינען אַזוי פיל מיט טרערן! זעסט אָט די ביימער? אַזוי וועט דער גאָרטן אינגאַנצן אַ טרוקענער ווערן.

— וועמען זאָל איך ניט לאָזן וויינען?—האָט דאָס ייִנגעלע פאַרוווּנדערט געפרעגט— איך האָב דאָך קיין מאַמען נישט.

זיי זיינען ווייטער געגאַנגען און געקומען צו אַ בייט. אויפן בייט איז געשטאַנען אַ גרויסער רויזן־שטרויך. נאָר אָנשטאָט לעבעדיקע רויזן זיינען געהאַנגען אויף אים שוואַרצע, פאַרברענטע. און אויף איינער פון די פאַרברענטע רויזן איז געשטאַנען אַ בין מיט גאָלדענע פליגלען און האָט אומעטיק געזאָגט

— „די מאַמע וויינט, די טרערן פאַלן,
פון יעדער טרער שטאַרבט אָפּ אַ רויז,
און ווען די לעצטע רויז וועט שטאַרבן,
וועט נעמען אומפאַלן דאָס הויז".

— פאַרוואָס ריידן זיי אַלץ וועגן אַ מאַמען?—האָט דאָס ייִנגעלע געפרעגט.

נאָר קיינער האָט אים ניט געענטפערט.

דער דוכס האָט אים צוריק אין פּאַלאַץ אַריינגעפירט.

פון יענעם טאָג אָן האָבן אָנגעהויבן פאַמעלעך וועלקן אַ בוים נאָך אַ בוים, אַ בלום נאָך אַ בלום, ווייל די אַלטע מאַמע איז ווייט ערגעץ געזעסן און געוויינט. און וואָס מער טרערן עס זיינען געפאַלן פון אירע אויגן, אַלץ וויסטער איז געוואָרן דער גאָרטן: די נעסטן זיינען צעשאָטן געוואָרן, די פייגלען זיינען זיך צעפלויגן. אַ פינסטערער וואָלקן איז געהאַנגען איבערן פּאַלאַץ און קיין כישוף האָט אים ניט געקאָנט פונאַנדעריאָגן.

אין אַ צייט אַרום איז דער דוכס צוריק אַרויס אין גאָרטן, געוואָר ווערן, וואָס דאָרט טוט זיך. און ער האָט דערזען אַלע ביימער צעבראָכן, אַלע גרעזער פאַרטריקנט. מער נישט אונטערן פענסטער פון זיין סאַליע איז געשטאַנען אַן אויסגעדאַרטער רויזן־שטרויך און אויפן שפּיץ האָט נאָך געבליט אַ יונגע רויז. פלוצלונג איז פון ערגעץ

אַראָפּגעפאַלן אַ טראָפּן און די רויז איז שוואַרץ געוואָרן. באַלד נאָכדעם איז געפאַלן אַ צווייטער טראָפּן און האָט אָפּגעבראָכן פון דער וואַנט אַ שטיק שטיין.

און ווי דער דוכס האָט דאָס דערזען, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז עס וועט גאָר ניט העלפן: דער פּאַלאַץ וועט מוזן פון דער מאַמעס טרערן חָרוּב ווערן.

און איינמאָל אין אַ פינסטערער נאַכט האָט דער דוכס צונויפגערופן זיינע דינער, געהייסן שפּאַנען די קאַרעטן, אָנלאָדן אויף זיי אַלע זיינע אוצרות און איז אַוועקגע־פאָרן צוזאַמען מיטן ייִנגעלע אין אַ ווייטער מדינה.

## ד.

יאָרן זיינען פאַרגאַנגען, טעג זיינען פאַרשוווּנדן. דער פּאַלאַץ איז אינגאַנצן חָרוּב געוואָרן. דער קרעטשמער מיט זיין ווייב האָבן פאַרלאָזן די קרעטשמע און איבערגעקליבן זיך אין שטאָט אַריין. די שטאָט־לייט האָבן זיי פון רחמנות־וועגן צו־גענומען, געמאַכט אים פאַר אַ שַׁמָש און זיין ווייב פאַר אַ שַׁמָשטע אין דער שטעטלשער שול.

גאַנצע טעג פלעגט די אַלטיטשקע מאַמע זיך פאַרגיסן מיט טרערן, זיצן און זאָגן תהילים און בעטן ביי גאָט ער זאָל איר אומקערן דעם זון אירן.

דאָס ייִנגעלע איז דערוויַיל אויפגעוואַקסן אין דער ווייטער מדינה. דער אַלטער דוכס האָט אים אויסגעלערנט אַלע שֶׁבַע חָכמות, איז דורכגעפאָרן מיט אים די גאַנצע וועלט.

און אַזוי זיינען אַוועק אַ סַך יאָרן. איינמאָל איז דער אַלטער דוכס קראַנק גע־וואָרן און דערפילט, אַז זיין צייט איז געקומען צו שטאַרבן. האָט ער אַריינגערופן צו זיך דעם יורֵש־אָצָר, איבערגעגעבן אים אַלע זיינע אוצרות און גאָר זיין גוטס און דערציילט אים די גאַנצע געשיכטע, פון וואַנען ער שטאַמט און וואָס מיט אים האָט פּאַסירט און וועגן זיין מאַמעס טרערן. באַלד נאָכדעם איז דער אַלטער דוכס געשטאָרבן.

אַ באַטריבטער מיט אַ צעבראָכענעם האַרץ האָט דער יונגער דוכס זיך צוריק אומגעקערט אַהיים.

אָנגעטאָן אין פּראָסטע קליידער און מיט אַ שטעקן אין דער האַנט האָט ער זיך געלאָזט איבער די ייִדישע שטעטלעך פון שטוב צו שטוב זוכן זיין מאַמען.

אַ גאַנצע וואָך איז דער דוכס אומגעגאַנגען און ווו נאָר ער פלעגט אַריינקומען, פלעגט ער זיך שטעלן לעבן דער טיר און פרעגן:

— גוטע מענטשן, ליבע מענטשן, אֶפשר האָט איר געזען, אֶפשר ווייסט איר ווו עס געפינט זיך מיין מאַמע?

— ניין—האָבן אַלע געענטפערט—מיר האָבן קיינמאָל ניט געזען און ווייסן נישט ווו זי איז.

אויפן זיבעטן טאָג איז ער געקומען אין זיין היימישן שטעטל. אַ מידער, אַ פאַר־מאַטערטער האָט ער אָנגעקלאַפּט אין דער שטוב, ווו דער אַלטער קרעטשמער מיט זיין ווייב האָבן געוווינט. אַז מע האָט אים אַריינגעלאָזן, האָט ער זיך געשטעלט ביי דער טיר און גענומען פרעגן:

— ליבע מענטשן, גוטע מענטשן, אֶפשר ווייסט איר, ווו עס געפינט זיך מיין מאַמע?

און ווי נאָר די אַלטיטשקע האָט דערהערט זיין קול, האָט זי אים גלייך דער־קענט און אויסגעשריִען:

— מיין זון! מיין טייערער!...

זי איז אים געפאַלן אויפן האַלדז און צוויי קלאָרע טרערן זיינען אַרויסגעפאַלן פון אירע אויגן.

און דאַן איז פּלוצלונג פאַרשוווּנדן דער כּישוף פון דעם אַלטן דוכס.

און דערמאָנט האָט זיך דער יונגער דוכס אָן זיינע יונגע יאָרן, דערקענט זיין טאַטן מיט זיין מאַמען און אַ גליקלעכער געפאַלן זיי אויפן האַלדז.

דערנאָך איז געווען, אַז דער יונגער דוכס האָט גענומען טאַטע־מאַמע צו זיך און געלעבט מיט זיי אין עושר און אין כּבוד.

דוד אײנהאָרן.



# דער שלאָף.

איינס, צוויי, דריי, פיר,—
קינדער קלאַפּן אין מיין טיר.

— קינדער גוטע, קומט אַריין,
וועט איר גוטע געסט דאָ זיין.

און ביי מיר אין קליינעם הויז
אין אַ רעדל זעצט זיך אויס.

זיצט און שווייגט און ביזקל סוף
הערט אַ מעשׂהלע פון שלאָף:—

אַז דער ליבער טאָג פאַרגייט,
און אין מערבֿ־זייט ווערט רויט,

און די זון אין פייער פלאַם
שלאָפן גייט אין וויטן ים.—

דעמאָלט ערגעץ פון דער ערד,
ניט געזען און ניט געהערט,

קומט דער אָוונט שטיל אַרויס,
און גייט אום גאַס איין, גאַס אויס.

איז נאָר ווי און ווו ער גייט,
ווערט אַ פינסטערניש פאַרשפּרייט.

און אַז קינדער גאָר נאָך קליין
שרעקן זיך צו זיין אַליין,

און מע זעט ניט, וואָס צו טאָן—
צינדט מען באַלד די לאָמפּן אָן.

לייכט אַ לאָמפּ אין יעדן הויז.
זעצן זיך די קינדער אויס

אַרום טיש און ריידן ניט,
עסן, טרינקען וואָס מע גיט.

און אַ זייגער אויף אַ וואַנט
ציילט זיך טיק טאַק נאָכאַנאַנד.

און אַז קינדער עסן נאָך—
מאַכט דער שלאָף דערווייל אַ לאָך

ערגעץ אונטער בעט אין דיל,
שאַרט פון לאָך זיך שטיל, שטיל,
שטיל.

זעט ער, קינדער עסן נאָך—
קריכט צוריק אַריין אין לאָך;

זעט ער, קינדער עסן אָפּ,
עסן אָפּ און טרינקען אָפּ,

קריכט דער שלאָף פון לאָך אַרויס,
שאַרט זיך בײַ די ווענט פון הויז,

קריכט אין שײַן פון לאָמפּ אַרײַן,
רוימט פון שײַן צו מאַמעס אײַן:

„האָט איר קינדער קליין און שיין,
איז שוין צײַט זיי שלאָפן גיין".

זעען מאַמעס, אַז ס'איז שפּעט,
בעמט מען אויסבעטן דאָס בעט,

און די קינדער גוט און פיין
לייגן זיך אין בעט אַרײַן.

מאַכן זיי די אייגלעך צו,
שלאָפן איין אין גוטער רו.

און אַ זייגער אויף אַ וואַנט
ציילט זיך טיקטאַק נאָכאַנאַנד.

און אַז קינדער שלאָפן אײַן,
קריכט דער שלאָף צוריק אַרײַן

אונטער בעט אין לאָך פון דיל.
און ער ליגט דאָרט שטיל, שטיל,
שטיל.

און אַ זייגער אויף אַ וואַנט
ציילט זיך טיקטאַק נאָכאַנאַנד.

ליגט דער שלאָף אין לאָך אַזוי,
ליגט אַ שָעה און ליגט זיך צוויי,

און אַז מאַמעס ווערן מיד,—
גייען אום מיט מידע טריט,

האָבן אַלץ שוין אָפּגעטאָן—
און די האַלבע נאַכט קומט אָן—

און אין פענסטער מיט איר שיין
די לְבָנָה קוקט אַרײַן—

קריכט דער שלאָף פון לאָך אַרויס,
שאַרט זיך בײַ די ווענט פון הויז,

קריכט אין שיין פון לאָמפּ אַרײַן,
רוימט פון שיין צו מאַמעס אײַן:

„דאַרפט איר מאָרגן אויפצושטיין,
צײַט שוין איצטער שלאָפן גיין!"

זעען מאַמעס, אַז ס'איז שפּעט,
לייגן זיך אַרײַן אין בעט,

לעשן זיי די לאָמפּן אויס.
און אַז פינסטער ווערט אין הויז,

מאַכן זיי די אויגן צו,
שלאָפן אײַן אין גוטער רו.

און אַז מאַמעס שלאָפן אײַן—
קריכט דער שלאָף צוריק אַרײַן

אונטער בעט אין לאָך פון דיל,
און ער ליגט דאָרט שטיל, שטיל,
שטיל.

און אַ זייגער אויף אַ וואַנט
ציילט זיך טיקטאַק נאָכאַנאַנד,

און אין פענסטער מיט איר שיין
די לְבָנָה קוקט אַרײַן.

און מײַן מַעֲשֶׂהלע פון שלאָף
איז שוין איצטער בײַ איר סוֹף.

מאני לייב.



# דער קליינער גרויסער מאַן.

איך בין קליין, ווייל איך בין נאָך אַ קליין קינד. און גרויס וועל איך זיין, ווען איך וועל אַלט זיין ווי מיין פאָטער.

עס וועט קומען מיין לערער און זאָגן:

— „עס איז שפעט, ברענג דיינע ביכער און דיין טאָוול“.

וועל איך אים ענטפערן: „ווייסט ניט, אַז איך בין אַזוי גרויס ווי דער פאָטער און איך דאַרף שוין מער קיין לעקציעס ניט האָבן“.

דער לערער וועט זיך וווּנדערן און זאָגן:

„ער קען שוין לאָזן צו רו זיינע ביכער, אויב ער וויל. יאָ, ער איז שוין אַ גרויסער!“.

* * *

איך וועל זיך אָנטאָן און גיין שפּאַצירן צום יאָר־מאַרק, ווו עס איז זייער ענג.

וועט צוגיין צו מיר מיין פעטער און זאָגן:

„דו וועסט זיך, מיין קינד, פאַרלירן; לאָז, וועל איך דיך אַוועקטראָגן“.

וועל איך ענטפערן: פעטער, זעסט ניט, אַז איך בין שוין אַזוי גרויס ווי דער פאָטער. איך קען שוין אַליין גיין אויפן יאָר־מאַרק“.

וועט דער פעטער זאָגן: „יאָ, ער איז גערעכט, ער איז שוין אַ גרויסער!“.

* * *

אין אָקטאָבער, אין קאַניקול־צייט, וועט דער פאָטער קומען אַהיים און מיטברענגען פון שטאָט קליינע שיכעלעך און אַ קליין רעקעלע, ווייל ער וועט מיינען, אַז איך בין נאָך אַ קליין קינד.

וועל איך אים זאָגן: „גיב עס אָפּ מיין דאַדאַ*), ווייל איך בין שוין אַזוי גרויס ווי דו“.

וועט זיך דער פאָטער פאַרקלערן און זאָגן: „ער קען, אויב ער וויל, אַליין זיך קויפן קליידער; יאָ, ער איז שוין אַ גרויסער!“.

ראבינדראנאט טאגאָרע.

*) דאדא—אַן עלטערער ברודער.



# אנטיקעלעך.

אנומלט האָבן מיידעלעך דריי, שייניקע ווי גאָלד,
מיט טייערע אַנטיקעלעך זיך זאַלבעדריט געפּראָלט:

„איך האָב אַ שטערנטיכעלע—האָט איינע זיך באַרימט—
נאָך פון מיין עלטער־באָבעשי, געקעסטלט און געבלימט“.

„איך האָב אַ ציטערנעדעלע—די צווייטע האָט שטאָלצירט—
נאָך פון מיין עלטער־באָבעשי, מיט דימענטלעך באַצירט“.

און נאָר דאָס דריטע מיידעלע האָט שטיל אין זיך געלאַכט
און שטיל דאָס שויבן־טירעלע פון אַלקער אויפגעמאַכט.

„דאָס טייערסטע אַנטיקעלע פאַרמאָג איך איינע נאָר—
די עלטער־באָבעשי אַליין פון איבער הונדערט יאָר“.

מרים אולינאָווער.



## אַ נאַרישער חלום.

די מַעֲשֶׂה, וואָס איך וועל אַייך דאָ דערציילן, איז נישט קיין אֱמֶת און נישט קיין ליגן. עס איז אַ נאַרישער חָלום, וואָס האָט זיך מיר געחָלומט יינגלוויז, ווען איך בין נאָך אין חֵדֶר געגאַנגען און חומֶש געלערנט.

חָלומט זיך מיר: אַ פייגעלע בין איך. נישט קיין מענטש, נאָר אַ פייגעלע, אַ שוועלבעלע.

געקומען בין איך פון אַ ווייט לאַנד ערגעץ, דאַכט זיך פון אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל געקומען צו פליען.

פלי איך אַהער, פלי איך אַהין, זוך מיר אַן אָרט, ווו אַ נעסט צו מאַכן. געפין איך מיר אַ שיינעם אָרט אונטער אַ דאַך, ערגעץ איבער אַ פענסטער. באַקוק איך און באַטראַכט דאָס אָרט: מיין נעסט וועט זיך דאָרט האַלטן: קיין ווינט וועט נישט אַריינבלאָזן, קיין רעגן—נישט אַריינגיסן. אַלצדינג גוט. איך נעם מיט חֵשק בויען.

פלי איך אַהער, פלי איך אַהין, ברענג קלעפּיקע שטיקעלעך בלאָטע און שטיקלעך ליים אין מיין שנעבעלע, לייג עס איבער, פלעכט עס אַיין מיט שטרויעלעך, מיט דינע, דינע העלצעלעך, אַז די שטיקעלעך בלאָטע און די שטיקעלעך ליים זאָלן זיך שטאַרקער האַלטן צווישן זיך.

איך קלעפּ און בוי, בוי און קלעפּ, און מיין נעסט איז שוין פון אויסוויינִיק פאַרטיק. בלייבט מיר נאָך אויסצובעטן מיין נעסט פון אינעווייניק מיט ווייכינקע שטרוי־

עלעך, הערעלעך און פעדערלעך, ווייך און וואַרים זאָל זיין אין אים צו וויגען. שטרויעלעך און הערעלעך געפונען, פעדערלעך—נישטאָ.

פלי איך אַהער, פלי איך אַהין—נישטאָ קיין פעדערלעך.

דערמאָן איך מיך,—אין חֶדֶר אויפן בוידים, ווו מיר, חֶדֶר־יינגלעך, פאַרקלייבן זיך אַמאָל שפּילן, שטייען טעפּלעך מיט פעדערן, וואָס די רֶבֶּיצין האָט ערֶב יום־כּיפּור אָפּגעפּליקט פון די כַּפּרות.

קום איך צופליען אויפן בוידים, דורך אַ צעבראָכן שייבעלע, וואָס אין אַ קליי־נעם פענסטערל דאָרטן. שפּילן זיך אויפן בוידים צוויי יינגלעך, מיינע חֲבֵרים—שלמֹהלע און חַיימל.

— לאָמיר דאָס שוועלבעלע כאַפּן, דערהַרגענען!—שרייט שלמֹהלע.

— פאַרוואָס דערהַרגענען?—פרעגט חַיימל.

— זעסטו,—זאָגט שלמֹהלע,—דאָס העלדזעלע איז ביי דעם רויט. עס האָט אין שנעבעלע פייער געטראָגן דעם בֵּית־הַמִקְדָש צו פאַרברענען.

וויל איך צוריק אַרויספליען. האָבן זיי דאָס פענסטערל פאַרשטעלט, איך זאָל נישט קענען אַרויספליען. פאַרשטעלט דאָס פענסטערל און אָנגעהויבן וואַרפן אויף מיר זייערע היטלען.

פלי איך אַהער, פלי איך אַהין, פון איין ווינקל צום אַנדערן, און זוך אַ שפּעל־טעלע אויף דער גאַס אַרויס—נישטאָ! קום איך צום פענסטערל—באַך!—צעשלאָג איך מיך און קען נישט אַרויס.

— וועסט ווייטער טראָגן פייער דעם בֵּית־הַמִקְדָש צו פאַרברענען?!—שרייט שלמהלע און שליידערט אויף מיר זיין היטל.

—מיר וועלן דיך פאַקן!—שרייט חַיימל—און וואַרפט אַ רייף פון אַ צעבראָכענער פאַס.

פלי איך אַהער, פלי איך אַהין און שלאָג מיך פון די כּוחות אַרויס. פלוצלונג—באַך:

שלמֹהלע האָט אַ שליידער געטאָן זיין היטל. איך האָב מיר אין היטל פאַרפּלאָנ־טערט, איינגעעם מיט דעם אויף דער ערד אַראָפּגעפאַלן... כאַפּט מען מיך און מע האַלט מיך פעסט, צאַפּל איך, צאַפּל איך זיך און קאָן זיך ניט אַרויסרייסן.

— דערשטיקן!—זאָגט שלמֹהלע.

מיר וועלן עס אין אַ שטייגעלע אַריינזעצן - זאָגט חַיימל.

זיי קוקן מיר ביידע גלייך אין די אויגן. איך ציטער און פלאַטער מיט די פלי־געלעך און שלאָג מיך פון די כּוחות אַרויס

— נו, וואָס?—פרעגט שלמֹהלע.

— אַ רַחמָנות,—זאָגט חַיימל.

— און דעם בֵּית־הַמִקְדָש פאַרוואָס האָט זי אונטערגעצונדן?—פרעגט ווידער שלמֹהלע און ער הייבט זיך אָן צו טרייסלען מיט כַּעַס.

דו האָסט דעם בֵּית־הַמִקְדָש פאַרברענט! דו האָסט פייער געטראָגן!

— אַ רַחמָנות;—זאָגט ווידער חַיימל.

ער נעמט מיין שנעבעלע צו זיך אין מויל אַריין און גיט מיר טרינקען.

— לאָמיר עס גאָר אַריינטראָגן אין חֶדֶר, פרעגן דעם רֶבִּין. וואָס ער וועט הייסן, דאָס וועלן מיר טאָן.

קלעטערן זיי ביידע אַראָפּ פון בוידים. מיך האַלטן זיי שטאַרק, איך זאָל נישט אַנטלויפן.

— רֶבּי, מיר האָבן געכאַפּט אַ שוועלבעלע!—שרייען זיי ביידע אויס, אַריינקומענ־דיק אין חֶדֶר,—אויפן בוידים האָבן מיר עס געפּאַקט! אֶמֶת, די שוועלבעלעך האָבן דעם בֵּית־הַמִקְדָשׁ פאַרברענט?

אַלע קוקן אויף מיר און מיין הערצל צאַפּלט זיך. איך בין דאָך גאָר אומשולדיק, איך האָב קיינמאָל קיין פייער אין שנעבעלע ניט געטראָגן, דעם בֵּית־הַמִקְדָשׁ נישט אונטערגעצונדן.

— ניט איך, ניט איך,—וויל איך שרייען און קען נישט ריידן. ציטער איך און פלאַטער מיט די פליגעלעך. איך שלאָג מיך פון די כּוחות אַרויס, און דער רֶבּי מיט די חֲבֵרים לאַכן.

— ניט איך, ניט איך,—מאַטער איך מיך און קען ניט זאָגן..
איך שטרענג די לעצטע כּוחות אָן און...
איך האָב מיך אויפגעכאַפּט—

— אַך, דו יונגאַטש איינער! אינמיטן לערנען ווערט מען אַנטשלאָפן?—לאַכט הויך דער רֶבּי, און די חֲבֵרים לאַכן מיט.

— אי נדערהיים שלאָפט מען און נישט אין חֶדֶר ביים לערנען!...

ווי איר זעט איז די מַעֲשֶׂה נישט קיין אֶמֶת און נישט קיין ליגן: עס איז אַ נאַ־רישער חֲלוֹם, וואָס האָט זיך מיר אַמאָל געחָלומט, ווען איך בין אין חֶדֶר אויפן חוּמֶשׁ אַנטשלאָפן געוואָרן, און דער רֶבּי מיט די חֲבֵרים האָבן מיך מיט זייער געלעכ־טער אויפגעוועקט.

פּרץ הירשביין.



# אין שטייגל.

שטייט אַ ביימעלע אין וואַלד,
האָט דער בוים אַ צווייגל,
כאַפּ איך דאָרט אַ פייגעלע,
זעץ זי אין אַ שטייגל,—

וואַרפט זי זיך דאָס פייגעלע,
וואַרפט זי זיך און פלאַטערט,
אַמפּערט מיט די פליגעלעך,
ביז זי ווערט פאַרמאַטערט.

—„פייגעלע, דו פייגעלע,
קענסט מיר אֶפשר זאָגן,
וואָס זשע ליגסטו שטום אַזוי,
און ביסט אַזוי דערשלאָגן?"

— פייגעלע, איך שטעל פאַר דיר
אַ טעפּעלע צו קאָפּן,
מיט צוקער־וואַסער זיס, איי זיס!
— גיב מיר טוי אַ טראָפּן!...

—„ווילסט עסן—ברענג איך
קערנער דיר,
קערנער אויפן מעסטל".
—„ניין, כ'וויל נאָר איין קטרידל,
איינעם—אין מיין נעסטל.

—„שיין איז דאָך דיין שטייגעלע,
כ'וועל אים נאָך באַגילטן".
—גיב בעסער מיר אַ צווייגעלע,
אין וועלדעלע, אין ווילדן.

יצחק קאַצענעלענס אָן.





אנדערסענס דענקמאָל אין קאָפּענהאגן.

# פון אַנדערסענס קינדהייט.

איך האָב פאַרבראַכט מיינע קינדעריאָרן אין אַ קליין צימערל, וואָס איז געווען פול אָנגעשטעלט מיט אַסך אַרבעטס-טישן און פאַרשיידענע שוסטערשע מכשירים. אין דעמזעלביקן צימערל איז אויך געשטאַנען אַ בעט, אַ קופערט, און אַ שלאָפּבאַנק, וווּ איך האָב געשלאָפן.

יאָ, ביי אונז איז טאַקע זייער ענג געווען. דערפאַר אָבער זיינען אַלע ווענט געווען באַהאַנגען מיט בילדער. אויפן קופערט זיינען געשטאַנען פּלערליי גלעזעלעך און קוביקלעך, באַמאָלטע מיט בלומען און אַנדערע געמעלן. איבערן אַרבעטס-טיש ביים פענסטער איז געהאַנגען אַ פּאָליצע מיט ביכער.

אָט די ענגע דירה אונזערע האָט זיך מיר דאַן אויסגעוויזן אַזוי גרויס און רייך!

איך בין געווען אַ בֵּן־יָחִיד און מע האָט מיך זייער געצערטלט. די מוטער פלעגט מיר אָפט דערמאָנען סאַר אַ גליקלעכער איך בין. מיר איז דאָך אַסך בעסער, ווי ס׳איז איר געווען בעת זי איז געווען אַ קינד: איך האָב זיך געלעבט ווי אַ פּרינץ און איר, בעת זי איז געווען אַ קליינינקע, פלעגן די עלטערן אָפט טרייבן זי זאָל בעטן נדבות. זי האָט דאָס ניט געקאָנט פועלן ביי זיך און פלעגט גאַנצע טעג זיצן אונטער דער בריק ביים טייך און וויינען...



האַנס קריסיטאַן אַנדערסען.

איך פלעג זיך לייכט פאָרשטעלן דאָס־דאָזיקע בילד און דערביי באַגיסן זיך מיט טרערן.

מיין פאָטער, האַנס אַנדערסען, האָט מיר געלאָזט טאָן אַלץ, וואָס איך האָב נאָר געוואָלט. איך בין ביי אים געווען דאָס לעבן. ער האָט געלעבט נאָר פאַר מיר: ער פלעגט מיר מאַכן שפּילגעצייג, מאָלן בילדער און אין די אָוונטן דערציילן מיר מיט דער מוטער פאַרשיידענע משלים אָדער מעשהלעך פון „טויזנט און איין נאַכט.

זומערצייט זיינען מיר, איך מיטן פאָטער, כּמעט אַלע זונטאָג געגאַנגען שפּאַצירן אין וואַלד אַריין. בעתן שפּאַציר האָט דער פאָטער ווייניק־וואָס גערעדט מיט מיר. אין וואַלד פלעגט ער זיך זיצן שווייגנדיק ערגעץ אונטער אַ קוסט און איך בין מיר אַרומגע־לאָפן ניט ווייט פון אים איבערן וואַלד, געקליבן פּאָזימקעס און אָנגעצויגן זיי אויף אַ שטרויעלע אָדער געפלאָכטן קרענץ פון בלומען.

די מוטער איז מיטגעגאַנגען מיט אונז אין וואַלד אַריין נאָר איין מאָל אין יאָר—אין חודש מאַי, ווען דער וואַלד באַצירט זיך מיטן ערשטן גרינס. דאָס איז געווען איר יערלעכער און אייגציקער שפּאַציר. זי פלעגט דאַן אַלע מאָל אָנטאָן איר איינציק יום־טובדיק קלייד—אַ ברוינס מיט בלימעלעך.

פון שפּאַציר פלעגט די מאַמע אַלע מאָל ברענגען אַהיים אַסך פרישע בעראָזעווע צווייגלעך און פאַרשטעקן זיי הינטערן אויוון. אונזער צימערל האָט דאַן אויסגעזען אַזוי פריילעך—באַפּוצט מיט גרינס און מיט בילדער!

די מוטער האָט בכלל געהאַלטן די וווינונג זייער זויבער. די שניי־ווייסע ליילעכער און די קורצע פאָרהענגלעך אויף די פענצטער זיינען געווען איר שטאָלץ.

אַלע טאָג פלעגט אַריינלויפן צו אונז כאָטש אויף אַ מינוט די באָבע מיינע כּדי אָנצוקוקן איר געליבט אייניקל, האַנס קריסטיאַן.

די באָבע איז געווען אַן אויפזעערין אין דעם גאָרטן ביים שטאָטישן שפּיטאָל און אַלע שבת פלעגט זי מיר פון דאָרטן ברענגען אַ בוקעט בלומען. די בלומען האָבן באַצירט אונזער קופערט. דאָס זיינען געווען מיינע בלומען. איך פלעג אָפט קומען צו דער באָבען צו גאַסט. אין שכנות מיט איר איז געווען אַ

שפינערייִ פאַר אָרימע זקֵנות. איך פלעג אַהין אָפט אַריינקומען און בין באַלד געוואָרן ביי די אַלטיטשקעס זייער באַליבט. פון די דאָזיקע זקֵנות האָב איך זיך אָנגעהערט אַ סך שרעקלעכע באַצויבערנדיקע מַעשׂהלעך.

די דאָזיקע מַעשׂהלעך האָבן אויף מיר אַזוי שטאַרק געווירקט, אַז איך האָב פאַר־באַכטלעך שוין מורא געהאַט אַרויסצושטעקן די נאָז איבער דער שוועל פון שטוב.

געוויינטלעך פלעגט מען מיר דערלויבן זיך אַריינצולייגן אין בעט ווי נאָר די זון אונטערגייט. ס׳פאַרשטייט זיך, אַז איך פלעג זיך ניט לייגן אין מיין אייגן בעט, אינם שלאָפבאַנק, ווייל דעמאָלט וואָלט ניט געווען ווו זיך אַ קער צו טאָן אין דעם ענגן צימערל. איך פלעג אַריינקריכן אין מיין מוטערס בעט. דאָ בין איך מיר געלעגן הינטערן סיצענעם פאָרהאַנג, דורך וועלכן ס׳האָט זיך דורכגעלויכטן דאָס פייערל פונם ליכט, האָב געהערט אַלץ, וואָס ס׳טוט זיך אין צימער, און צו דער זעלביקער צייט געווען אַזוי אַריינגעטאָן אין חלומות און פאַנטאַזיעס, אַז איך פלעג אָפט פאַרגעסן, ווו איך געפין זיך.

אין דער היים האָב איך געהאַט אַ סך שפילצייג. דער פאָטער האָט מיר זיי צוגעגרייט פון כלערליי מינים: בילדלעך, באַוועגלעכע מילן, פּאַנאָראַמעס און ליאַלקעס, וואָס באַוועגן מיטן קאָפּ.

פאַר די דאָזיקע ליאַלקעס פלעג איך אַליין נייען קליידלעך.

דאָס גרעסטע פאַרגעניגן מיינס איז געווען צו זיצן אויפן הויף אונטער דעם איינציקן אַגרעס־ביימל. איך פלעג אַריבערהענגען דאָס ביימל מיט דער מאַמעס פאַרטוך און מאַכן זיך אַ ביידל, וואָס האָט מיך באַשיצט פון זון און רעגן.

שָׁעהנלאַנג פלעג איך מיר ליגן אינם ביידל און קוקן אויף די בלעטער פון ביימל, וואָס זיינען פאַר מיינע אויגן געוואַקסן און זיך אַנטוויקלט פון טאָג צו טאָג.

איינמאָל האָבן מיך די עלטערן אָן אויסגעפוצטן אַוועקגעפירט אין טעאַטער. דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן. לויט דעם ערשטן איינדרוק, וואָס דאָס טעאַטער מיטן עולָם האָט געמאַכט אויף מיר, איז שווער געווען צו טרעפן, אַז איך וועל אַמאָל זיין אַ דיכטער. מיינע עלטערן האָבן מיר שפעטער דערציילט, אַז ווי נאָר איך בין אַריין אין זאַל, האָב איך אויסגעשריען:—אָ, ווען איך האָב אַזוי פיל פעסלעך פוטער, וויפיל מענטשן עס זיינען דאָ פאַראַן, אָט וואָלט איך דאָס אַ ביסל צוגעביסן!״

דאָס טעאַטער איז אינגיכן געוואָרן ביי מיר דאָס באַליבטסטע אָרט. גיין אַהין האָט זיך מיר אָבער איינגעגעבן ניט מער ווי אַ פּאָר מאָל פאַרן גאַנצן ווינטער. האָב איך זיך דאַן גענומען שאַפן אַ טעאַטער אַליין פאַר זיך. איך האָב זיך באַפריינדעט מיטן אַפישן־טרעגער און ער פלעגט מיר אַלע טאָג שענקען אַן אַפיש. איך פלעג נעמען די אַפיש, אַוועקזעצן זיך מיט איר ערגעץ אין אַ ווינקעלע, לייענען די נעמען פון די אַרטיסטן און פון דער פאָרשטעלונג און אַזוי קוקנדיק אויף די אותיות אויסטראַכטן גאַנצע קאָמעדיעס.

האַנס קריסטיאַן אַנדערסען.





# דאָס העסלעכע קאַטשערל.

## א.

גוט איז געווען אונטער דער שטאָט! ס׳איז זומער=לעב געווען. דאָס קאָרן האָט שוין געלן אָנגעהויבן, דער האָבער איז שוין גרין געוואָרן, דאָס היי שוין אין הויפנס צענויפגעלייגט געווען. איבער דער גרינער לאָנקע האָט דער לאַנגפיסיקער בושל ארומגעשפּאַצירט און אויף מצרים=לָשון געפּלאַפּלט,—די שפּראַך האָט ער זיך ביי זיין מוטער אויסגעלערנט. הינטער די פעלדער און לאָנקעס האָבן זיך גרויסע וועלדער, מיט טיפע אָזערעס געצויגן! יאָ, גוט איז אונטער דער שטאָט געווען! פונקט אַנטקעגן דער זון איז אַן אַלטער פריצישער מאַיאָנטעק געלעגן, מיט טיפע וואַסער=קאַנאַלן אַרומגערינגלט; אַרום דער געביידע הארט ביזן וואַסער האָט דער ווינט=בלאַט געוואַקסן, און אַזאַ הויכער, אַז קליינע קינדער האָבן אונטער זייגע העכסטע בלעטער זיך געקאָנט אַוועקשטעלן.

אין דער סאַמע געדיכטעניש פון ווינט=בלאַט איז אויך אַזוי פאַרוואָרלאָזט=פאַרווילדעוועט געווען, ווי אין אַ געדיכטן וואַלד. און אָט דאָרטן איז אַ קאַטשקע אויף אייער געזעסן. געזעסן איז זי שוין לאַנג, און ס׳איז איר שוין גענוג נִמאָס געוואָרן דאָס זיצן,—קיינער איז צו איר ניט געקומען געוואָר ווערן; די אַנדערע קאַטשקעס איז פיל אָנגענעמער געווען איבער די קאַנאַלעכלעך אַרומצושווימען, איידער אין ווינט=בלאַט זיצן און מיט איר צו גאַוויאַגען.

לסוף האָבן די איי=שאָלעכצלעך שוין געפּלאַצט—פּי! פּי!—האָט זיך אַרויסדערהערט פון זיי—די איי=געלעכלעך האָבן אויפגעלעבט און האָבן פון די שאָלעכצלעך די נעזעלעך אַרויסגעשטעקט.

— לעבעדיק! לעבעדיק!—האָט זיך די קאַטשקע צעגאַוויאַגעט, און די קאַטשקעלעך האָבן זיך אונטערגעאַיילט, זיך ווי=ניט=ווי אַרויסגעקראַטשקעט, אָנגעהויבן זיך אַרומצוקוקן און באַטראַכטן די גרינע בלעטער פון ווינט=בלאַט. די מוטער האָט זיי ניט געשטערט — די גרינע שיין איז גוט צו די אויגן.

—ווי גרויס די וועלט איז!—האָבן געזאָגט די קאַטשקעלעך. אַוודאי! איצט איז פאַר זיי אַ סך מער אָרט געווען, ווי דעמאָלט, ווען זיי זיינען אין די איי־שאָלעכצלעך געלעגן.

—און איר מיינט, אַז דאָס איז זי שוין אינגאַנצן, די וועלט?—האָט געזאָגט די מוטער—ניין! זי גייט אַוועק ווייט־ווייט, אַזש אַהין, אויף הינטערן סאָד, אין גלחס פעלד אַריין! אָבער דאָרט בין איך נאָך, זינט איך לעב, נישט געווען!... נו, וואָס, אַלע זיינט איר דאָ דאָ?— און זי איז אויפגעשטאַנען.—אַך, ניין, ניט אַלע! סאַמע דאָס גרעסטע איי איז אינגאַנצן גאַנץ געווען! וועט שוין אַמאָל צו דעם אַן עק נעמען? ס'האָט מיר שוין דערעסן, כ'לעבן!

און זי האָט זיך ווייטער אַוועקגעזעצט.

—נו, וואָס הערט זיך?—האָט געפרעגט ביי איר אַן אַלטע קאַטשקע, וואָס איז געקומען צו איר צו גאַסט.

—איין איי איז נאָך אַלץ גאַנץ!—האָט געזאָגט די יונגע קאַטשקע.—איך זיץ און זיץ, און ס'קומט גאָרנישט אַרויס. גיב נאָר אָבער אַ קוק אויף די איבעריקע! פּשוט אַ פריידי! שרעקלעך אין פאָטער געראָטן! און ער, דער טויגעניכטס. דער אַזוינער, האָט מיך נאָך איין מאָל נישט באַזוכט אַפילו!

—שטעל זיך נאָר אויף, לאָמיך נאָר אויפן איי אַ קוק טאָן!—האָט געזאָגט די אַלטע קאַטשקע,—מעגלעך, אַז דאָס איז גאָר אַן אינדיטשקע־איי! מיך האָט מען אויך אַמאָל אָפּגענאַרט! נו, האָב איך זיך אָנגעמוטשעט, אַז איך האָב די אינדיקלעך אויסגעפירט! זיי האָבן שרעקלעך פאַרן וואַסער מורא; האָב איך עס געקראַקעט און געשריגן, און אין וואַסער געשטופּט זיי — און זיי — נישט פון אָרט! אַנו, לאָז מיך נאָר אויפן איי אַ קוק טאָן; ווי געטראָפן! אַן אינדיטשקעס! וואַרף עס אַוועק און גיי לערן די איבעריקע שווימען!

—איך וועל שוין נאָך אַ ביסעלע זיצן!—האָט געזאָגט די יונגע קאַטשקע.—אַזוי פיל געזעסן, דאַרף מען שוין נאָכאַביסעלע זיצן.

—ווי דו ווילסט זיך!—האָט געזאָגט די אַלטע קאַטשקע און זיך אַוועקגעגאַנגען.

לסוף האָט אויך די שאָלעכץ פונם סאַמע גרעסטן איי געפּלאַצט — פּי! פּי!—און פון דאָרטן האָט זיך אַ גרויס און זייער נישט קיין שיין יונג־פייגעלע אַרויסגעפּיקט. די קאַטשקע האָט דאָס באַטראַכט.— אַ שרעקלעך גרויס!—האָט זי געזאָגט.— און גאָר נישט צו די איבעריקע ענלעך! זאָל דאָס אַ סבֿרא אַן אינדיקל זיין! נו, אין וואַסער וועט עס ביי מיר מוזן גיין, ס'זאָל מיר אַפילו אויסקומען דאָס אַהין מיט געוואַלד אַריינצושטויסן.

ב.

אויפן צווייטן טאָג איז דער אינדרויסן אַ וווּנדערלעכער געווען! דער גריגער ווינט בלאַט איז אינגאַנצן מיט זון פאַרגאָסן געווען. די קאַטשקע האָט זיך מיטן גאַנצן הערטל אירן צום קאַנאַל אַוועקגעלאָזט.— בול־טייך!—און די קאַטשקע איז אין וואַסער אַריין.

—נאָך מיר! לעבעדיק!—האָט זי גערופן די קאַטשקעלעך, און אויך יענע האָבן איינס נאָכן אַנדערן אין וואַסער זיך אַריינגעבולבעט.

צום אַלעם ערשטן איז דאָס וואַסער זיי איבער די קעפּעלעך אַריבער, אָבער

באַלד דערנאָך האָבן זיי זיך אַרויסגעקעפּלט און אַוועקגעשווומען. און אַזוי, אַז ס אַ חיוה
געוועזן. די לאַפּקעלעך ביי זיי האָבן אַזוי געאַרבעט, אַזוי געאַרבעט: דאָס נישט־שיינע
קאַטשקעלע, דאָס גראָע איז פון די איבעריקע נישט אָפּגעשטאַנען.

— וואָס־זשע פאַר אַן אינדיקל איז דאָס? — האָט געזאָגט די קאַטשקע. — ווי ער
אַרבעט עס מיט די לאַפּקעס אַביסל, ווי גלייך ער האַלט זיך! ניין, דאָס איז אַן איי־
גענער זון מיינער! ער איז אויך גאָרנישט אַזוי מיאוס, אַז מ׳קוקט זיך אין אים גוט
איין! נו, לעבעדיקער! גאָך מיר! איך וועל אייך באַלד אין אַ געזעלשאַפט אַריינפירן, —
מיר וועלן זיך אויפן עופות־הויף אַוועקלאָזן, נאָר האַלט זיך לעבן מיר, מ׳זאָל קיינער
אויף אייך נישט אָנטרעטן, און היט זיך פאַר קעץ!

באַלד האָבן זיי זיך צום עופות־הויף דערקליבן. טאַטע־פאָטער! וואָס פאַר אַ רעש
און ליאַרים דאָרט איז געווען! צוויי משפּחות האָבן זיך פאַר איין שלייען־קעפּל
געשלאָגן, און לסוף פון אַלע סופ׳ן איז דאָס צו דער קאַץ אַריינגעפאַלן.

— אָט, ווי אויף דער וועלט פירט זיך! — האָט געזאָגט די מוטער און
מיטן צינגל דאָס פּיסקל זיך באַלעקט, — איר האָט זיך זייער געוואָלט פונם שלייען־
קעפּל פאַרזוכן. — נו, נו, צעגייט זיך נאָר מיט די לאַפּקעלאַך! — האָט זי געזאָגט צו די
קאַטשקעלעך. — צעגאַוויאַגעט זיך און פאַרנויגט זיך נאָר פאַר דער אַלטער קאַטשקע
דאָרט! זי איז דאָ די באַוווּסטסטע פון אַלע, פון הישפּאַניע שטאַמט זי, און דערפאַר
איז זי אַ פעטע אַזאַ, נו, לעבעדיקער! האַלט־זשע ניט די לאַפּקעס אינײנעם! אַ וווּיל
דערצויגן קאַטשקעלע דאַרף האַלטן די לאַפּקעלעך צענומען, און זיי איבערקערן אויף
פאַרקערט, אַזוי ווי דער טאַטע און די מאַמע. פאַרנויגט־זשע זיך און גאַוויאַגעט!

האָבן זיי טאַקע אַזוי געטאָן, אָבער די אַנדערע קאַטשקעלעך האָבן אַרומקוקנ־
דיק זיי, אַזוי געזאָגט:

— אָט האָסטו דיר! טאָמער איז דיר ווייניק געווען, נאָך אַ נייע מחנה! און איינער
דאָרט, וואָס פאַר אַ העסלעכער! אים וועלן מיר שוין גאָרנישט פאַרליידן!

— און באַלד איז איינע אַ קאַטשקע אונטערגעשפּרונגען און האָט אים אין האַלז
אַ פּיק געטאָן.

— לאָזט אים אָפּ! — האָט געזאָגט די קאַטשקע־מוטער, — ער האָט דאָך אייך גאָר־
נישט ניט געטאָן!

— זאָל זיין, אַז גאָרנישט, אָבער ער איז דאָך אַזאַ גרויסער און אַזאַ מאָדנער! —
האָט געענטפערט די שלעגערין. — מ׳דאַרף אים אָנלייגן אַ ביסל.

— ווילע קינדער ביי דיר! — האָט געזאָגט די אַלטע פעטע קאַטשקע, — אַלע
זייער פייגינקע, אויסער נאָר איינעם... דער האָט זיך נישט איינגעגעבן! מ׳וואָלט אים
באַדאַרפט איבערמאַכן!

— ס׳איז אוממעגלעך, אייער עקסעלענץ! — האָט געענטפערט די קאַטשקע־מוטער. —
ער איז נישט קיין שיינער, דערפאַר אָבער איז ביי אים אַ האַרץ אַ גוטס, און שווימען
שווימט ער ניט ערגער, איך דערוועג זיך אַפילו צו זאָגן, אויך בעסער פון אַנדערע.
איך רעכן, אַז ער וועט אונטערוואַקסן, וועט ער שענער ווערן, און מיט דער צייט
אויך קלענער ווערן. ער איז זיך אין איי פאַרלעגן, דערפאַר האָט ער זיך נישט איינ־
געגעבן אינגאַנצן.

— און זי האָט מיט איר גנזל איבער די פעדערלעך פונם גרויסן

קאַטשקעלע אַ פיר געטאָן.—און אויסער דעם איז ער אַן „ער“, אַ קאַטשערל, אַזוי, אַז די שיינקייט זיינע איז דאָך נישט איבעריק נויטיק.

—די איבעריקע קאַטשקעלעך זיינען זייער פיינינקע!—האָט געזאָגט די אַלטע קאַטשקע. גו, פירט=זשע זיך היימיש, און אויב איר וועט אַ שלייען=קעפּל געפינען, קאָנט איר עס צו מיר ברענגען.

## ג.

און אָט האָבן זיי זיך אָנגעהויבן היימיש פירן. אָבער דאָס אומגליקלעכע קאַטשערל, וואָס האָט זיך אויסגעפּיקט שפּעטער פון אַלע, איז אַזאַ העסלעכס געווען. האָט מען דאָס געפּיקט, געשטופּט און מיט שפּאָטערייען באַשאָטן, אַלע אָן אויסנאַם, אי די הענער, אי די קאַטשקעס.

— ער איז אומגעלומפּערט גרויס!—האָבן אַלע געזאָגט. און דער אינדיק, וואָס איז געבוירן געוואָרן מיט שפּאָרן אויף די פיס און האָט זיך דערפאַר פאַר אַ קייסער געהאַלטן, האָט זיך אָנגעבלאָזן און איז ווי אַ שיף מיט אַלע זעגלען צום קאַטשערל צוגעשפּרונגען, האָט דערויף אַ קוק געטאָן, און איבער=ברוגז עפּעס צו באַלעבעטשען אָנגעהויבן: דאָס קאָפּ-קרוינדל האָט זיך ביי אים איינגאַנצן מיט בלוט אָנגעגאָסן.

און נאָך וואָס, טאָמער ווייסט איר, האָט עס באַדאַרפט אַזאַ העסלעכס געבוירן ווערן, אַ שפּאָט=ציל פאַרן גאַנצן עופות=הויף!

אַזוי איז פאַרגאַנגען דער ערשטער טאָג, דערנאָך איז נאָך ערגער געווען. אַלע האָבן דאָס געיאָגט, דאָס שלימַזלדיקע, אַפילו די שוועסטער און ברידער פלעגן אים ברוגז זאָגן: „הַלוואַי וואָלט די קאַץ דיך פאַרשלעפּט, דו אומדערטרעגלעך פאַרזעעניש!“ און די מוטער פלעגט צוגעבן: „וואָלטן דיך מיינע אויגן כאָטש ניט געזען!“ און די קאַטשקעס האָבן דאָס געפּיקט, די הינער געצופּט, און דאָס מיידל, וואָס פלעגט די עופות עסן געבן, האָט דאָס מיטן פוס געשטויסן. האָט דאָס קאַטשערל דאָס נישט אויסגעהאַלטן, איז דאָס דעם הויף איבערגעלאָפן און — איבערן פּלויט אַריבער! קליינע פייגעלעך זיינען דערשראָקן פון די קוסטעס זיך צעפלויגן.

— דאָס האָבן זיי זיך עס פאַר מיר דערשראָקן, אַזאַ העסלעכער בין איך!—האָט זיך געטראַכט דאָס קאַטשערל און האָט זיך מיט פאַרטראַכטע אויגן ווייטער אַוועקגע־לאָזט, ביז ער האָט אין זומפּ געטראָפן, דאָרט, ווו די ווילדע קאַטשקעס האָבן געוווינט.

אַ מידער און אַ טרויערדיקער איז ער דאָרט די גאַנצע נאַכט איבערגעזעסן.

אינדערפרי זיינען די קאַטשקעס פון די נעסטן אַרויסגעפלויגן און דעם נייעם חַבֵר דערזען.

— ווער ביסטו?—האָבן זיי געפרעגט, און דאָס קאַטשערל האָט זיך געדרייט, אויף אַלע זייטן, זיך פאַרנויגט ווי ער האָט נאָר געקאָנט.

— ביסט שרעקלעך העסלעך!—האָבן געזאָגט די ווילדע קאַטשקעס. — אָבער ס'איז נישט אונזער עֵסק, דו זאָלסט נאָר נישט טראַכטן מיט אונז זיך מְשַדך צו זיין.

שלימַזלדיקס! ווי האָט דאָס גאָר געקאָנט טראַכטן פון אַזוינס! גענוג, מ'זאָל אים נאָר ערלויבן דאָ אין טשערעט צו זיצן און זומפּ=וואַסער צו טרינקען!

## ד.

ס'איז דער האַרבסט אָנגעקומען; די בלעטלעך אויף די ביימער זיינען טייל שוין געל געוואָרן און טייל אַ ברוין־קאָליר באַקומען; דער ווינט האָט זיי אונטערגע־כאַפּט און האָט זיי אין דער לופט געדרייט; אויבן, אין הימל, איז אַזוי קאַלט געוואָרן, אַז די שווערע וואָלקנס האָבן מיט האָגל און מיט שניי געשאָטן. און אויפן גאָרטן איז די קראָע געזעסן און פון קעלט מיט פולן גאָרגל געקראַקעט: ברר! מ'קאָן דער־פרוירן ווערן, זיך נאָר דערמאָנענדיק אָן אַזאַ קעלט!

שלעכט איז דעם אָרימען קאַטשערל געוואָרן.

איינמאָל אויף דער נאַכט, ווען די זון האָט נאָך אַזוי וויל אין הימל געשיינט, האָט זיך פון הינטער די קוסטעס אַרויס אַ גאַנצע מַחֲנֶה וווּנדערלעכע און גרויסע פויגלען אויפגעהויבן. דאָס קאַטשערל האָט זינט סע לעבט אַזוינע פויגלען נאָך נישט געזען: אַלע זיינען זיי ווייס ווי שניי געווען און מיט לאַנגע בויגעווד יקע העלדזער, דאָס זיינען שוואַנען געווען. זיי האָבן עפּעס אַ מאָדנע געשריי אַרויסגעלאָזט. זיי האָבן מיט די פּרעכטיקע גרויסע פליגלען אַ מאַך געטאָן, און זיינען פון די קאַלטע לאַנקעס אין די וואַרימע קאַנטן, וואָס פון יענער זייט בלאָען ים, אָפּגעפלויגן. זיי האָבן זיך אויפגעהויבן הויך־הויך, און דעם אָרימען קאַטשערל האָט עפּעס אַ מאָדנע אויפרעגונג אַרומגעכאַפּט. ער האָט זיך אין וואַסער, ווי אַ דריידל דרייען גענומען. ער האָט דעם האַלדז אויסגעצויגן און אויך אַזאַ הויך און מאָדנע געשריי אַרויסגעלאָזט, אַז ער האָט זיך אַליין דערשראָקן. די וווּנדערלעכע פויגלען זיינען אים פון קאָפּ נישט אַרויס, און ווען זיי זיינען שוין אינגאַנצן פון אויג פאַרשוווּנדן האָט ער זיך ביז צום סאַמע טייך־גרונט אַראָפּגעטוקט. צוריק אַרויס אַרויף, און ווי עפּעס אויסער זיך געווען. דאָס קאַטשערל האָט נישט געוווּסט, ווי מ'רופט זיי, יענע פויגלען, אָבער ליב געקריגן האָט ער זיי, ווי ער האָט נאָך ביז אַהער קיינמאָל קיינעם נישט ליב געהאַט. ער האָט זיי נישט אויף זייער ש'ינקייט מקַנֵא געווען, ס'איז אים אַפילו אויפן זינען נישט געקומען, ער זאָל וועלן צו זיי ענלעך זיין; ער וואָלט זיך באַנוגנט דערמיט, אַז כאָטש די קאַטשקעס זאָלן אים פון זיך נישט אָפּשטויסן. אָרים קאַטשערל העסלעכס!

און אַ ווינטער איז געווען אַ קאַלטער, זייער אַ קאַלטער. דעם קאַטשערל איז אויסגעקומען אָן אויפהער אין וואַסער אַרומצושווימען, ער זאָל דאָס נישט לאָזן איינ־פרירן אינגאַנצן; ס'האָט אַזאַ פראָסט גענומען, אַז די אייז־שטיקער האָבן אַזש טרעשטשען גענומען. דאָס קאַטשערל האָט כּסֵדר מיט די לאַפּקעלעך געאַרבעט, אָבער לסוף איז דאָס אָן כּח געבליבן, האָט זיך דאָס אָפּגעשטעלט און איז אינגאַנצן אַרומגע־פרוירן געוואָרן.

גאַנץ פריאַאיז דאָרט נאָענט דערביי אַ פּויער דורכגעגאַנגען. האָט ער דאָס צו־געפרוירענע קאַטשערל דערזען, האָט ער דאָס אייז מיט זיין הילצערנעם שוך צעקלאַפּט און דאָס עוף אַהיים צו זיין ווייב געבראַכט. דאָס קאַטשערל האָט זיך דערוואַרימט.

נאָר אָט האָבן אָבער די קינדער פאַרטראַכט זיך מיט אים אַ שפּיל צו טאָן. האָט דאָס קאַטשערל געמיינט, אַז זיי ווילן אים באַליידיקן, האָט זיך עס פון שרעק גלייך צו דער טיר געוואָרפן. די טיר איז אָפן געשטאַנען. איז דאָס קאַטשערל אַרויסגעלאָפן,

און איז אין די קוסטעס אַריין, גליַיך אויפן פרישן שניי, און לאַנג=לאַנג דאָרט קמעט אָן אַ סימן לעבן געלעגן.

## ה.

ס׳וואָלט שוין גאָר=גאָר טרויעריק געווען צו באַשרייבן די אַלע שלעכט=טרעפעני׳שן וואָס האָבן זיך דעם קאַטשערל פאַר דער צייט פונם בייזן ווינטער געטראָפן. דערפאַר אָבער, ווען די זון האָט ווידעראַמאָל די ערד מיט אירע וואַרימע שטראַלן דערוואַרימט, האָט זי דאָס קאַטשערל אין זומפ און אין אָטשערעט ליגן דערזען. ס׳האָבן די שפּיל=פויגלען צו זינגען אָנגעהויבן. ס׳איז זומער=לעב געקומען.

דאָס קאַטשערל האָט מיט די פליגלען אַ פאָכע געטאָן און פליען אָנגעהויבן. איצט האָבן זיינע פליגלען גערוישט און זיינען אַ סך שטאַרקער ווי פריער געווען. ־אָט קאַטשערל האָט זיך נאָך נישט באַוויזן צו באַדענקען, ווי ס׳האָט זיך אין אַ גרויסן סאָד שוין געטראָפן. די עפּל=ביימער זיינען אַלע אין בליטן אָנגעטאָן געשטאַנען. דער שמעקנדיקער בעז האָט זיינע לאַנגע, גרינע צווייגן איבער אַ שלענגלענדיקן קאַנאַל איבערגעבויגן.

אַך, ווי גוט ס׳איז דאָ געווען! ווי ס׳האָט מיט פרילינג געשמעקט! פלוצלים זיינען פון דעם אָטשערעט=געדיכטעניש דריי ווונדערלעכע ווייסע שוואַנען אַרויסגע=שווומען. זיי זיינען אַזוי גרינג און שוועבנדיק געשווומען, גלייך ווי זיי וואָלטן זיך געגליטשט איבערן וואַסער. דאָס קאַטשערל האָט די שיינע פויגלען דערקענט, און אים האָט עפּעס אַ מאָדנער טרויער אַרומגעכאַפּט.

— איך וועל אַ פלי טאָן צו אָט די מלכותדיקע פויגלען; זיי וועלן מיך געוויס דערהרגענען פאַר מיין העזה, דערפאַר, וואָס איך, אַזאַ העסלעכער, האָב זיך דערוועגט צו זיי צו דערנענטערן. אָבער לאָזן זיי! בעסער דערהרגעט ווערן פון זיי, איידער איבערטראָגן דאָס צופּן זיך פון די קאַטשקעס און די הינער, דאָס שטויסן זיך פון דער עופות=באַדינערין, און איידער צו ליידן קעלט און הונגער אום ווינטער.

און דאָס קאַטשערל איז אין וואַסער אַריינגעפלויגן און אַנטקעגן די שוואַנען=שיינהייטן געשווומען. און זיי, אים דערזעענדיק, האָבן זיך אויך צו אים אַנטקעגן געלאָזט.

— הרגעט מיך! — האָט געזאָגט דאָס אומגליקלעכע און ס׳האָט דעם קאָפּ אַראָפּ=געלאָזט, אויפן טויט וואַרטנדיק. אָבער וואָס האָט דאָס דערזען אין דעם וואַסער, אין דעם, ווי שפּיגל, ריינעם? זיין אייגן בילד. אָבער דאָס איז שוין נישט קיין העסלעך=גראָלעכער פויגל געווען, נאָר — אַ שוואַן!

ס׳איז קיין אומגליק נישט אויף דער וועלט פון אַ קאַטשקע=נעסט אַרויסצוקומען, אַבי נאָר מ׳האָט זיך פון אַ שוואַנע=איי אויסגעפּיקט.

איצט איז ער צופרידן געווען, וואָס ער איז אַזוי פיל צרות און אומגליק אויס=געשטאַנען, ער האָט איצט בעסער געקאָנט אָפּשאַצן זיין גליק און גאָר=די=פראַכט, וואָס האָט אים אַרומגערינגלט. די גרויסע שוואַנען זיינען אַרום אים אַרומגעשווומען און האָבן אים געצערטלט, מיט די פּיסקעס זיינע פעדערלעך געגלעט.

אין סאָד אַריין זיינען קליינע קינדער געקומען צו לויפן. זיי האָבן די שוואַנען ברויט=ברעקלעך און זוימען=קערנדלעך וואַרפן אָנגעהויבן, און סאַמע דער קלענסטער פון די קינדער האָט אויסגעשריען:

— אַ נייער! אַ נייער!

און אַלע איבעריקע האָבן אונטערגעכאַפּט: יאָ, אַ נייער! אַ נייער! — האָבן זיי מיט די הענטלעך געפּלעסקעט און פאַר פרייד אונטערגעטאַנצט. נאָכדעם זיינען זיי נאָך דעם טאַטן און נאָך דער מאַמען אַוועקגעלאָפן און האָבן ווייטער אין וואַסער ברויט-ברעקלעך און קיכעלעך-שטיקעלעך געוואָרפן. אַלע האָבן געזאָגט, אַז דער נייער איז דער שענסטער פון אַלע. אַזאַ יונגער, און אַזאַ היותדיקער.



און די אַלטע שוואַנען האָבן פאַר אים די קעפּ געבויגן.

און ער האָט זיך גאָר פאַרלוירן און האָט דעם קאָפּ אונטער דעם פליגל באַהאַלטן, נישט וויסנדיק אַליין פאַרוואָס. ער איז איבערפולט גליקלעך געווען, אָבער אויף אַ האָר זיך נישט גרויס געהאַלטן — דאָס גוטע האַרץ ווייס פון קיין גדלות נישט — ער האָט געדענקט יענע צייט, ווען אַלע האָבן אים געיאָגט און פאַראַכט. און איצט זאָגן אַלע, אַז ער איז דער שענסטער צווישן די שענסטע! דער בעז האָט צו אים זיינע שמעקעדיקע צווייגן אַראָפּגעבויגן, די זון האָט אַזוי ווויל אַריינגעשיינט... און אָט האָבן זיך זיינע פליגלען צערוישט, דער שטאַלטנער האַלדז האָט זיך אויסגעגלייכט, און פון דער ברוסט האָט זיך אַ זיג-פרייד-געשריי אויסגעריסן:

— ניין, פון אַזאַ גליק האָב איך גאָרנישט געחלומט אַפילו, ווען איך בין נאָך אַ העסלעך קאַטשערל געווען!

האַנס קריסטיאַן אַנדערסען.

# געשטאָרבן די מאַמע.

די מאַמע געשטאָרבן? — חברה קליינוואַרג האָבן דאָס מער געפילט ווי פאַרשטאַנען — און עס האָט זיי ווי געטאָן שטאַרק-שטאַרק!

אמת, זייער מאַמע איז ניט געווען אַזאַ ווייכע, אַזאַ צוגעלאָזטע, ווי אַנדערע מאַמעס, אמת, מע פלעגט כאַפּן פון איר אָפטע פעטש, סטוסאַקעס און בורטשעצעס — „קינדער זאָלן ניט זיין קיין נאַשערס און ניט ווערלן נאָך! קינדער זאָלן ניט האָבן קיין טבע זיך פּלאָנטערן פאַר די פיס! קינדער זאָלן ניט ליב האָבן שטשירען די ציין, ראַכאָטשען זיך!" דאָס האָט באַדאַרפט הייסן, אַז קינדער זאָלן ניט לאַכן.

און קינדער האָבן דרוקָא געלאַכט, וואָרים ווי קאָן מען ניט לאַכן, אַז עס לאַכט זיך? אַזאַ געלעכטער האָט זיי געקאָסט טייער. זיי האָבן באַצאָלט מיט אָנגעריסענע אויערן און מיט אויפגעלאָפענע באַקן פון דער מאַמעס קליינע, נאָר שטאַרקע הענטלעך, וואָס לאָזן זיך פילן...

איצט אָבער האָבן דאָס קליינוואַרג פאַרגעסן. פאַרגעסן די פעטש מיט די קולאַקעס, מיט די סטוסאַקעס און פאַטילעטשניקעס, און דערמאָנט זיך בעסער ווי די מאַמע פלעגט אַריינלייגן די האַנט אין קעשענע זוכן פאַר יעדן קינד אַ גראָשן, ווי די מאַמע פלעגט זיי איינגעבן אַלע ראש־חודש ווערימקרויט מיט האָניק, ווי די מאַמע פלעגט ניט אָפּטרעטן פון בעט, אַז אַ קינד האָט זיך אַוועקגעלייגט, ווי דער מאַמעס קליין הענטל האָט געטאַפּט ביים קאָפּ, געהאַלטן ביים דופּק, געגלעט די בעקלעך, ווי די מאַמע האָט גענייט אַלע ערבֿ־יום־טובֿ מלבושימלעך פאַר די קינדער. ווי די מאַמע פלעגט אַלע ערבֿ־שבת צוואָגן די קעפּלעך, ווי די מאַמע האָט געלאַכט פּסח ביים סדר, אַז קינדער האָבן זיך אָנגעשיכורט פונם אַרבע־כוסות־וויין און נאָך, נאָך זאַכן האָבן די קינדער דערמאָנט זיך, געלעגן יעדער באַזונדער איינגעגראָבן מיט די פּנימער אין די קישנס און צעגאַנגען געוואָרן פאַר געוויין... אָבער נאָך גרעסער און שטאַרקער איז געוואָרן דער געוויין, אַז זיי האָבן דערהערט דעם טאַטן וויינען — אַ טאַטע זאָל גאָר וויינען — און אַז זיי האָבן דערהערט, ווי די באָבע מינדע יאָמערט און קלאָגט און טענהט זיך אויס מיטן רבונו־של־עולם:

„פאַרוואָס האָט ער ניט צוגענומען בעסער זי, די באָבע מינדע, איידער אַזאַ יונג צווייגעלע, אַ מאַמע פון, קיין עין־הרע, אַזויפיל עופעלעך"... פּלוצלונג עפנט זיך די טיר און ווי אַ ווירבער רייסט זיך אַריין אין שטוב דער פעטער פּיני מיט זיינע צוויי זין גלייך פון אַלטן בית־המדרש — מיט אַ ברייטן גוט־שבת. דערזעען, ווי דער עולם וויינט און קלאָגט און יאָמערט — אַז ער צעשרייט זיך ניט אויף אַ קול און צעבייזערט זיך אויפן טאַטן און אויף דער באָבע מינדין: „וואָס איז דאָס? אום שבת וויינט איר? רשעים! גזלנים! וואָס טוט איר עס? איר זייט משוגע! צי חסר־דעה? צי איר האָט פאַרגעסן, אַז מיר האָבן היינט שבת, און שבת טאָר מען ניט וויינען?! נחום, וואָס טוסטו? מע טאָר ניט — ס'איז שבת! וואָס ס'זאָל ניט זיין — איז שבת בילכער!..." און אַליין האָט זיך דער פעטער שוין אָפּגעקערעוועט אויף אַ זייט, כלומרשט אויסגעשנייצט די נאָז, מחילה, נאָר אין איינוועגס געכאַפּט אַ קוק מיט איין אויג אַהין, וווּ די מאַמע ליגט אָן איבערגעדעקטע מיט שוואַרצן,

האָט ער אויסגעווישט אויף גיך די אויגן, מע זאָל ניט זען, אַז ער וויינט, כאָטש אין קול גופֿא האָבן זיך געלאָזט הערן טרערן און גע־רעדט האָט ער שוין אַביסל ווייכער.

„פאָלג מיר, נָחום, גענוג! דו נעמסט אויף זיך צופיל!... נו, גענוג שוין! מע טאָר ניט—ס'איז שַבָּ..."

דער פעטער פיני האָט נישט געקאָנט אַרויסריידן דאָס וואָרט „שַבָּת", וואָרים די טרערן, וואָס ער האָט די גאַנצע צייט געשלונגען, האָבן זיך אים אַוועקגעשטעלט אין האַלדז, האָט ער ניט געקאָנט מער כּאַהערשן זיך, איז ער צוגעפאַלן צום טיש אויף דער לינקער האַנט און האָט זיך צעוויינט ווי אַ קליין קינד, און אויסגערופן אויף אַ דין קול: „חַיָה־אֶסתֵּר! חַיָה־אֶסתֵּר!..."

שלום־עליכם.



*

היינט איז טאָג אויף לינקער זייט
ברוגז אויפגעשטאַנען,
גייט אַ הענדל אום און שרייט —
זון איז ניט פאַראַנען.

האָט געשלעפּט זיך טאָג אין טרויער,
פֿרַיי געלייגט זיך שלאָפן,
מורמלט ווינטל בוים אין אויער:
זון ביינאַכט אַנטלאָפן.

י. דאָברושין.



# דאָס ליד פון בלויען ליין.

אויף די פליגלען קומט דער ווינט.

— ווינט, ווו ביסטו דאָס געוועזן?
— כ׳בין אויף פעלדער דאָס געוועזן.
— ווינט, וואָס האָסטו דאָרט געזען?
— בלויען ליין האָב איך געזען.
פאַר דעם העלן בלויען שיין,
פון דעם אָוונט־שטערן
זיפצט און וויינט דער בלויער ליין
און ער נייגט זיך, בייגט זיך איין:
„וואָס וועט פון מיר ווערן?"
שיינט דער אָוונט־שטערן:
„דו וועסט ווערן לייוונט.

אויף די פליגלען קומט דער ווינט.

— ווינט, ווו ביסטו דאָס געוועזן?
— כ׳בין ביי פענסטער דאָס געוועזן.
— ווינט, וואָס האָסטו דאָרט געזען?
— באָבעס האָב איך דאָרט געזען.
פאַר דעם שפּינראָד זיצן זיי
ביז דעם מאָרגנשטערן:
„דריי זיך, רעדל, דריי זיך, דריי,
זאָל פון ליין ווי ווייסע שניי
ווייסער לייוונט ווערן".
שיינט דער מאָרגנשטערן—
ער זאָל ווערן ווייסער.

אויף די פליגלען קומט דער ווינט.

— ווינט, ווו ביסטו דאָס געוועזן?
— כ׳בין אין הייזער דאָס געוועזן.
— ווינט, וואָס האָסטו דאָרט געזען?
— מאַמעס האָב איך דאָרט געזען.
ביי די וויגן בלייך און מיד
פאַרן שפּעטן שטערן
זינגען זיי: עס פירט אַ ייד
ווייסן לייוונט פון יריד.
מאַמעס, שערט מיט שערן!
נייט ביים שפּעטן שטערן
העמדלעך פאַר די קינדער.

אויף די פליגלען קומט דער ווינט.

— ווינט, ווו ביסטו דאָס געוועזן?
— כ׳בין אין גאַסן דאָס געוועזן.
— ווינט, וואָס האָסטו דאָרט געזען?
— קינדער האָב איך דאָרט געזען.
פאַר דעם ערשטן ווייטן שיין
פון דעם ערשטן שטערן
זינגען קינדער: „ליין, ליין, ליין,
זאָל אויף דיר די בְּרָכָה זיין,
אַז דו זאָלסט זיך מערן!"
און ביים ערשטן שטערן
טאַנצן ווייסע העמדלעך.

מאני לייב.



# דער טויטער אֶתרוג.

## א.

מיין טאַטע „משֶה יַענקל דער נֶאמָן” איז אַ קאַסירער. ער באַקומט געהאַלט פינפטהאַלבן קאַרבן אַ וואָך און וואַרט אויף אַ הוסָפֶה. אַז מע וועט אים געבן אַ הוסָפֶה, וועט ער, זאָגט ער, הייַנטיקס יאָר אִם־יִרצֶה־הַשֵם קויפן אַיין אֶתרוג. נאָר די מאַמע גלויבט נישט. זאָגט דער טאַטע;—„מעגסט יאָ גלויבן און נישט גלויבן, איך זאָג דיר אַז הייַנטיקן סוכּות האָבן מיר אַן אייגענעם אֶתרוג”.

געקומען אין חֶדֶר, קאָן איך זיך נישט אַיינהאַלטן און פּויק אויס, אַז הייַנטיקן יום־טוֹב וועלן מיר האָבן אַן אֶתרוג, „אַן אייגענעם אֶתרוג!” נאָר קיינער וויל מיר נישט גלויבן.

וואָס זאָגט איר אויף זיין טאַטן?—ריידן שקָצים צווישן זיך – אַזאַ כּתריליק, אַזאַ קבצן שֶבּקבצן גלוסט זיך אויך אַן אֶתרוג! ער מיינט אַפּנים ס'איז אַ לימענע, אַן עפּל פּאַר אַ גראָשן!...

ווי איבּער ראַשט אָבּער בין איך געוואָרן, ווען קומענדיק אַהיים טרעף איך רֶב הענזל דעם שוחֵט זיצן מיטן פאָטער ביים טיש און פּאַר זיי שטייט אַ קעסטל מיט אֶתרוגים, וואָס לאָזן זיך הערן מיט זייער גַן־עֶדן־רֵיחַ איבּער דער גאַנצער שטוב.

רֶב הענזל דער שוחֵט לייגט פונאַנדער די גאַנצע קראָם זיינע, קלייבּט אויס אַן אֶתרוג, טראָגט אים צו דעם טאַטן מיט צוויי פינגער און הייסט אים באַטראַכטן.

— אָט דעם אֶתרוג זאָלט איר נעמען, רֶב משֶה יענקל, וועט איר האָבן הֲנָאָה...

— אַ קאַרפּירער? פרעגט דער טאַטע און באַטראַכט דעם אֶתרוג פון אַלע זייטן ווי מע באַטראַכט אַ בּריליאַנט און די הענט ציטערן אים פּאַר פרייד.

— נאָך אַ מין קאַרפּיר ער! — מאַכט דער שוחֵט.

דער טאַטע שפּיגלט זיך אינעם אֶתרוג, שמעקט אים, קאָן זיך אָן אים ניט אָנקוקן, רופט צו די מאַמען און ווייזט איר מיט אַ גליקלעך שמייכעלע אויפן אֶתרוג ווי מע ווייזט אָן אויף אַ צירונג, אַן אֶבן־טוב אָדער ווי אויף אַ שיין טייער קינד אַ טרייסט. די מאַמע גייט צו, שטרעקט אויס די האַנט פּאַוואָלינקע, וויל נעמען דעם אֶתרוג, גיט מען איר נישט: „פּאַוואָלינקע מיט די הענט! אַ שמעק אויב דו ווילסט”... די מאַמע באַנוגנט זיך כאָטש מיט אַ שמעק, און מיר גיט מען אַפילו קיין שמעק אויך ניט טאָן! מיר לאָזט מען אַפילו ניט צו, איך זאָל ניט שטיין צו נאָענט, איך זאָל גאָרניט קוקן אַפילו, וואָרים ס'איז מסוכּן נֶפש. — שוין אָט איז ער דאָ! — זאָגט די מאַמע—אָט לאָז אים נאָר צו, בייסט ער באַלד אָפּ דעם פּיטום פון אֶתרוג!..

— לאָז גאָט היטן! — זאָגט דער טאַטע.

רֶב הענזל שענקט זיי אַביסל קלאָטשע אויף צַיינצוּוויקלען דעם אֶתרוג, און דער רֵיחַ, דער גַן־עֵדן רֵיחַ, צעגייט זיך אין אַלע ווינקעלעך... ווי אַ בּריליאַנט, ווי אַ זעלטענעם שטיין, ווי אַ טייערן פִּקָדון, וואָס מע האָט איבערגעגעבן באַהאַלטן און אָפּהיטן ווי דעם שוואַרצאַפּל פונם אויג, אַזוי האָט מען גענומען דעם שמעקעדיקן אֶתרוג, איינגעהילט אין קלאָטשע, ווי מע הילט איין אַ ציטעריק קינד אַ בֶּן־יָחידל, ס'זאָל חָלִילֶה ניט צוקילן דאָס הערצל, און מע האָט פּאַוואָלינקע אויסגעבעט און באַגלייט

אין אַ שיינע קיילעכדיקע הילצערנע, געטאָקטע, געפּאַרבטע פּושקע פון צוקער; דעם צוקער האָט מען געבעטן מחילה, און דעם אֶתרוג האָט מען אַריינגעבעטן ווי אַ ליב־הארציקן גאַסט! — בָרוך הַבָא, רֶב אֶתרוג! אַריין, אַריין אין פּושקע אַריין!...

די פּושקע האָט מען פּאַוואָלינקע צוגעדעקט מיטן דעקל, אַריינגעשטעלט אין דער גלעזערנער שאַפע, צוגעמאַכט דאָס טירל און אַ גוטן טאָג!

— איך האָב מורא, דער ווייסער חֲבֵרְהניק זאָל זיך ניט דאָביוון צו דער שאַפע חָלִילָה און נישט אָפּבייסן דעם פּיטום פונם אֶתרוג!... אַזוי טוט אַ זאָג די מאַמע נאָכ־אַמאָל און נעמט מיך פאַר אַ האַנט, שלעפּט מיך אָפּ פון דער שאַפע.

ווי אַ קאַץ, אַז זי דערשמעקט פּוטער, שפּרינגט אַראָפּ פון פּריפּעטשיק, גלייכט זיך אויס דעם רוקן, הייבט זיך אָן אַרומדרייען, רייבן זיך, קוקן איטלעכן באַזונדער אין די אויגן אַריין און באַלעקן זיך, אַזוי האָב איך געבעך אַ היפּשע צייט זיך אַרומ־געדרייט לעבן דער שאַפע, אַריינגעקוקט אינם גלעזערן טירל, געשמייכלט צו דער פּושקע מיטן אֶתרוג, אַזוי לאַנג ביז די מאַמע מיינע האָט דאָס דערזען. האָט זי אַ זאָג געטאָן דעם טאַטן, אַז דער ווייסער חֲבֵרְהניק האָט חֵשֶק זיך דאָביוען צום אתרוג און אָפּבייסן דעם פּיטום...

— אין חדר אַריין, דו שקאָץ איינער, ניט געדאַכט זאָלסטו ווערן!...

איך בייג אַיין דעם קאָפּ, לאָז אַראָפּ די אויגן און גיי אין חדר אַריין.

## ב.

די עטלעכע ווערטער וואָס די מאַמע האָט אַ זאָג געטאָן דעם טאַטן מכּוח דעם פּיטום פונם אֶתרוג זיינען געווען פאַר מיר, קען מען זאָגן, אַ סַם הַמָוֶת, אַ גיפט אין די ביינער אַריין.

פון יענער מינוט אָן האָט זיך דער „פּיטום פונם אֶתרוג" באַזעצט ביי מיר אין מוח, נישט אַרויסגעקראָכן פון מיינע געדאַנקען אויף קיין מינוט, ביינאַכט געקומען צו חָלום, געטאָרעט מיך, געשלעפּט פאַר אַ האַנט: „דו האָסט מיך נישט דערקענט, נאַרישע? דאָס בין איך, איך!..." איך קער זיך איבער אויף דער אַנדערער זייט, קרעכצע און ווער אַנטשלאָפן. טאָרעט מען מיך ווידער: שטיי אויף, נאַרישו! גיי עפן אויף די שאַפע, נעם אַרויס דעם אתרוג און בייס מיך אָפּ, וועסטו זיך מחַיֶה זיין!..."

איינדערפרי, אַז איך שטיי אויף און גיס אָפּ נעגל־וואַסער, כאַפּ איך זיך צום דאַוונען, נעם דאָס אָנבייסן מיט זיך, כאַפּ אַ קוק פאַרבייגייענדיק אַהין אין שאַפע, דורך דעם גלעזערנעם טירל, אויף דער פּושקע מיטן אֶתרוג, און עס דאַכט זיך מיר אויס, אַז די פּושקע ווינקט צו מיר, רופט צו מיר, מאַכט מיט אויגן: „אַהער!... אַהער, בָחורל!..." איך נעם די פיס אויף די פּלייצעס און מאַרש אין חדר אַריין.

איינמאָל אין אַ שיינעם פרימאָרגן, אַז איך בין אויפגעשטאַנען, האָב איך דערזען, אַז איך בין איינער אַליין, איינער אַליין אויף דער גאַנצער שטוב. דער טאַטע איז אין געשעפט, די מאַמע אין מאַרק, די דינסט פאַרעט זיך אין קיך.— „אַלע אַוועק, נישטאָ קיין לעבעדיקער מענטש!..."— טראַכט איך זיך, גיס אָפּ נעגל־וואַסער און כאַפּ אַ קוק אַהין אין שאַפע אַריין דורך דעם גלעזערנעם טירל, און דערזע די פּושקע. זי ווינקט צו מיר, רופט מיך, מאַכט מיט אויגן! „אַהער! אַהער, בָחורל!.." פּאַוואָלינקע, פּאַמעלעך גיי איך צו צו דער שאַפע, עפן אויף דאָס גלעזערנע טירל, נעם אַרויס

די פושקע, די שיינע קיילעכיקע הילצערנע געטאָקטע געפּאַרבטע פּושקע. איך עפן אויף דאָס דעקל, און איידער איך דעק נאָך אָפּ די קלאָטשע פון אֶתרוג, טוט מיר אַ זעץ אין נאָז אַריין אַ רֵיח, אַ שטאַרקער, שאַרפער רֵיח, אַ גַן־עֵדן־רֵיח! און איידער איך קוק זיך אַרום איז שוין דער אֶתרוג ביי מיר אין האַנט און דער פּיטום טוט מיר אַ שפּרונג אין די אויגן אַריין.

— ווילסט האָבן הֲנָאָה? פּילן אַ טַעם גַן־עֵדן? נעם בייס מיך אָפּ! האָב קיין מוֹרָא ניט, נאַרישו! קיינער וועט נישט וויסן, קיין בֶּן־אָדָם וועט ניט זען! קיין פויגל וועט נישט אויסזאָגן!

. . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . .

וואָס איז געווען ווילט איר וויסן? איר ווילט וויסן צי איך האָב אָפּגעביסן דעם פּיטום פונם אֶתרוג? צי איך האָב זיך איינגעהאַלטן, ניט אָפּגעביסן דעם פּיטום פונם אֶתרוג? . . . איך וואָלט וועלן וויסן, וואָס וואָלט איר געטאָן אויף מיין אָרט, ווען מע זאָל אייך אָנזאָגן צען מאָל, איר זאָלט זיך ניט דערוועגן אָפּבייסן דעם פּיטום פונם אֶתרוג? איר וואָלט גיט וועלן וויסן וואָס פאַר אַ טַעם עס האָט אַ פּיטום פון אַן אֶתרוג? איר וואָלט ניט געפאַלן אויף דער עֵצָה וואָס איך: אָפּבייסן און צוריק צו־קלעפּן מיט שפּייעכץ? איר קאָנט מיר גלויבן אָדער ניין, דאָס איז אייער זאַך, נאָר בֶּנֶאמָנות שווער איך אייך, אַז איך וויים אַליין ניט ווי דאָס איז געשען: נאָך איידער דער אֶתרוג איז געווען ביי מיר אין די הענט, איז שוין דער פּיטום געלעגן ביי מיר צווישן די ציין . . .

ג.

דעם טאָג פון עֶרֶב סוכות האָט זיך דער טאַטע געאיילט קומען פאַר פרי און האָט זיך באַשעפטיקט מיט אויסבינדן דעם לולָב, צונויפקלייבן די פיר מינים און צוגרייטן אַלצדינג אויף דעם שענסטן אַרט. דעם צוגעקליבענעם אויסגעפּוצטן לולָב האָט ער אַוועקגעשטעלט גאַנץ אויבנאָן אין אַ ווינקעלע, אַביסל אים צוגעשפּאַרט אויף אַ זייט און מיך האָט מען אָנגעזאָגט לְמַען הַשֵּם, איך זאָל זיך ניט דערוועגן צורירן צום לולָב. נאָר ס'איז געווען אומזיסט דאָס אָנזאָגן. איך האָב געהאַט מיינע אייגענע צָרות: סטייטש דער פּיטום! דער פּיטום! צו וואָס האָב איך געדאַרפט אָפּבייסן דעם פּיטום? וואָס איז מיר דערפון אַרויסגעקומען? וואָס פאַר אַ טַעם האָט אַ פּיטום פון אַן אֶתרוג, אַז בסך־הכּל איז גאָר פע—גאָר ביטער ווי גאַל, אַ בייזע וויסטע חַלָשות! אומזיסט, אומנישט קאַלי געמאַכט אַ פְּרִי, געפּסלט אַן אֶתרוג!... און אַז דער אֶתרוג איז געפּסלט—דאָס בין איך שוין געוואָרן געוואָרן אין חֵדֶר פון מיינע חֲבֵרים. פרעגט זיך אַ קַשְיָא: צו וואָס האָט דאָס מיר געטויגט? צו וואָס האָב איך דאָס געדאַרפט?... עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך האָב גענומען אַ לעבעדיקע זאַך, אָפּגעביסן דאָס קעפּל און צוגענומען ביי דעם דאָס חַיות; פאַרוואָס? פאַרוואָס? ביינאַכט אין שלאָף איז דער אתרוג געקומען צו מיר צו חָלום און גע־טאָרעט און געשלעפּט פאַרן אַרבל, געוועקט מיך און געטַעֲנָהט: וואָס האָסטו געהאַט צו מיר, דו שייגעץ איינער?... פאַרוואָס האָסטו אָפּגעביסן מיין פּיטום? איך בין דאָך שוין איצטער פָּסול, פָּסול!"... איך קער זיך איבער אויף דער אַנדערער זייט, קרעכצע

און ווער אַנטשלאָפֿן, טאָרעט מען מיך ווידער „קוילער! וואָס האָסטו געהאַט צו מיין פּיטום? צו מיין פּיטום? צו מיין פּיטום"?...

### ד.

געקומען דער ערשטער טאָג סוכות. נאָך דעם ביינאַכטיקן פראָסט איז אויפגע־באַנגען די זון אויפן לויטערן בלויען הימל און באַגאָסן די ערד מיט אַ פאַרשפּעטיקט וואַרימקייט פון אַ שטיפמאַמע... דעם טאָג האָט זיך דער טאַטע געפעדערט אויפצושטיין פאַר פרי, איבערקוקן די קריאָה, איבערזינגען זי מיט דעם באַקאַנטן שיינעם יום־טובדיקן ניגון. דעם טאָג האָט זיך אויך די מאַמע געפעדערט צו די יום־טובדיקע פיש מיט די יום־טובדיקע פאַרפל, מיטן יום־טובדיקן מערן־צימעס. דעם טאָג האָט זיך אויך זלמן דער סטאָליער געפעדערט אָפּבענטשן אֶתרוג ביי אונז אין דער סוכּה פריער פאַר אַלעמען, בּכדי ער זאָל קאָנען טרינקען טיי מיט מילך און זיך אָנטאָן ווילטאָג לכּבוד יום־טוב.

— זלמן בעט דעם לולב מיטן אתרוג — מאַכט די מאַמע צום טאַטן

— עפן אויף די שאַפע, נעם אַרויס די פושקע, נאָר פּאַוואָלינקע! — זאָגט צו איר דער טאַטע און אַליין שטעלט ער צו אַ בענקל צו דער שאַפע און נעמט אַראָפּ דעם לולב און איז זיך אַליין מטריח מיט אים אין סוכּה אַריין מכבד זיין דעם סטאָליער מיט דער מצוה.

— באַט, בענטשט אתרוג — מאַכט ער צום סטאָליער — נאָר פּאַוואָליִנקע, למען השם פּאַוואָלינקע!...

זלמן דער סטאָליער, אונזער שכן, איז קיין עין־הרע אַ ייד אַ גבור און האָט צוויי הענט, וואָס איטלעכער פינגער פון זיי וואָלט געקאָנט אַוועקלייגן דריי אַזעלכע לייבעלעך ווי איך. אויף יעדן גראָבן פינגער איז ביי אים פאַראַן אַ נאָגל תּמיד פאַר־פּאַפּט און תּמיד רויט פון לאַק, און מיט דעם נאָגל אַז ער פירט דורך, איבער אַ ברעט, בלייבט אַ טיפער סימן אויסגעקריצט ווי מיט אַ שאַרף פון אַן אייזן... לכּבוד יום־טוב האָט זלמן אָנגעטאָן אַ ווייס העמד מיט אַ ברייטער קאַפּאָטע און האָט אין באָד זיך לאַנג געזייפט די הענט מיט זייף און מיט זאַמד און נישט געקאָנט אָפּזייפן זיך; די הענט זיינען געבליבן פאַרפּאַפּט און די נעגל רויט פון לאַק ווי פריער.

אָט אין די הענט איז אַריינגעפאַלן דער ציטערדיקער שמעקעדיקער אתרוג. ניט אומזיסט האָט זיך דער טאַטע אַזש אַ וואָרף געטאָן בשעת זלמן דער סטאָ־ליער האָט אַ נעם געטאָן דעם אתרוג, אַ רעכטן קוועטש געטאָן אים און אַ גוטן טרייסל מיטן לולב — פּאַוואָליִנקע! פּאַוואָליִנקע! — זאָגט צו אים דער טאַטע, און ציטערט איבערן אתרוג — אָט היינט קערט, זייט מוחל, איבער דעם אתרוג מיטן פּיטום אַראָפּ און זאָגט, „שהחינו", נאָר פּאַוואָליִנקע! פּאַוואָליִנקע! למען השם פּאַוואָליִנקע!

פּלוצלונג האָט זיך דער טאַטע געגעבן אַ וואָרף און אַ געשריי ניט מיט זיין קול: „אוי"! אויף זיין געשריי איז געקומען צו לויפן אין סוכּה אַריין די מאַמע.

— וואָס איז, משה־יענקל? גאָט איז מיט דיר?!

— גראָבער יונגאַטש! עם־הארץ! — האָט ער זיך צעשריען אויפן סטאָליער און איז ברייט אים דורכן צו זיין מיט די אויגן — ווי אַזוי איז מען אַזאַ גראָבער יונגאַטש?

אַזאַ אַן עֵם הָאָרץ? אַן אתרוג איז דען אַ האַק? צו אַ דאַלעטע! צו אַן עקבויער? איר האָט דאָך מיר איבערגעקוילעט דעם האַלדז אָן אַ מעסער! איר האָט מיר געפּסלט דעם אתרוג! אָט ליגט דער פּיטום, אָט נאָט זעט, גראָבער יונגאַטש! עם הָאָרץ וואָס איר זייט...

אַלע זיינען מיר מיטאַמאָל טויט געוואָרן. זַלמֶן סטאָליער איז געשטאַנען אַ טויטער, ניט פאַרשטאַנען ווי אַזוי האָט זיך עס אים געטראָפן אַזאַ מין אומגליק? פון וואַנען האָט זיך דאָס גענומען וואָס דער פּיטום איז אָפּגעשפּרונגען? ער האָט דאַכט זיך געהאַלטן דעם אתרוג פון דער גרינג, קוים קוים מיט די שפּיץ פינגער! אַן אומגליק! אַזאַ אומגליק!...

די מאַמע איז געווען טויט, געבראָכן די הענט. — אַ מענטש אַז ס'גייט אים ניט— זאָגט זי מיט טרערן אין די אויגן — זאָל ער בעסער נעמען און באַגראָבן זיך לעבע־דיקערהייט אַ פרישער, אַ געזונטער אין דער ערד אַריין...

און איך? איך ווייס ניט צי זאָל איך טאַנצן פאַר פרייד, וואָס גאָט האָט מיט מיר געטאָן אַזאַ נֵס, אויסגעלייזט פון אַזאַ צָרָה, פון אַזאַ אומגליק? צי איך זאָל וויינען אויפן טאַטנס יסורים און אויף דער מאַמעס טרערן? צי זאָל איך אַרומכאַפּן זלמן דעם סטאָליער און אים קושן די גראָבע הענט מיט די פאַרפאַפּטע פינגער מיט די רויטע נעגל, דערפאַר וואָס ער איז געווען מיין שָׁלִיח, מיין גוטער שָׁלִיח, מיין מַלאַך הגואֵל, מיין אויסלייזער?... איך טו אַ קוק אויפן טאַטנס פָּנים, אויף דער מאַמעס טרערן, אויפן סטאָליערס הענט, אויפן אתרוג, וואָס וואַלגערט זיך אויפן טיש אַ טויטער, געל ווי וואַקס, אָן אַ פּיטום, אָן אַ טראָפּן חיות, אַ מֵת, אַ בר־מינן, אַ טויטער נֶפֶש!....

— אַ טויטער אתרוג! — זאָגט דער טאַטע מיט אַן אונטערגעבראָכענער שטימע.

— אַ טויטער אתרוג! — זאָגט אים נאָך די מאַמע מיט טרערן אין די אוי'גן.

— אַ טויטער אתרוג, — זאָגט זיי נאָך זלמן דער סטאָליער און קוקט זיך אין די הענט אַריין. — אַ טויטער אֶתרוג — זאָג איך מיט אַ פריילעכן טאָן און פאַרכאַפּ זיך, וואָרום איך ווייס דאָך יאָ, אַז דאָס בין איך, לייבל, געווען דער גזלן, דער קוילער, דער רוצח פונם אֶתרוג!...

שלום־עליכם.



# חַבֵר סירקאָ.

א.

איך מיין, אַז נאָכן נאָמען אַליין איז ניט שווער צו שטויסן זיך, אַז סירקאָ איז געווען ניט קיין מענטש, נאָר אַ הונט, אַ געווײַנלעכער הונט מיט אַ גרויער פעל, וואָס דעריבער האָט ער געהייסן „סירקאָ״.

איך זאָג: אַ הונט אַ געוויינלעכער—איך מוז מיך אָבער באַלד פאַרענטפערן, אַז ניין, ניט קיין געוויינלעכער, ווי מיר וועלן עס באַלד געוווירע ווערן. פריער אָבער מוז מען זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם הונטס ביאָגראַפיע—פון וואַנען קומט צו אַ יידן אַ הונט? איז אַזאַ מַעֲשֶׂה:

אַז נָחוּם וועוויקס איז אַראָפּגעקומען פון שטאָט אין שטעטל אַריין און איבערגענומען די „פּאַטשט״ מיטן הויף, מיט דער גאַנצער באַלעבאַטישקייט האָט זיך אין הויף געפונען דער הונט סירקאָ, נאָך גאָר אַ יונגער, נאָר שוין אַ פאַרשטענדיקער, אַן אֶמֶתער „בַּר-דַעַת״—אויף אַזוי ווייט, אַז ער האָט געקענט די נייע באַלעבאַטים.

פאַרשטייט זיך, אַז מיט די נייע באַלעבאַטים האָט סירקאָ ניט געהאַט קיין שום מַגָע-וּמַשָׂא, אין שטוב ניט אַריינגעשמעקט אַפילו. מִסְתָּמָא האָט מען אים לְכַתְּחִילָה געגעבן אָנצוהערעניש מיט אַ שייט האָלץ איבערן קאָפּ, אַז אין אַ יידישער שטוב זאָל אַ הונט ניט קריכן...

אין קיך האָט ער אויך ניט געטאָרט אַריין. „פּרומע די מויד״ מיטן בלינדן אייגל האָט אים „אָפּגעלאָנטשעט״ דערפון סַך-הַכֹּל מיט אַן אָקרעפּ זודיק וואַסער, וואָס זי האָט איינמאָל אין אַ עֶרֶב-שַׁבָּת אויסגעגאָסן אויף אים מיט אַ כיוון און אָפּגעקאָכט אים אַ שטיק פעל, און דַווקא גאָר אין גוטן מוט, און נאָך געלאַכט אויך.

אַרויסגעטריבן געוואָרן אַזוי מיאוס סיי פון שטוב, סיי פון קיך, וואָלט אַן אַנדער הונט אויף זיין אָרט געוויס אָפּגעטראָטן פונם דאָזיקן הויף: „לעבט אַייך הונדערט און צוואַנציק יאָר״! ניין, סירקאָ איז געווען ניט אַזאַ מין. ער זאָל וויסן—דער טויט זאָל זיין, וועט ער פון הויף ניט אַוועק! דאָ איז ער געבאָרן געוואָרן, דאָ וועט ער פּגֶרן... וּבִפְרַט, אַז ער האָט געהאַט גוטע מליצים פאַר זיך: די קינדער פון דעם באַלעבאָס. ער האָט גושא חֵן געווען אין זייערע אויגן, כאָטש פרומע האָט זיך געפלייסט אים צו פאַרמיאוסן. אַ סַך, אַ סַך הינט וואָלטן זיך ווינטשן האָבן אַזאַ אויסקומעניש מיט אַזעלכע קעסט, ווי סירקאָ האָט געהאַט. פונם שענסטן און פונם בעסטן האָבן אים חֶבְרֶה

אַרויסגעטראָגן אין די קעשענעס, פֿאַרשטייט זיך, בסוד־סודות, אַז קיינער זאָל ניט זען און אַפילו ניט אָנשטויסן זיך, וואָרים ס'וואָלט געקאָנט זיין זייער מיאוס פֿאַר ביידע צדדים. סירקאָ האָט שוין געוווּסט די צייט פֿון „אָנבייסן", פֿון „וואַרמעס" און פֿון „וועטשערע", און האָט שוין אַרויסגעקוקט מיט אַלע אויגן, ווען וועט מען אים שוין אַרויס־טראָגן פֿון אַלע גוטע זאַכן. ער האָט שוין געוווּסט אַפילו, ביי וועמען אין וואָסער קעשענע אָנצושמעקן און האָט שוין אַליין געשטופּט די מאָרדע אַהין—אַ הונט אַ חכם!

היינט די קונצן, וואָס חברה האָבן אים אויסגעלערנט! אַנידערלייגן אים, למשל, אויפֿן שפּיץ נאָז אַן אָפּגעלעקט ביינדל, אָדער אַ שטיקל ברויט, און זאָגן אים. „ניע רוש"! (געוויינטלעך, רעדט מען מיט אַ הונט אויף גוייִש)—וועט ער אייך וואַרטן מיט דרך־ארץ וויפֿיל איר ווילט, ביז ער וועט דערהערן דאָס גוטע וואָרט: „האַם"! דעמאָלט טוט ער אַ שפּרונג אונטער און—פֿאַרטיק.

ב.

ווינטער ביינאַכט, ווען די קינדער גייען אין חדר אַריין, האָט זיך סירקאָ ניט געקאָנט דערוואַרטן אויף זיינע חברים, און אַלעמאָל, אַרום אַ זייגער ניין, איז ער אויסגעוואַקסן אונטערן פֿענסטער, געשאַרט מיט די לאַפּעס איבער די געפֿראָרענע טאַפֿליס—אַ סימן, אַז ס'איז שוין צייט צו פֿאַרמאַכן די ספרים און גיין אַהיים עסן „וועטשערע". ביים רבין איז סירקאָ געווען, להבדיל, אַ זייגער. „ניט אַנדערש—האָט ער געזאָגט— אַז אייער הונט איז אַ גלגול"!—און געלאָזט די קינדער פֿריי נעמען די פּאַפּירענע, מיט שמאַלץ באַשמירטע לאַמטערנעס, און גיין אַהיים האָ־פּערדיק, מיט די פֿריילעכע יוָנישע לידער, סאָלדאַטסקע ניגונים:

סירקאָ איז געלאָפֿן אויף צו פֿרייער און פֿאַר גרויס פֿרייד און התפּעלות געשפּרונגען און געקאַטשעט זיך אין שניי—און אַלץ צוליב די שטיקלעך ברויט מיט די אָפּגעלעקטע ביינדלעך פֿון דער וועטשערע.

וויפֿיל מאָל האָט זיך געמאַכט, אַז אויפֿן האַרצן איז וויסט, אויף דער נשמה סומנע, אינדערהיים געכאַפּט אַ פּסק, אין חדר פֿאַרבע־סערט,—דעמאָלט פֿאַרקלייבט זיך שלום נחום וועוויקס וויִט אין גאָרטן, אויף יענער זייט ביימער—און סירקאָ מיט אים. דאָרט, אונטערן פּלויט, אויף אַ בערגל מיסט, זעצט ער זיך אַוועק מיט זיין געטרייען סירקאָ, וואָס ציט אויס די מאָרדע, קוקט גלייך אין די אויגן אַריין, ווי אַ זינדיקער מענטש. „וואָס קוקט ער? וואָס טראַכט ער בעת־מעשה? פֿאַרשטייט ער טאַקע

יעדע זאַך, ווי אַ מענטש? האָט ער אויך אַ נשמה, ווי, להבדיל, אַ מענטש?״...

„פאַרוואָס־זשע איז ער אַ הונט און איך אַ מענטש?״...—אַזוי טראַכט ער זיך, שלום, און ער קוקט מיט רחמנות און, צו גלייכער צייט, מיט דרך־ארץ אויפן הונט, און דער הונט—אויף אים, ווי זיינער אַ גלייכן. אַ הונט אַ חבר! אַ טייערער, אַ געטרייער חבר — סירקאָ!...

ג.

עס וועט ניט זיין קיין גוזמא, ווען איך וועל זאָגן, אַז סירקאָ איז געווען אַ הונט אַ חכם, וואָס האָט פאַרשטאַנען, ווער עס האָט אים מער ליב פאַר אַלעמען, און דעריבער איז קיין חידוש ניט, וואָס מער ווי צו אַלע קינדער האָט זיך סירקאָ דער הונט צוגעבונדן צו שלומען, געשלאָסן מיט אים חברשאַפט אָן ווערטער און ליב געהאַט, און טאַקע באמת גרייט געווען זיך מפקיר זיין פאַר זיין חבר און פאַר זיין האַר. אַ שטומע צונג—ניט געווען בכוח דאָס אַרויסצובאַווייזן, איבערגעבן מיט ווערטער, האָט ער עס אַרויסבאַוויזן, ווי אַ הונט, מיט זיין שפּרינגען און מיט זיין קוויטשען און מיט זיין וואַרפן זיך פאַר אים אין דער ערד ־אַריין אויף זיין הינטישן שטייגער. ס'איז גענוג געווען איין וואָרט, אַז זיין חבר און זיין האַר זאָל אים אַ זאָג טאָן: „נאַ מיעס־טאָ!״—זאָל סירקאָ אַוועק ווי אַ סטאַטיק און ליגן, ווי אַ קעצעלע, שטיל, און נאָר מיט איין אייגל לאָקערן, אַכטונג געבן, וואָס זיין האַר טוט.

צווישן „האַר״ און זיין „קנעכט״ סירקאָ איז געווען אַ שטילע ליבע, און דער האַר האָט בשום אופן ניט געקענט פאַרשטעלן זיך, וואָס וועט זיין, אַז סירקאָ וועט ניט זיין. וואָס הייסט, ער וועט ניט זיין? ווי איז דאָס מעגלעך? סירקאָ איז דען אַ מענטש, וואָס זאָל אַוועק־פאָרן און פאַרגעסן דעם זיי־געזונט?... וויפיל מאָל האָבן גוים געפרוווט פאַרנאַרן סירקאָן צו זיך אין דאָרף אַריין,—איז ער דען ניט געקומען צו לויפן אויף מאָרגן אַ פאַרסאָפּעטער מיט אַן אַרויסגעשטעלטער צונג און געוואָרפן זיך און געקאַטשעט זיך און געשפּרונגען צו זיין האַר אויפן האַלדז און געקוויטשעט און געלעקט אים דעם קאָלנער, און מע וואָלט געמעגט שווערן, אַז טרערן זיינען אים געשטאַנען אין די אויגן.

און דאָך... און דאָך איז געקומען דער טאָג, יענער פינסטערער וויסטער טאָג, וואָס דער גוטער געטרייער סירקאָ איז אַוועק, אַוועק אויף תמיד, אויף אייביק, און אַזוי אומגעריכט אַוועק, אַזוי מיאוס־פאַרדראָסיק, אַזוי מורא׳דיק־טראַגיש־טרויעריק!

זומער האָט זיך געטראָפן דידאָזיקע טרויערדיקע געשיכטע, אום סאַמע תמוז. דאָס איז געווען אַ זומער פון שרעקלעכע היצן, אָן אַ טראָפּן

רעגן—מענטשן זיינען מַמָש אויסגעגאַנגען פון היץ. און דאָס ווייסט איר דאָך, אַז אין די גרויסע היצן זיינען די הינט מסוכן—זיי ווערן משוגע.

איז אַרויס אַ קלאַנג אין שטעטל, אַז אַ הונט איז משוגע געוואָרן און האָט צעביסן נאָך עטלעכע הינט, מע ווייס ניט וועלכע. איז געפאַלן אַ פַּחַד אויף די שטאָט־לייט, און מע האָט זיך אַ נעם געגעבן צו די הינט פון שטאָט. מע האָט אַראָפּגעבראַכט, גאָט ווייס פון וואַנען, צוויי קאַצאַפּעס, הינטשלעגערס, אָנגעוואָפּנט מיט גראָבע שטריק און מיט אייזערנע קרוקעס, און די קאַצאַפּעס האָבן זיך אַ נעם געגעבן צו דער אַרבעט. אין איין טאָג האָבן דידאָזיקע תַּלְיָנים אַוועקגעלייגט אַ פּאָר צענדליק הינט. אויפן קוק האָבן זיי אַייך געקענט אָפּשאַצן, וועלכער הונט ס'איז משוגע און וועלכער ניט.

ווער האָט זיך געקענט ריכטן, אַשטייגער, אַז דער גורל וועט פאַלן אויף דעם גוטן, קלוגן, סטאַטעטשנעם סירקאָ?

אַ סבָרָה, אַז די קאַצאַפּעס האָבן באַקומען פון דער שטאָט זייער לוין נאָך דער צאָל פון די אויסגעהַרגעטע הינט, און וויבאַלד אַזוי, איז גאַנץ מעגלעך, אַז ס'זיינען געווען נעבעך אַ סך אומשולדיקע קָרבָּנות— און סירקאָ איינער פון די ערשטע.

פון דעם אומגליק זיינען די קינדער געוואוירע געוואָרן שוין לאַחַר המַעשֶׂה, קומענדיק פון חֶדֶר אַהיים—און זיי האָבן אויפגעהויבן אַ גאַנצע רעוואָלוציע אין שטוב. „סטייטש, סירקאָ... סטייטש, ווי האָט מען עס דערלאָזט אַזאַ מַעשֶׂה!“...

פאַרשטייט זיך, אַז די רעוואָלוציע האָט זיך אויסגעלאָזט מיאוס. „חֶדֶר־יינגלעך זאָלן האָבן אַ הַשָׂגָה אין זינען האָבן הינט!...“

און מע האָט זיי מכַבֵּד געווען מיט רעכטע פּעטש.

נאָר דאָס אַלצדינג איז געווען גאָרניט אַקעגן דעם, וואָס סירקאָ אין נעבעך אומגעקומען אומזיסט־אומנישטו!

מער פון אַלע איז געווען דערשלאָגן סירקאָס ליבלינג—שָׁלום. דער האָט עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד ניט געגעסן, עטלעכע נעכט ניט געשלאָפן, געקאַטשעט זיך אויף אַלע זייטן, געזיפצט און געקרעכצט שטילערהייט, ניט געקענט מוחל זיין די שלעכטע בייזע מענטשן, וואָס האָבן ניט אין זיך קיין קאָפּל רַחמָנות, קיין צַעַר־בַּעֲלֵי־חַיִים, קיין טראָפּן יושֶר. און עס קומט אים אויפן זינען סירקאָ מיט די קלוגע גוטע אויגן, און ער פאַלט צו מיטן פָּנים צו דער קישן און באַנעצט זי מיט ביטערע, ביטערע טרערן.

שלום־עליכם.

# לָבָן הָאֲרַמִי.

## א. די ערשטע באַקאַנטשאַפט.

עס איז געווען אַ קאַלטער און אַ נאַסער נאָך־סוכות. די הימלען זענען דאַן אויס פאַרווײנט
און טריב. אַ דראָבנער רעגעלע קראָפּעט, זימזעט טאָג און נאַכט. קײנער געדענקט ניט,
ווען עס האָט אָנגעהויבן, און פרעג—גלויבט קײנער ניט, אַז עס זאָל אַמאָל אויפהערן.
קורצע כמאַרנע טעג... עס דערלעבט זיך גאָרניט אויסצולײטערן, איז שוין
מִנחָה־צײט. דערנאָך איז הימל און ערד און פינסטערניש אײן שטיק.

אין אַזאַ מין פאַרנאַכט בין איך אײנמאָל געקומען אַהײם און האָב לעבן שטוב
באַמערקט אַ קלײן, מאָגער, געפלעקט לאָשאַקל. עס איז געווען אויף אַ שטריקל בײם
האַלדז צוגעבונדן צום סלופּ פון דער צעוואָרפענער סוכּה. עס האָט געהאַט אַ קורצע
רויטלעכע גריווע, ווי מײדלש־קלײנע צעפּעלעך, אַ קורץ ווײדעלע, באַהאַלטן, אײנגע־
טוליעט אונטער זיך. דעם קאָפּ האָט עס געהאַט אַראָפּגעלאָזן, ווי עס וואָלט דאָרטן
אונטן עפּעס געזוכט. אינגאַנצן האָט עס זיך צונויפגעקאָרטשעט און געטרײסלט ווי
אַ בלאַט... איך האָב עס גוט באַטראַכט, געדרײט, געגלעט, געפירט מיט דער האַנט
איבער דעם נאַסן רוקן, געשלאָסן אין דער פינסטער באַקאַנטשאַפט און אַרײן אין שטוב.

אונז, קינדער, האָט שטאַרק הַנָאָה געטאָן, וואָס מיר האָבן אַ לאָשאַקל, אַ קלײן
לאָשאַקל, אונזערס אַן אײגנס, בײ אונז אין שטאַל, און אַזאַ שײנס! — ווײס מיט שוואַרץ.
מיר האָבן זיך אַלע צעשטעלט אויף דער באַנק, וואָס בײם פענסטער, אַרויסגעקוקט
דורך דער שויב אין גאַס אַרײן. עס איז שוין נאַכט, און אין דעם גרויען נעפּל טרײסלט
זיך אַ קלײן, מאָגער, ליב נֶפֶשל. קלאַפּן מיר אונטער אײנער דעם אַנדערן מיטן עלנ־
בויגן, שמעלצן זיך שטילערהײט פאַר שמחה: זעסט, סאַר אַ קעפּעלע, סאַראַ דיניגקע
פיסעלעך, און די אויגן אַזוי גרויס און גרוי!...

דער טאַטע האָט פאַרבויגן דעם מַעריב, באַלד זיך גענומען מאַכן פאַר אים
אַן אָרט אין שטאַל, און עס איז געבליבן אונזערס.

## ב. מיר האָבן ליב לָבָנען.

אַ נאָמען געגעבן האָט מען דעם לאָשאַקל „לָבָן הָאֲרַמִי‟.
און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ סֶדֶרָה לָבָן הָאֲרַמִי, לבן הארמי געגעסן, לבן הארמי
געטרונקען, לבן הארמי—לבן הארמי.

— ווײ איז מיר, ווי אָן טויט פאַרגעסן, פון אינדערפרי שטײט לָבָן אָן אַ טרונק...
אַלע מינוט ברענגט מען אים עפּעס אַנדערש: אַ שטיקל ברויט, אַ ביסל גע־
קעכטס, קרופּניק, באָרשטש, אַ שטיקל בײגל. יעדער האָט אים געגלעט, געבאַרשט,
געקעמט. און ער האָט זיך אַזוי צוגעווײנט צו אונז, אַז ער פלעגט עסן פון האַנט.
פריער שמעקן, באַטראַכטן, איבערקלײבן מיט די ליפּן: פלאָפּ... פלאָפּ... פלאָפּ... ווי ער
וואָלט ווערימדיקן אַרבעס געקליבן; דערנאָך אַ כאַפּ אַרײן, פאַרזשמורעט מיט אײן
אײגל — און ער קײט שוין.
מיר האָבן אים אַלע שטאַרק ליב געקראָגן. ווו אַ לײדיקע מינוט, האָט מען

פאַרבראַכט אין שטאַל, זיך געשפּילט, געשמועסט מיט אים ווי מיט אונזערס אַ גלייכן. מיר זיינען געוואָרן אַזוי צוגעבונדן צו אים, דער עיקר דער טאַטע, ער שטייט נאָר אויף אינדערפרי, גיט ער אַ רייב איבער די אויגן, און נאָך פּאַר נעגלוואַסער איז ער שוין אין שטאַל. מיר דאַכט זיך, אַז ווען ער זאָל זיך ניט שעמען און עס זאָל זיך ווענדן אָן אים, וואָלט ער אין בענטשן ביי „אותי וְאֶת אִשְׁתִּי וְאֶת זַרְעִי" צוגעשטעלט „וְאֶת לָבָן הָאֲרַמִּי" זאָל זיך האַלטן און געזונט זיין.

## ג. לָבָן אַ שטיפער.

אויף זומער איז לבן געוועזן אַ היפּש פערדל: אַ שיינע אָנגעוואַקסענע גריווע; דער וויידל עטוואָס געקרייזלט, דערלאַנגט אַזש ביז אונטער די קני. אַז מע האָט אים דעם ערשטן מאָל אַרויסגעלאָזן אין דרויסן אין אַ וואַרימען ליכטיקן פרילינגס־טאָג, איז געווען אַזאַ שִׂמְחָה, פּונקט ווי בְּעֵת רִבְקָהלע האָט אָנגעהויבן אַרומלויפן מיט די קליינע־קרומע פיסעלעך...

ער האָט געמאַכט אָנשטעלן, געשטיפט, פאַרריסן דעם עק און זיך געגעבן אַ ציִ אויס איבער דער גאַס מיטן בויך צו דער ערד: אָט־אָט, מיינסטו, זעצט ער זיך—און אַוועק, העט ווייט־ווייט. באַלד קומט ער צוריק, קוקט זיך אַרום, באַטראַכט אַלצדינג מיט אַ לייכטן און פרייען בליק, וואַרפט זיך איבער מיטן טאַטן מיט אַ וווּנק, ווי ער וואָלט פרעגן: האַ? וואָס? וואָס? מ׳קאָן? באַקומענדיק אַ געוווּנטשענעם ענטפער, האָט ער זיך ווידער אַ לאָז געטאָן, געוואָרפן, געפּוצט מיט דעם קעפּעלע, פריי געהירזשעט, ווי ער וואָלט געמיינט צו זאָגן: קומט! זעט, סאַר אַ ליכטיקע וועלט אינדרויסן!... אַזוי ליכ־טיק, לופטיק, זאַפטיק און פריי—פריי!...

לויפנדיק האָט ער אַראָפּגעכאַפּט פון פעשע־ביילעס פּלויט אַ קליין קינדער־קישעלע, וואָס זי האָט אויפגעהאַנגען צום טריקענען. ער האָט געוואָרפן מיט דעם קאָפּ הין און צוריק, אַרויף און אַראָפּ, ווי ער וואָלט עמיצן אַרויסגערופן: העי, דו! וואָס האָסטו זיך דאָרטן באַהאַלטן? קום אַרויס, וועלן מיר זען, ווער פון אונז איז שטאַרקער! באַלד איז אין קישעלע אַ לאָך געוואָרן, און די פעדערן האָבן זיך אַזוי לייכט און פריי איבערן גאַס צעטראָגן, האָבן אים איבערגעיאָגט, אין דער הייך צעלאָפן, ווי זיי וואָלטן זיך מיט אים אין אַ שטיף אַרייגגעלאָזן: אַנו, ווער וועט וועמען איבעריאָגן?...

אין גאַס איז געוואָרן אַ טומל. פעשע־ביילע ברעכט די הענט, מאַכט גוואַלדן און שילט שטילערהייט... אין גאַס וויל מען אים פאַרהאַלטן, פאַרשטעלט מען אים דעם וועג, צעשפּרייט מען די פּאָלעס—טפּר... טפּר!... מע לאָזט אים פאַרן נאָז אַדורך—און מ׳האַלט זיך ביי די זייטן לאַכנדיק...

און אַז מ׳האָט זיך גוט אָנגעמאָרדעוועט און ער האָט די גאַנצע פעדערן געהאַט אויסגעזייט, איז געלונגען אים אַריינצוקריגן אין שטאַל...

## ד. לָבָן ביים ברונים.

פון דעם טאָג אָן איז ער ווי מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן: שוין כּמעט אַ פערד!... די קינדער האָבן אָנגעהויבן זיין פּאָרזיכטיק: זיי גיבן אַ שטיקל בייגל, קוקן אים גלייך אין די אויגן און כאַפּן באַלד צו די האַנט. דער טאַטע האָט אים אָנגעטאָן אַ

ציימל, וואָס ער האָט אַליין אויפגעניית פון אַלטע לאַבעדריקעס, און אָנגעהויבן פירן אים צום ברונים אָנטרינקען. ווי ער וואָלט זאָגן: איך האָב שוין מער קיין כּוח ניט צו שלעפּן וואַסער פאַר דיר אין שטאַל, דו ביסט ניט קליין אַליין דורכצושפּאַצירן זיך צום ברונים. און לבן פלעגט פאַררייסן דעם קאָפּ, זיך אַרומקוקן אין אַלע זייטן, באַ-טראַכטן, וואָס אַרום טוט זיך, זיך געבן אַ שטעל דיבאָם, אויף די פּאָר הינטערשטע פיס, ווי ער וואָלט געקלערט: אַנו, ווער איז העכער? דערנאָך גראָבט ער מיט אַ פאָדערשטן פוס די ערד, וואָס אַרום ברונים, שפּריצט אַרויף אַ קליינע פאַרגרינטע לוזשע, וועלכע טריקנט קיינמאָל ניט אויס, פאַרשפּריצט דעם טאַטן פון קאָפּ ביז די פיס. טרינקענדיק גריזיעט ער דעם עמער, די דושקע מיט די ווייסע און שאַרפע ציין, גיט אים אַ הייב אין דער הויך, אַ טרייסל אין דער לופט און אַ וואָרף אַהין, אַזש אויף יענער זייט ברונים, אַז עס בלייבן פון אים נאָר די קליפּקעס.

דער טאַטע, אַז ער קומט אין שטוב, נאָכדעם ווי ער האָט לָבָנען אין שטאַל געבראַכט, אויף זיין אָרט צוגעבונדן, ווישט ער אַרום מיטן האַנטוך דעם פּנים, די זאַכן און קאָן זיך ניט איינהאַלטן, דערציילט מיט פאַרגעניגן: „דו ווייסט, לבן האָט אויסגעטרונקען אַ גאַנצן עמער און נאָך אַ ביסל“.—„זאָל אים זיין צו געזונט!“— ענטפערט די מאַמע.

## ה. דער גראַף וויל קויפן לָבָנען.

פון טאָג צו טאָג איז ער געוואָרן גרעסער, שטאַרקער און שענער. אין שטעטל האָט מען אָנגעהויבן ריידן וועגן אים. מבֿינים האָבן געזאָגט, אַז ער וועט אַריין אין די גדולות. אַ לאַנגער, שלאַנקער קערפּער, אַ שיף-פאָרמיקער רוקן, הויכע און צאַרטע פיס, אַ ברייטער, געטאָקטער, לעבעדיקער האַלדז מיט אַ קליינעם פירקאַנטיקן קעפּעלע. געווען איז ער שטיפעריש, רירעוודיק, אומגעדולדיק און פול מיט לעבן.

איינמאָל אין אַ שיינעם ליכטיקן נאָך-שבועות-פרימאָרגן איז צו אונזער שטוב צוגעפאָרן דער גראַף, אַ גרייז-גרויער אַלטער מיט ווייסע באַקנבערד—אַ גרויסער ליב-האָבער פון פערד. זיצנדיק אויף דער בריטשקע, האָט ער דעם טאַטן פון שטוב אַרויס-גערופן: „איך האָב געהערט, זאָגט ער, אַז דו האָסט אַ גוט פערד, וויל איך אַ קוק טאָן“

דער טאַטע האָט אַרויסגעפירט לָבנען.

דער גראַף איז אַביסל אָפּגעגאַנגען, ווי ער וואָלט זיך וועלן אין אים אָנשפּיגלען.

נאָכדעם איז ער צוריק געקומען, אים גוט באַטראַכט און אַנטציקט געדרייט מיטן קאָפּ. דערנאָך האָט ער זיך געווענדט צום טאַטן:

— ווילסט אים אפשר פאַרקויפן, קען איך דיר אָפּצאָלן פאַר אים צוויי קאַטערינעס.

ער האָט דעם טאַטן טיף אָנגעקוקט און איז געבליבן וואַרטן.

דער טאַטע איז געוואָרן צעטומלט, בלייך, די הענט האָבן אים אָנגעהויבן ציטערן, אַז ער האָט קוים דאָס ציימל איינגעהאַלטן: ער האָט זיך אָבער באַלד געמאַכט מוט, אויפגעהויבן דעם קאָפּ, און ווי ער וואָלט פון דער ערד ווערטער אָנגעשעפּט, האָט ער אַרויסגעזאָגט:

— ניין! איך וועל אים ניט פאַרקויפן. זאָל ער געזונט זיין און זאָל ער זיך וואַלגערן. אַן אָרט און עסן וועט זיך נאָך פאַר אים געפינען...

## ו. לָבָן גייט אין שפּאַן.

מיטאַמאָל איז ער אונדז געוואָרן פיל טייערער—ליב און נאָענט ווי אַן אויג אין קאָפּ. דער טאַטע האָט אויפגעהערט נעכטיקן אין שטוב: אויף גיך אָפּגעגעסן די וועטשערע און אַוועק שלאָפן אין שטאַל; זיך פאַרריגלט פון אינעווייניק מיט אַ ריגל, פאַרלייגט אַ שטאַרקע אײַזערנע קייט.

אויף איבעראַיאָר נאָך פּסח האָט מען אָנגעהויבן לערנען לָבָנען גיין אין שפּאַן. עס איז ביי אונדז געווען אַזאַ שׂמחה, ווי ס'וואָלט אַ יינגל בר-מצוה געוואָרן און זאָגט די אֱמֶתע דְרָשה, אָדער מ'האָט דערלעבט מיט אַ טאָכטער תּנאים שרייבן.

בעל-עגלות פון שטעטל זיינען צונויפגעקומען, געהאָלפן אים אָנטאָן, אײַנשפּאַנען, געלערנט, געוויזן, געעצהט, נאָר ניט געשלאָגן: עס הייבט זיך ניט די האַנט—לָבָנען שלאָגט מען ניט. מ'האָט אים געגלעט, געלאַשטשעט, אײַנגערעדט, נאָכגעגעבן אַלע קאַפּריזן, ווי אַ ציטעריקן קינד. און אַז ער איז געווען אײַנגעשפּאַנט אין גרויסן בעל-עגלהשן וואָגן און געשטיפט, געדרייט זיך אין די אָהליאָבליעס, האָט ער אויסגעזען אַזוי מאָדנע: פּונקט אַשטייגער ווי אַ בילדשיינע גרעפין וואָלט פּלוצלונג פון דער העלער הויט אַ ספּאָדניצע אָנגעטאָן און אַ גרויסע פּויערשע פאַטשיילע אויף דעם קאָפּ אַרויפגענומען...

ביסלאַכווייז האָט זיך לָבן אויסגעלערנט גיין אין שפּאַן. שכנים זיינען געווען צופרידן, וואָס לָבן איז געבליבן ביי אונדז און דער טאַטע פאָרט מיט אים. פּונקט ווי עס וואָלט יעדן אַ שאָד געטאָן, שווער זיך צו שיידן מיט אים. און גלאַט טוט יעדן הנאה, וואָס אַ ייד פאָרט, קיין עין-הרע, מיט אַ שיינעם פערד.

## ז. לָבָן האָט פיינט אַ בייטש.

פון דער נאַטור איז לבן געווען אַ רויִקער, אָפּט אַ פאַרקלערטער: שטעלט אָן די אויערן, פאַרגאַפט זיך אויף עפּעס, ווי ער וואָלט זיך וועלן אָן וואָס דערמאָנען. גייענדיק אין וועג, האָט ער קיינמאָל ניט גענומען אָן אַ זייט, ניט אַרויס פון קאָליע, ניט געמאַכט קיין העוויות, ניט געוווּסט פון רייסן, קאָפּיען, ברעכן; געווען אָבער אַ קאַפּריזנער, אַ האָנאָראָווער: ער לאָזט זיינס ניט אַדורך. אַ הויך וואָרט—אַהאַ, סטאָפּ! ער שטייט שוין, רירט זיך ניט פון אָרט, כאָטש ברעך אים, ביז מע מוז אַראָפּ פון וואָגן, אים אַ גלעט טאָן, אײַנריידן, איבערבעטן, צולאַשטשען אים, ערשט דעמאָלט גייט ער אַוועק, כאַפּנדיק יעדעס מאָל אַ קוק אין וואָגן, ווי אייגער זאָגט: זעסט—מיט גוטן מאַכט מען מער ווי מיט בייזן!...

קיין בייטש האָט ער קיינמאָל ניט אָנגעזען. ער ווייס ניט דעם טעם דערפון. לבן האָט בטבע פיינט בייטשן... און אײַנשפּאַנען פלעגט אים מוזן שטענדיק דער טאַטע, קיין פרעמדן לאָזט ער ניט צו.

חבֿרה האָבן אים געוואָלט אַמאָל אַרייננאַרן, האָט וועלוועלע יצחקס גענומען און אָנגעטאָן דעם טאַטנס לייבל, דאָס היטל, אויפגעשלט דעם קאָלנער, אָפּגעבראָכן אַ שטיק פון דער שבתדיקער חלה און איז צו אים צוגעגאַנגען. לבן האָט געגעסן, זיך

צוגעכאַפּט צו דער חלה, זיך געלאָזן אָנטאָן דעם כאָמענט, די שלייעס, אַרייַנפירן אין די אָהליאָבליעס און האָט גענומען שפּאַנען.

אַז ער האָט אָבער אויפגעגעסן די חלה, האָט ער זיך אומגעקוקט און באַמערקט, אַז דאָס איז אַ פּרעמדער, האָט ער געגעבן אַ פּאַרלייג די אויערן צו דער פּלייצע, פאַרזשמורעט ביז די אויגן, אַ כאַפּ געטאָן מיט די שטאַרקע ציין פאַר אַן אַרבל, אים אָפּגעפליקט — און אַ לויף אַרויס געטאָן פון שפּאַן...

אין גאַס איז מען צופרידן. מע קוקט אים נאָך, מע באַלייט אים מיט אַ הוי־אַ: לבן איז אַ מענטש, ער לאָזט זיך ניט אַרייננאַרן!...

## ח. לבן לאָזט זיך ניט שמידן.

צו חנוכּה האָט אָנגעהויבן ווערן גליטשיק. נעמט דער טאַטע אַראָפּ אַ מאָס פון די קאָפּיטעס, באַשטעלט פּאָדקעוועס אויף שרייפלעך, מ׳זאָל ניט דאַרפן אַלע מאָל רייסן און טשוועקעס קלאַפּן, און אַוועק מיט אים צו בערלען אין קוזניע אים אָפּשמידן.

איז זיך מיישב לבן און לאָזט זיך ניט צורירן: אַ פוס, זאָגט ער, איז אַ פוס, און שמידן לאָז איך זיך ניט, ניט מיט גוטן, ניט מיט בייזן! ער כאַפּט זיך בייסן, רייסט זיך, כראַפּעט, זעצט מיט די פיס. און ווען עס געלינגט שוין אים אָנכאַפּן ביי אַ פוס און דער טאַטע מיט בערלען נעמען זיך שטאַרק אָן מיט אַלע הענט, הייבט ער אָן לאַנגזאַם צו פירן מיט דעם פוס הין און צוריק, ווי ער וואָלט וועלן עפּעס פונאַנדער־טרייסלען; דער טאַטע מיט בערלען לאָזן ניט אָפּ, האַלטן שטאַרק און לויפן נאָך מיט דעם פוס, ביז ער גיט מיטאַמאָל אַ צי, אַ רייס אַרויס — און ער בלייבט אומגעשמידט...

דערנאָך האָט מען זיך צוגעוויינט, און לבן גייט ניט געשמידט בעסער, ווי אַנדערע פערד געשמידט. פאַרקערט, עס טוט נאָך הנאה; קיין עין־הרע, אַ פערד — אַ גיבור, אַ שטאַרקער טראָט — מ׳דאַרף אים גאָרניט שמידן.

אַז דער טאַטע איז אויפגעראַמט, באַרימט ער זיך: „איר ווייסט! לבנס פוס האָט דאָך נאָך קיין פּאָדקעווע ניט פאַרזוכט״...

## ט. לבנס טרויעריקער סוף.

אַ טאָג פאַר ערב פּסח, פאַרנאַכט, איז דער טאַטע פון וועג געקומען, אויסגע־שפּאַנט, אַוועקגעשטעלט דעם וואָגן אויף זיין אָרט, אויפגעהאַנגען דעם כאָמענט, די שלייעס אין שטאַל אויפן פלעקל און זאָגט צו מיר:

— ווייסט וואָס? מע דאַרף לבנען אויף יום־טוב אביסל אויספּוצן, זאָל ער אויך וויסן פון אַ יום־טוב. מע דאַרף אים די קאָפּיטעס אַרומרייניקן. זיי האָבן דאָך קיין פּנים ניט, זעען אויס ווי צעגאָסענע פּאַמפּעשקעס. אַ ווונדער — אַ פערד ווייס ניט וואָס אַ פּאָדקעווע איז!...

מיר האָבן גענומען לבנען און אַוועק צו בערלען אין קוזניע.

פריער האָט בערל געפּרוווט מיט גוטן, געגלעט, געלאַשטשעט, גערעכנט: אפשר האָט ער פאַרגעסן אָן זיין משוגעת און וועט געבן אַ פוס. דערנאָך האָט ער גענומען אַ פּאַסטראָנעק, אים דורכגענומען דורך דעם מויל איבערן קאָפּ, שטייף צוגעבונדן און איבערגעדרייט עטלעכע מאָל מיט אַ פּלעקל. דאָס גאַנצע מויל איז געוואָרן צוזאַמענ־געדריקט, אין די ווינקלען האָט זיך בלוט באַוויזן, און לבן שטייט, רירט זיך ניט, ווי

ניט אים מיינט מען, ווי ער וואָלט דאָ גאָר ניט געווען, אָדער ער וואָלט זאָגן: אַז איך זאָג ניין—ווערט שוין זיין ניין; קענט איר מיר אַפילו געבן מיט עפּעס איבערן קאָפּ, איך וועל קיין פוס ניט געבן..

דערנאָך האָט מען אים אַריינגענומען אין אַ „סטאַנאָק" פון פיר סלופּעס, פאַרצאַמט אים מיט פּלעקלעך, וועלכע זיינען צוגעמאַכט צום סטאַנאָק, הויך, שטייף, פאַרריסן דעם קאָפּ און פעסט אַיינגעבונדן. לָבָן האָט צעשראָקן, פאַרוואונדערט געקוקט, זיך אַיינגעהערט, שטייף אָנגעשטעלט די אויערן, ווי ער וואָלט דאָ פרעגן; וואָס וועט דאָ זיין? פאַרוואָס מוטשעט מען מיך אַזוי?...

מ'האָט אים פאַרוואָרפן אַ פּעטליע אויף אַ הינטערשטן פוס, אַריבערגענומען דעם פוס איבער אַ פּלעקל און גענומען רייניקן...

לָבָן האָט זיך צוגעהערט צום קראַצן פון דעם שאָב-מעסער, פון דער פייל; אָנגעשטרענגט אומגעדרייט דעם קאָפּ, פאַרקרימט די אויגן, ביז דער רויטקייט, וואָס אין די ווינקלען, און האָט בייז אָנגעקוקט.

פּלוצלונג האָט ער זיך אַ שטאַרקן ריס געגעבן, אַ שפּרונג געטאָן אַ זעץ מיט די פיס אין סטאַנאָק; ס'האָט זיך דערהערט אַ מגושמדיקער קלאַפּ, אויסגעמישט מיט אַ ווילדער רעווערײַ,—אַלע זיינען פאַר שרעק אָפּגעשפּרונגען און אַנידערגעפאַלן..:

אַז מ'איז צו זיך געקומען, האָט מען געזען—לָבָן איז געזעסן ווי אַ הונט אויף די הינטערשטע פיס, זיך געשטיקט אויף דעם שטריק, געכאָרכלט, אַרויסגעשטעקט דעם צונג. באַלד האָט אים ווער מיט אַ האַק דעם שטריק איבערגעשניטן. ער האָט אָפּגעעטעמט, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן, פאַרדרייט אים צו דער רעכטער זייט, צום בויך, און איז געבליבן זיצן ווי פריער, ניט גערירט זיך פון אָרט...

דער רעכטער הינטערשטער פוס איז געווען העכער פון דער קני איבערגעבראָכן..

משה סטאַווסקי.



# די ליאַלקע.

די העלע טעג זיינען אַוועק, און מאַרוסיען איז ווידער ערגער געוואָרן. טרויעריק האָט זי געקוקט מיט אירע גרויסע טונקעלע אויגן. איר געלעכטער האָבן מיר שוין לאַנג ניט געהערט. איך האָב אָנגעהויבן צו שלעפן אין הייל אַריין מיינע שפּילגעצייג, נאָר דאָס האָט אויך קנאַפּ-וואָס געהאָלפן. דאַן האָב איך באַשלאָסן צו ווענדן זיך צו מיין שוועסטער סאָניע.

סאָניע האָט געהאַט אַ גרויסע ליאַלקע מיט אַ העל געפאַרבטן

פּנים, מיט לאַנגע פלאַקסענע האָר—אַ מתּנה פון דער פאַרשטאָרבענער מוטער. איך האָב אַוועקגערופן סאָניען אויף אַ זייטיקן שטעגעלע פון סאָד און געבעטן אַנטלייען מיר אויף אַ געוויסע צייט איר ליאַלקע. פון אָנהייב האָט סאָניע אַפילו ניט געוואָלט ענטפערן. און נאָר פעסט צוגעדריקט די ליאַלקע צו זיך. איך האָב איר אָבער אַזוי לעבעדיק באַשריבן דאָס אָרעמע קראַנקע מיידעלע, וואָס האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין אייגענע שפּילגעצייג, אַז זי האָט מיר סוף-כּל-סוף אָפּגעגעבן די ליאַלקע און צוגעזאָגט אין משך פון עטלעכע טעג זיך צו שפּילן מיט אַנ-דערע שפּילגעצייג.

די ליאַלקע האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דער קראַנקער. מאַרוסיע, וואָס האָט געוועלקט ווי אַ בלימל אום האַרבסט, האָט מיטאַמאָל אָפּגעלעבט. זי האָט מיך אַזוי געהאַלדזט, אַזוי הילכיק גע-לאַכט! און אַלץ געפירט שמועסן מיט איר נייער באַקאַנטער... עס איז כּמעט ווונדער געשען: מאַרוסיע האָט אָנגעהויבן אַראָפּצוגיין פון בעטל, און אַלץ אַרומגעפירט זיך מיט דער בלאָנדהאָריקער טעכטערל, און אין די שפּילן מיט איר פלעגט זי זיך צייטנווייז אַפילו אַוועקלאָזן לויפן מיט אירע שוואַכינקע פיסעלעך.

דערפאַר האָט מיר אָבער די ליאַלקע פאַרשאַפט אַ היפּש ביסל אומרויִקע שעהען. קודם-כּל האָב איך, גייענדיק צום באַרג מיט דער ליאַלקע אינם בוזעם, אָנגעטראָפן אויפן וועג דעם אַלטן וועכטער יאַנוש, און ער האָט מיך לאַנג באַגלייט מיט די אויגן און אַלץ געשאָקלט מיטן קאָפּ. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ער וועט מיך שוין געוויס פאַרמסרן פאַרן פאָטער.

נאָכדעם האָט אין אַ פּאָר טעג אַרום די אַלטיטשקע ניאַנקע זיך געכאַפּט אינם היזק און גענומען נישטערן אין אַלע ווינקעלעך. סאָניע האָט זיך געמיט איינצונעמען זי. זי האָט פאַרזיכערט די ניאַנע, אַז זי דאַרף די ליאַלקע גאָרניט האָבן, אַז די ליאַלקע איז אַוועק שפּאַצירן און וועט באַלד קומען.

די ניאַניע האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָ איז עפּעס ניט גלאַט.

אין דעמזעלביקן טאָג האָט דער פאָטער מיך אָפּגעשטעלט אויפן וועג צום טירל אין סאָד און געהייסן בלייבן אין שטוב. אויף מאָרגן האָט זיך איבערגעחזרט דיזעלביקע מעשה. נאָר אין פיר טעג אַרום האָב איך זיך אַרויסגעגנבעט פאַרטאָג, ווען דער פאָטער איז נאָך גע-שלאָפן, אַריבערגעכאַפּט זיך איבערן פאַרקאָן און אַוועק צו מיינע באַקאַנטע.

אויפן באַרג איז געווען ניט פריילעך. מאַרוסיען איז געוואָרן נאָך

ערגער; איר פּנימל האָט געבּרענט מיט אַ מאָדנער רויטקייט; די בּלאָנדע הערלעך זיינען געווען צעשפּרייט איבּערן קישן; זי האָט אונדז מער ניט דערקענט. לעבּן איר איז געלעגן די ליאַלקע מיט די ראָזע בּעקלעך און מיט די נאַריש גלאַנציקע אייגלעך.

איך האָבּ דערציילט וואַלעקן מיין עגמת־נפש. וואַלעק האָט מיר געראָטן אָפּצוטראָגן די ליאַלקע אַהיים. מיר זיינען געווען זיכער, אַז מאַרוסיע וועט דאָס אפילו ניט באַמערקן. נאָר דאָס איז געווען אַ טעות: ווי נאָר איך האָבּ אַרויסגענומען די ליאַלקע פון די הענטלעך בּיי דער פאַרחלשטער מיידעלע, האָט זי געעפנט די אויגן, זיך אַרומגעקוקט מיט אַ פאַרנעפּלטן בּליק, גלייך זי זעט מיך ניט, גלייך זי פאַרשטייט ניט, וואָס דאָ קומט פאָר, און פּלוצים האָט זי זיך צעוויינט, שטיל אַזוי און רחמנותדיק, און דאָס אויסגעדאַרט צעהיצט פּנימל האָט אויסגעדריקט אַזאַ טיפן צער, אַז איך האָבּ אַ דערשראָקענער גלייך צוריקגעלייגט די ליאַלקע אויף איר אָרט. דאָס מיידעלע האָט אַ שמייכל געטאָן, צוגעטוליעט די ליאַלקע צו זיך און זיך בּארויִקט. מיר איז געוואָרן קלאָר, אַז איך האָבּ געוואָלט אָפּנעמען בּיי מיין קליינינקן פריינד די ערשטע און לעצטע פרייד פון איר קורצן לעבּן.

וואַלעק האָט געוואָרפן אויף מיר אַ בּליק פול מיט דערוואַרטונג.

— וואָס־זשע וועט איצט זיין?—האָט ער געפרעגט אומעטיק.

—אָ, עס מאַכט ניט אויס! די ניאַנקע האָט שוין אַוודאי לאַנג פאַרגעסן אָן דעם!—האָבּ איך אים בּארויִקט.

די אַלטע האָט אָבּער ניט פאַרגעסן. בּיים טויער פון אונזער שטוב האָבּ איך ווידער געטראָפן יאַנושן; סאָניען האָבּ איך געפונען אַ פאַרוויינטע, און די אַלטע האָט אויף מיר געוואָרפן אַ בּייזן בּליק, עפּעס וואָרטשענדיק מיטן אַלטן אָנציינערדיקן מויל.

דער פאָטער האָט מיך געפרעגט, פונוואַנען קום איך; ער האָט אויפמערקזאַם אויסגעהערט מיין געוויינלעכן ענטפער און האָט זיך בּאַנוגנט מיטן איבּערחזרן זיין בּאַפעל—איך זאָל בּשום אופן ניט אַרויס פון שטוב אָן זיין דערלויבּעניש.

עס זיינען אַריבּער פיר שווערע טעג. איך האָבּ זיך אַן אומעטיקער אַרומגעבּלאָנקעט איבּערן גאָרטן, געקוקט אַ פאַרבּענקטער אין דער זייט פון בּאַרג. דאָס וואָס ס'וועט מיט מיר זיין—האָבּ איך ניט געוווּסט. אויפן האַרצן איז אָבּער געווען שווער. דאָס גאַנצע לעבּן

האָט מיך קיינער ניט באַשטראָפט. דער פאָטער האָט מיך קיינמאָל מיט אַ פינגער ניט אָנגעריִרט.

איצט האָט מיך געפּלאָגט אַ שווער פאַרגעפּיל.

לסוף האָט מען מיך אַרויסגערופן צום פאָטער אין קאַבינעט. איך בין אַריין און ציטערנדיק געבליבן שטיין ביי דער שוועל. אין פענסטער האָט געשיינט די אומעטיקע האַרבסטיקע זון. דער פאָטער איז געזעסן אין זיין פאָטעל אַנטקעגן דער מוטערס פּאָרטרעט און ניט אומגעקוקט זיך אויף מיר. איך האָב געהערט דאָס אומרויִקע קלאַפּן פון מיין אייגענעם האַרצן.

נאָר אָט האָט ער זיך אָפּגעקערט. איך האָב אויפגעהויבן די אויגן און אין דעמזעלביקן אויגנבליק אַראָפּגעלאָזן זיי. דעם פאָטערס געזיכט איז געווען שרעקלעך. עס איז דורך ביי אַ האַלבע מינוט, און איך האָב אַלץ געפילט אויף זיך זיין שווערן בליק.

— דו האָסט גענומען ביי דער שוועסטער די ליאַלקע?—האָט ער שטרענג געפרעגט.

איך האָב אויפגעציטערט.

— יאָ,—האָב איך שטיל געענטפערט.

— און דו ווייסט, אַז דאָס איז דער מוטערס אַ מַתָּנָה, וועלכע דו האָכט געדאַרפט האַלטן הייליק און טייער?... דו האָסט זי אַוועקגעגעבעט?...

— ניין,—האָב איך געענטפערט און אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

— וואָס הייסט, ניין?—האָט אויסגעשריען דער פאָטער און אָפּגעשטויסן זיין פאָטעל,—דו האָסט זי צוגעגעבעט און אַוועקגעשלעפּט... וווהין האָסטו זי געשלעפּט?... רייד!

— איך וועל ניט זאָגן!—האָב איך שטיל געענטפערט.

— ניין, דו וועסט זאָגן!—האָט ער מיט כּעס אַרויסגערעדט.

ער איז שנעל צוגעגאַנגען צו מיר און אַוועקגעלייגט אויף מיין אַקסל אַ שווערע האַנט. איך האָב זיך אָנגעשטרענגט, אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אַ קוק געגעבן אַרויף. דעם פאָטערס פּנים איז געווען אינגאַנצן בלייך. איך האָב זיך איינגעשרומפּט.

דער פאָטער האָט שווער געאָטעמט. איך האָב זיך נאָך מער איינגעשרומפּט. גליענדיקע טרערן האָבן געברענט מיינע באַקן. איך האָב געוואַרט...

— ע-הע-הע! האָט זיך פּלוצים דערהערט פון אונטערן פענסטער

טיבורציס*) שניידנדיקער קול.—איך זע—האָט ער געזאָגט אין עטלעכע רגעס אַרום שוין אין צימער,—איך זע מיין יונגן פריינד אין אַ גאַנץ שווערער לאַגע.

דער פּאָטער האָט אים באַגעגנט מיט אַ בייזן בליק. טיבורצי איז געווען ערנסט און זיינע אויגן זיינען געווען עפּעס אויסערגעוויינלעך אומעטיק.

— הער ריכטער!—האָט ער אָנגעהויבן ווייך:—לאָזט אָפּ דאָס קינד. ער איז אַפילו געווען אין אַ „שלעכטער געזעלשאַפט”, אָבער גאָט איז אַן עדות, ער האָט קיין שום שלעכטס ניט געטאָן. און אויב ער איז איבערגעגעבן צו מיינע אָפּגעריסענע עופעלעך, איז — אויף מיינע נאמנות — הייסט בעסער מיך אויפהענגען; נאָר איך וועל ניט דערלאָזן, ער זאָל צוליב דעם ליידן... אָט איז דיין ליאַלקע, קליינער!...

ער האָט פונאַנדערגעבונדן אַ פּעקעלע און אַרויסגענומען פון דאָרט די ליאַלקע.

דעם פּאָטערס האַנט האָט אָפּגעלאָזן מיין אַקסל. דער פּאָטער האָט אויסגעזען שטאַרק פאַרוווּנדערט.

— וואָס באַטייט דאָס? האָט ער צום סוף געפרעגט.

— לאָזט אָפּ דאָס יינגל,—האָט טיבורצי נאָך אַמאָל געזאָגט, און זיין ברייטע האַנט האָט מיט ליבע אַ גלעט געטאָן מיין אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.—איר וועט זיך מיט בייזן פון אים גאָרניט דערשלאָגן, איך וועל אייך גערן דערציילן אַלץ, וואָס איר פאַרלאַנגט צו וויסן... קומט אַרויס, הער ריכטער, אין צווייטן צימער. — — — — — — — — — —

איך בין נאָך אַלץ געשטאַנען אויפן זעלביקן אָרט, ווען די טיר פון קאַבינעט האָט זיך אויפגעעפנט, און ביידע, דער פּאָטער און טיבורצי, זיינען צוריקגעקומען. איך האָב ווידער דערפילט עמיצנס האַנט אויף מיין קאָפּ און האָב אַ ציטער געטאָן. דאָס האָט דעם פּאָטערס האַנט צערטלעך געגלעט מיינע האָר.

טיבורצי האָט מיך אָנגענומען פאַר די הענט און פאַרן פּאָטער אין די אויגן אַרויפגעזעצט מיך אויף די קני.

— קום צו גיין צו אונדז, האָט ער געזאָגט:—דער פּאָטער וועט דערלויבן דיר גיין זיך זעגענען מיט מיין מיידעלע. זי... זי איז געשטאָרבן.

טיבורציס קול האָט געציטערט; ער האָט מאָדנע געפינטלט מיט די אויגן, נאָר ער איז גלייך אויפגעשטאַנען, האָט מיך אַראָפּגעלאָזן, זיך אויסגעגלייכט און איז אַרויס פון צימער.

*) טיבורצי איז געווען דער פּאָטער פון דעם קראַנקן מיידעלע.

איך האָב אויפגעהויבן אַ פרעגנדיקן בליק אויף מיין פאָטער. איצט איז געשטאַנען פאַר מיר גאָר אַן אַנדער מענטש. איך האָב מיט צוטרוי אָנגענומען זיין האַנט און געזאָגט:

— איך האָב דאָך ניט געגנבעט... סאָניע האָט מיר אַנטליען... אויף דערווייל.

— יאָ—אָ— האָט ער פאַרטראַכט געענטפערט,—איך ווייס, איך האָב, קינד, געזינדיקט קעגן דיר, נאָר דו וועסט דאָס מיר מיט דער צייט פאַרגעסן, אֶמֶת?

איך האָב האַסטיק אַ כאַפּ געטאָן זיין האַנט און גענומען זי קושן. איך האָב געוווּסט, אַז ער וועט שוין ניט קוקן אויף מיר מיט אַזעלכע שרעקלעכע אויגן, ווי מיט עטלעכע מינוט צוריק. די לאַנג איינגעהאַלטענע ליבע האָט זיך ביי מיר אַ גאָס געטאָן, ווי אַ מעכטיקער שטראָם. דאָס געפיל פון מורֶא האָט זיך אינגאַנצן אויסגעהויכט.

— איך מעג איצט גיין אויפן באַרג?—האָב איך אַ פרעג געטאָן, ווען כ'האָב זוך פלוצים דערמאָנט אָן טיבורציס איינלאַדונג.

— יאָ—אָ... גיי, גיי, מיין קינד,—האָט ער צאַרט אַרויסגערעדט, אַלץ נאָך מיט סימָנים פון פאַרלעגנהייט אין שטימע. — איבעריקנס, קינד מיינס, כ'בעט דיך, וואַרט צו איין ווײַלע.

ער איז אַריין צו זיך אין שלאָפצימער, און אין אַ מינוט אַרום איז ער אַרויס פון דאָרטן און האָט מיר אַריינגעשטופּט אין האַנט עטלעכע אַסיגנאַציעס.

— גיב דאָס איבער... טיבורצין... זאָג, איך האָב זייער געבעטן... פאַרשטייסט? איך בעט זייער, ער זאָל נעמען דאָס געלט... פון דיר... פאַרשטאַנען?... איצט, קינד, גיי, איַיל זיך צו.

איך האָב דעריאָגט טיבורצין אויפן באַרג. אַ פאַרסאָפּעטער האָב איך גענומען שטאַמלען:

— געפעליקסט... בעט דער פאָטער... און איך האָב גענומען שטופּן אים אין האַנט דעם פאָטערס פאַפּירלעך. איך האָב דערביי ניט געקוקט אים אין פּנים אַריין. דאָס געלט האָט ער צוגענומען.

---

אין הייך, אין אַ פינסטערן ווינקל, אויף אַ באַנק, איז געלעגן מאַ-רוסיע. אַן ערנסטע און אַן אומעטיקע מיט אַ טרויעריק אויסגעצויגענעם

פֵּנימל. די פּאַרמאַכטע אויגן זיינען אַביסל איינגעפֿאַלן, און נאָר אַ בלוי־רייפּעלע האָט זיך דייטלעכער געטונקלט אַרום זיי. דאָס מייַלכעלע איז געווען אַביסל פונאַנדערגעעפֿנט, מיט אַן אויסדרוק פון קינדערשן טרויער, און מיט דערדאָזיקער טרויעריקער גרימאַסע אויפן געזיכט האָט זי ווי געענטפֿערט אויף מיינע האַרציקע טרערן.

עמיץ האָט אין אַ ווינקל געקלאַפּט מיט אַ האַק און געגרייט אַ טרונע פון אַלטע ברעטער. עמיצער האָט מאַרוסיען באַצירט מיט האַרבסטיקע בלומען...

וולאדימיר קאָראָלענקאָ.

# האַרבסט.

געלע בלעטער פליען,
פליען אויפן ווינט;
און די וואָלקנס ציען,
ערגעץ־ווו געשווינט.

וועלקט דאָס לעצטע בלימל
אויפן הוילן פעלד,—
און דער גרויער הימל
טרויערט איבער דער וועלט.

פאַלן פון די וועלדער
בלעטער אויפן וועג;
נעפּלדיקע פעלדער,
אומעטיקע טעג...

נָחום י.

# אויפן פעלד.

אויפן פעלד
ווייט אַ קעלט,
יאָגט אַ ווינט אַ בייזער
און ער בייגט,
און ער לייגט
צו דער ערד די גרעזער.

שטיל מיט ווײ
פאַלן זיי
צו דער ערד אַנידער.

ווי גערעדט:
ס'איז שוין שפּעט,
ס'העלפט ניט זיין דער ווידער.

אויס, פאַרביי,
איז דער מאַי
און דער ליבער זומער,
סומנע, קאַלט
און עס פאַלט
אויפן האַרץ אַן אומער.

אברהם רייזען.





# ווינטער-בילדער.

נאָכן זומער קומט דער ווינטער,
קומט דער ווינטער און באַשפּינט ער
שטיבער, באַרג און מאַרק און פּלייט
אין אַ שנייִק ווייסן קלייד.

ווייס און ליכטיק אַ פאַרשנייטער,
און אַ ווייטער און אַ ברייטער,
שטייט אַזוי דער ווייטער וועג
ביז די לינדע פּסח-טעג.

גוייִם קומען זיך צופאָרן,
פירן פולע שליטנס קאָרן,
געבדז און האָלץ און שטרוי און היי
אָנגעלאָדן אָט אַזוי.

יידן שמײַען אום און לויפן,
דינגען, קויפן און פאַרקויפן,
יעדן יידנס פּנים שיינט:
סאַראַ מאַרק אַביסל הײַנט!

חֶבְרֶה לויפן אויף די גליטשן,
מאכן קונצן, הילכן, קוויטשען,
און דער אייז איז בלוי און ווייך,
ווי דער הימל אין דער הייך.

שקָצים אין די גרויסע היטלעך
פליען באַרג-אַראָפּ אויף שליטלעך
מיט אַ פייף און אַ געשריי,
קוליע, קוליע—און אין שניי.

ייִנגלעך ראָיען זיך און שלעפּן,
קייקלען קלעצער שניי און קלעפּן
פעטער שנייערס גוט און וויל,
מיט אַ נאָז און מיט אַ מויל.

שטייט אַ ייִנגל ביי דער טויער,
רייבט דעם אויער: פעטער שנייער,
זאָלסט אַזוי ביז פּסח שטיין,
ביז מע דאַרף אין חֶדֶר גיין.

מאני לייב.

# מאָנטאָג.

מאָנטאָג אינדערפרי האָט זיך טאָם שטענדיק געפילט אומגליקלעך, ווייל פון דעם טאָג הייבט זיך דאָך אָן די נײַע וואָך, ווען מ׳מוז ווידער אָנהייבן צו גיין אין שול. און צו דער שול, האָט טאָם געהאַט זייער אַ קליינעם חשק...

טאָמען איז אפילו ניט אײַנגעגאַנגען דער זונטאָג, וואָרום נאָך יום־טוב איז נאָך שווערער זיך אײַנצושפּאַנען אין יאָך.

ס׳איז מאָנטאָג אינדערפרי. טאָם האָט זיך נאָרוואָס אויפגעכאַפּט.

—„ס׳וואָלט זייער גוט געווען איצט מיטאַמאָל קראַנק ווערן!—טראַכט ער זיך—דאַן וואָלט איך פאַרבליבן אינדערהיים“! און ער הייבט אָן זיך צו שפּירן. אָבער ס׳טוט אים קיינזאַך ניט וויי. ער באַטראַכט זיך נאָכאַמאָל:—עפּעס אַזוי ווי אַ שניידונג אין בויך. ער דערפרייט זיך. די שניידונג גייט אָבער באַלד איבער און טאָם נעמט ווידער טראַכטן. פּלוצלונג—סאַר אַ גליק! דער אייבערשטער צאָן שאָקלט זיך. טאָם וויל שוין אָנהייבן צו שרייען. אָבער דאָ באַטראַכט ער זיך, אַז, ווען ער זאָל אָנווייזן אויפן צאָן, קען נאָך די מומע פּאָלי דעם צאָן אַרויסרייסן. און פאַרן אַרויסרייסן אַ צאָן האָט ער זייער מורא—ס׳טוט דאָך שטאַרק וויי!

און עס בלייבט ביי אים—לאָזן דעם צאָן אויפן לעצטן פאַל און דערווייל זוכן עפּעס אַן אַנדער מחלה.

ס׳איז שווער, זייער שווער צוצוטראַכטן, נאָר ביסלעכווייז נעמט ער זיך דערמאָנען, אַז אַמאָל האָט דער דאָקטאָר דערציילט אַ געשיכטע וועגן איינעם אַ קראַנקן, וואָס איז צוליב אַ פינגער געלעגן איבער דריי וואָכן אין בעט.

טאָם שטעקט האַסטיק אַרויס פון אונטער דער דעקע דעם פינגער, וואָס אַ שוואַרצער זשוק האָט אים נעכטן אײַנגעביסן, און נעמט אים באַטראַכטן. איין צרה נאָר—ער ווייס ניט, וואָס פאַר אַ סימנים מ׳דאַרף האָבן צום קראַנקן פינגער. ער וועט אָבער פּרוּוון, אפשר וועט זיך אײַנגעבן.

און ער הייבט אָן צו קרעכצען.

דער ברודער סיד, וואָס שלאָפט מיט טאָמען צוזאַמען, הערט אָבער, ווייזט אויס, ניט די קרעכצן. טאָם שטרענגט זיך אָן און קרעכצעט שטאַרקער. און ס׳נעמט זיך אים דאַכטן, אַז דער פינגער הייבט טאַקע אָן וויי צו טאָן. סיד רירט זיך נאָך אַלץ ניט.

טאָם ווערט מיד פון אָנשטרענגונג. ער רוט זיך אַביסל אָפּ און נעמט זיך ווידער צו דער אַרבעט.

ער מאַכט דאָס אַזוי קונציק, ווי אַן אֶמֶתער חולֶה.

סיד ליגט אַלץ און כראָפּעט.

טאָמען כאַפּט אָן אַ כַּעס. ער הייבט אָן צו שרייען און צו טרייסלען דעם ברודער: סיד! סיד! סיד!...

דאָס העלפּט. סיד כאַפּט זיך אויף, גענעצט זיך אויס, הייבט זיך אויף און קוקט אָן טאָמען.

סיד פרעגט ביי אים:—טאָם, וואָס איז דיר, טאָם? טאָם ענטפערט ניט.

—טאָם, הער נאָר, טאָם! וואָס איז דיר?—פרעגט איבער סיד און קוקט מיט שרעק דעם ברודער אין פָּנים אַריין.

טאָם האָט שוין אָבער קיין כּוח ניט. קוים וואָס ער קרעכצעט.

— לאָז מיך, סיד! לאָז! ס'איז מיר שלעכט!

—וואָס איז דיר, טאָם? איך וועל אַריינרופן די מומען!...

—מ'דאַרף ניט... ס'וועט איבערגיין... רוף ניט...

—וואָס איז דיר, טאָם? הער אויף צו קרעכצען, איך האָב מורֶא, זאָג, וואָס טוט דיר וויי!

—רייד ניט, סיד. איך קען ניט!—אָך!...

—פאַרוואָס האָסטו מיר פריער ניט אויפגעוועקט! הער אויף, טאָם! ס'איז שרעקלעך! זאָג, וואָס טוט דיר וויי!

— איך בין דיר מוחל, סיד... (א קרעכץ) פאַר אַלץ, וואָס דו האָסט מיר געטאָן... אַז איך וועל שוין ניט זיין...

— טאָם, טאָם! וואָס איז דאָס, דו שטאַרבסט?...

— איך בין אַלעמען מוחל, סיד... (אַ קרעכץ) זאָג זיי דאָס און גע- דענק: מיין רעמעלע און מיין קעצעלע גיב אַוועק דער מיידעלע, וואָס איז ניט לאַנג אַהער געקומען צופאָרן, און זאָג איר...

סיד האָט אַרויפגעכאַפּט אויף זיך אַ בֶּגֶד און איז אַרויסגעלאָפן.

איצט האָט זיך שוין טאָם אַזוי צוגעוויינט צו זיין ראָל, אַז דער קרעכץ איז אויסגעקומען אַזוי ווי נאַטירלעך.

סיד איז אַראָפּגעלאָפן צו דער מומען און האָט אויסגעשריען:

— מומע! גיכער! טאָם שטאַרבט אַוועק!

— שטאַרבט אַוועק?

— יאָ, גיכער, קומט אַרויף!

— נאַרישקייטן, ער וועט ניט שטאַרבן!—האָט זי געזאָגט. פונ- דעסטוועגן האָט זי זיך גלייך געלאָזט לויפן צו טאָמען. סיד און די שוועסטער מערי זיינען איר נאָכגעגאַנגען.

די מומע איז געוואָרן בלאַס. די ליפּן האָבן בײַ איר געציטערט.
— טאָם, וואָס איז דיר?—האָט זי קוים אַרויסגערעדט.
—אָי, מומע, איך...
—זאָג, וואָס איז, וואָס איז דיר, מײַן קינד!
—מומע, דער פינגער... אַ גאַנגרענע!...
די מומע האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויפן שטול און גענומען לאַכן, דערנאָך וויינען און נאָכדעם ביידע זאַכן צוזאַמען.
—אָ, טאָם, ווי דו האָסט מיך איבערגעשראָקן!... נו, גענוג שוין צו מאַכן זיך נאַריש! שטיי אויף!
די קרעכצן האָבן אויפגעהערט און דער פינגער האָט שוין מער ניט ווי געטאָן.
דאָס ייִנגל האָט זיך אַ ביסל פאַרשעמט און געזאָגט:
—מומע, ס'האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך האָב אַ גאַנגרענע, ס'האָט אַזוי געשטאָכן, אַז איך האָב גאָר פאַרגעסן אָן צאָן.
—דער צאָן? וואָס איז מיט דײַן צאָן?
—ער שאָקלט זיך און טוט שרעקלעך ווי...
—ווייז אַ קוק טאָן, עפן אויף דעם מויל, אָבער הער אויף צו קרעכצן!... יאָ, דער צאָן שאָקלט זיך טאַקע, דערפון וועסטו אָבער ניט שטאַרבן... מערי, דערלאַנג מיר אַ פאָדעם און ברענג אַ האַלעוועשקע פון קיך.
—מומינקע,—האָט זיך טאָם אָנגעהויבן צו בעטן: זײַט, רײַסט אים ניט אַרויס, אָט האָט ער שוין אויפגעהערט ווי צו טאָן, איך וועל שוין מער ניט דערציילן אײַך, אַז ער וועט אַפילו ווי טאָן. זײַט, טשעפּעט אים ניט. איך וויל גאָרניט פאַרבלײַבן אינדערהיים. איך גיי, איך גיי אין שול!...
אַ—אַ—אַ! דו ווילסט שוין ניט? דעם גאַנצן טומל האָסטו דאָס געמאַכט, כּדי צו פאַרבלײַבן אינדערהיים, ניט צו גיין אין שול!... אַי, טאָם, איך האָב דיך אַזוי ליב, און דו, כּסדר דו זוכסט מיטלען מיר אָנצומאַכן עגמת נפש!...
דערווײַל האָט מען צוגעגרייט די געצײַג אויף אַרויסצונעמען דעם צאָן.
די אַלטע האָט אַרומגעדרייט איין ברעג פון דעם פאָדעם אַרום דעם צאָן און דעם צווייטן צוגעבונדן אָן בעט. דערנאָך האָט זי גענומען די ברענעדיקע האַלעוועשקע און אַרײַנגערוקט דעם ייִנגל אין פּנים אַרײַן. איין אַ ווײַלע אַרום איז שוין דער צאָן געהאַנגען אויפן פאָדעם.

מארק טווען.



* * *

ס'איז דער שניי דער ערשטער
היינט אַרויסגעפאַלן.
אָפּגעקאַלכט די שטיבער,
אָפּגעווייסט די שטאָלן.

טיפע פערד-טריט-צייכנס—
נעכטן דאָ געפאָרן—
טרעטן אַרויס שאַרפער
האַרט און איינגעפראָרן.

שווער דעם טייך צו קייקלען
די געדיכטע וועלן,
נאָך איין קאַלטע כוואַליע
און ער וועט זיך שטעלן.

ראלניק.



## די שפּיל אין לאָטאָ.

דער פּאַפּאַ, די מאַמאַ און די מומע נאַדיע זיינען ניטאָ אינדערהיים, זיי זיינען אַוועקגעפאָרן אויף אַ מזל-טוב צו דעם אַלטן אָפיציר, וואָס פאָרט אַרום אויף דעם קליינעם גראָען פערדל.

גרישע, אַניע, אַליאָשע, סאָניע און דער קעכינס זון אַנדריי וואַרטן אויף זייער קומען. אַלע זיצן זיי אין עס-צימער ביים טיש און שפּילן אין לאָטאָ.

אייגנטלעך איז שוין לאַנג צייט פאַר זיי צו גיין שלאָפן. ווי קען מען אָבער גיין שלאָפן, אַז די מאַמע איז נישטאָ? און חוץ דעם—זי וועט דאָך קומענדיק דערציילן אַלץ, וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען, ווי ס'האָט אויסגעזען דאָס נייגעבאָרן קינד, וואָס פאַר אַ גוטע זאַכן מ'האָט דערלאַנגט צום טיש...

איבערן טיש הענגט אַ בליצלאָמפּ. אויפן טיש זיינען אָנגעוואָרפן קלעצלעך מיט ציפער, גלעזלעך, פּאַפּירלעך, שאָלעכץ פון ניס. לעבן יעדערן פון די שפּילער ליגן צו צוויי קאָרטן און אַ קופּקע גלעזלעך אויף צו פאַרדעקן די ציפער.

איבערן מיטן טיש ווייסלט זיך אַ טעצעלע מיט פינף איינציקע קאָפּיקעס. לעבן טעצעלע ליגט אַן איינגעביסענער עפּל, אַ שערעלע און אַ טעלערל, אין וועלכן מ'דאַרף אייגנטלעך וואַרפן די שאָלעכץ פון די ניס. די קינדער שפּילן אין געלט—אַ קאָפּיקע אַ קאָן. און ס'איז אָפּגערעדט,—ווער עס וועט פאַלשעווען, דעם באַזייטיקט מען גלייך פון דער שפּיל.

אויסער די שפּילער איז אין צימער קיינער ניטאָ. די ניאַניע זיצט אונטן אין קיך. דער עלטערער ברודער, וואַסיע, אַ שילער פון 5-טן קלאַס, ליגט אין זאַל אויפן דיוואַן און ס'איז אים אומעטיק. די קינדער זיינען פאַרקאָכט אין דער שפּיל. און מער פאַר אַלעמען—גרישע. דאָס קען מען זען ביי אים אויפן פּנים.

גרישע איז אַ קליין בײַניאָריק ייִנגל מיט אַ גלאַט אָפּגעשאָרענעם קאָפּ, מיט אָנגע־קוואָלענע באַקן און מיט פּעטע ליפּן. ער גייט שוין אין ערשטן קלאַס און דעריבער האַלט מען אים פאַר אַ גרויסן און פאַר דעם קליגסטן. ער שפּילט נאָר צוליב געלט. ווען אויפן טעצעלע וואָלטן ניט געלעגן די קאָפּיקעס, וואָלט ער שוין לאַנג געשלאָפן. זײַנע ברוינע אייגעלעך לויפן אומרויִק אַרום איבער די קאָרטן פון די מיטשפּילער. די מורא, אַז ער קען ניט געווינען, די קינאה און די געלט־חשבונות, וואָס דרייען זיך בײַ אים אין דעם אָפּגעשאָרענעם קאָפּ, לאָזן אים ניט אײַנזיצן רויִק און באַטראַכטן די געגנג. ער דרייט זיך, ווי ער וואָלט זיצן אויף שפּילקעס.

אַז ער געווינט, כאַפּט ער זשעדנע צו דאָס געלט און באַהאַלט עס גלײַך אין קעשענע.

זײַן שוועסטער אַניע, אַ מיידל פון אַ יאָר אַכט, מיט אַ שפּיציקער מאָרדעטשקע און מיט קלוגע בלישטשעדיקע אויגן האָט אויך מורא, אַז עמיצער אַן אַנדערער וועט געווינען. זי ווערט אַלע ווײַלע רויט און בלאַס און גיט אַכטונג אויף די שפּילער. די קאָפּיקעס אינטערעסירן זי ניט, בײַ איר איז די הויפּטזאַך—דאָס מזל און די ערע.

די אַנדערע שוועסטער סאָניע, אַ מיידל פון אַ יאָר זעקס, מיט געקרייזלטע האָר און מיט רויטע געזונטע באַקן שפּילט אין לאָטאָ גלאַט אַזוי, צוליב דער שפּיל גופא. איבערן פּנים בײַ איר איז צעגאָסן אַ גוטמוטיק שמייכעלע. ווער עס זאָל ניט געווינען—אַלע מאָל לאַכט זי און פּאַטשט מיט די הענטלעך.

אַליאָשע—אַ פּוכקער קײַלעכדיקער קאַראַפּוז בלאָזט זיך און סאָפּעט און גלאָצט מיט די אויגן אויף די קאָרטן. ער שפּילט ניט צוליב געלט און ניט צוליב כּבוד. ער איז זייער דאַנקבאַר, וואָס מע לאָזט אים צו צום טיש און מע טרײַבט אים ניט שלאָפן. אַליאָשע האָט אַ פאַרשלאָפענעם אויסזען, אָבער דאָס איז אַ קינד אַ שד. ער איז אויסן ניט אַזוי די שפּיל, ווי די קריגערייען, וואָס מוזן פּאָרקומען בײַם שפּילן. ער האָט שטאַרק הנאה, ווען עמיצער דערלאַנגט וועמען אַ זעץ אָדער מע זידלט עמיצן אָפּ. ער דאַרף שוין לאַנג ערגעץ־ווו אַרויסגיין. ער טרעט אָבער ניט אָפּ פון טיש, ווײַל ער האָט מורא, מ'זאָל ניט צונעמען זײַנע גלעזלעך מיט די קאָפּיקעס. אַזוי ווי ער קען נאָך ניט אַלע ציפער, העלפט אים פאַרשטעלן די ציפער די שוועסטער אַניע.

דער פינפטער שפּילער, דער קעכינס זון אַנדריי, אַ שוואַרץ, קרענקלעך ייִנגל אין אַ קאַרטונענעם העמדל, שטייט אומבאַוועגלעך און קוקט פאַרטראַכט אויף די ציפער. אים אַרט ניט, ווען עמיצער געווינט. ער איז אויך קיינעם ניט מקנא. ער האָט זיך פאַרטראַכט איבער די ציפער און וווּנדערט זיך: אַזוי פיל ציפער זײַנען פאַראַן און מע פּלאָנטערט זיי ניט!

אַלע כּסדר רופן אויס די ציפער, אויסער אַניען און אַליאָשען.

אַזוי ווי ס'ווערט נמאס אָנצורופן רק די ציפער, פאַרבײַט מען זיי מיט אַנדערע נעמען. זיבן איז בײַ די שפּילער אַ קאָטשערע. עלף—שטעקנס. א. ד. ג.

די שפּיל גייט לעבעדיק.

— 32!—שרײַט אויס גרישע, אַרויסציענדיק פון פּאַפּאַס היטל געלע קלעצלעך—
17! קאָטשערע! 28!...

אַניע זעט, אַז אַנדריי האָט פאַרחלומט דעם 28. אַן אַנדערש מאָל וואָלט זי אים

אויף דעם אָנגעוויזן, איצט אָבער, ווען עס גייט אום כּבוד, איז זי זייער צופרידן פון אַזאַ פּאַרזען.

— 23! — זאָגט ווייטער גרישע — ניין!

— אַ פּרייס! אַ פּרייס! — שרייט פּלוצלונג אויס סאָניע, אָנווייזנדיק אויף אַ פּרייס, וואָס ליגט אויפן איבערן טיש.

— אַי!

— הַרגעט אים ניט! — שרייט אַליאָשע — ער האָט דאָך געוויס קינדערלעך...

סאָניע קוקט אויפן פּרייס און טראַכט זיך: וואָס פאַר אַ פּיטשינקע קינדערלעך עס דאַרפן זיין די פּרייסעלעך.

— 43! איינס! — שרייט אויס גרישע און ער איז מקנא אַניען, וואָס ביי איר זיינען שוין צוויי ציפער פאַרשטעלט — זעקס!

— אויסגעשפּילט! כ'האָב געוווּנען! — שרייט אויס סאָניע, קוקנדיק אויף אַלעמען, און לאַכט.

ביי אַלעמען ציען זיך אויס די פּנימער פאַר וווּנדער.

— איבערקוקן! — שרייט גרישע, קוקנדיק אויף סאָניען מיט שינאה.

אַזוי ווי מע האַלט גרישען פאַר דעם עלטסטן און קליגסטן, הערט מען זיך צו צו זיינע רייד. וואָס ער זאָגט, דאָס טוט מען.

לאַנג געדויערט די רעוויזיע. עס ווייזט זיך אָבער אַרויס צום גרויסן באַדויערן פון די שפּילער, אַז סאָניע האָט געשפּילט אָרנטלעך.

ס'הייבט זיך אָן אַ נייער קאָן.

— אוי, האָב איך נעכטן עפּעס געזען! — הייבט אָן אַניע צו ריידן ווי צו זיך אַליין — פיליפּ האָט פאַרקאַשערט די ברעמען און די אויגן זייגען ביי אים געוואָרן אַזוינע רויטע, שרעקלעכע, ווי ביי אַ שד.

— איך האָב דאָס אויך געזען! — זאָגט גרישע — אַכט!... ביי אונז איז פאַראַן אַ שילער, וואָס קען באַוועגן מיט די אויערן...— 28!

— אַנדריי קוקט זיך איין אויף גרישען און זאָגט צו אים פאַרטראַכטערהייט — איך קען אויך מאַכן מיט די אויערן...

— נו, מאַך!...

אַנדריי פינטלט מיט די אויגן, מאַכט מיט די ליפּן און מיט די פינגער און עס דאַכט זיך אים, אַז די אויערן זיינע באַוועגן זיך.

אַלע לאַכן.

— פיליפּ איז אַ שלעכטער! — דערציילט ווייטער סאָניע — נעכטן איז ער אַריין צו אונדז אין צימער, און איך בין געווען אין איין העמדל. איך האָב זיך אַזוי פאַרשעמט!

— אויסגעשפּילט! — שרייט פּלוצלונג אויס גרישע, צונעמענדיק דאָס געלט פון טעצל — כ'האָב געוווּנען! איר קענט איבערזען, אויב איר ווילט!

דער קעכינס זון הייבט אויף די אויגן און ווערט בלאַס.

— איך טאָר שוין מער ניט שפּילן — זאָגט ער.

— פאַרוואָס?

— איך האָב שוין מער קיין געלט ניט...

— אָן געלט שפּילט מען ניט! — זאָגט גרישע.

אַנדריי פּרוּווט נאָך זוכן אין די קעשענעס. ער געפינט אָבער דאָרט נאָר ברעק-לעך און אַ צעביסענעם בליישטיפט.

ער פאַרקרימט דעם מויל און הייבט אָן אויף גיך צו פינטלען מיט די אויגן, ווי ער וואָלט זיך קלייבן וויינען.

—איך וועל שטעלן פאַר דיר!—זאָגט אַניע, וואָס קען ניט אַריבערטראָגן זיין טרויעריקן בליק—אָבער זע, זאָלסט מיר שפּעטער אָוועקגעבן!

דאָס געלט ווערט אַריינגעטראָגן און די שפּיל גייט ווייטער.

—דאַכט זיך, אַז מע קלינגט ערגעץ!—זאָגט אַניע אין מיטן שפּילן און שטעלט אויס גרויסע אויגן.

אַלע הערן אויף צו שפּילן און קוקן מיט אָפענע מיילער אין פינסטערן פענסטער. הינטער דער פינסטערניש זעט זיך די אָפּשיין פון לאָמפּ.

—ס'האָט זיך דיר אָפּגעדאַכט!

—ביינאַכט קלינגט מען נאָר אויפן בּית-עולם!—זאָגט אַנדריי.

—פאַרוואָס עפּעס קלינגט מען דאָרט?

כּדי די גזלנים זאָלן זיך ניט אַריינגנבענען אין קלויסטער... פאַר אַ קלונג ציטערן זיי.

—נאָך וואָס קומען די גזלנים אין קלויסטער?—פרעגט אַניע.

—וואָס הייסט?... הרגענען די וועכטער!

אַ מינוט גייט אַריבער אין שווייגן.

אַלע קוקן זיך איבער, טוען אַ ציטער און פירן ווייטער די שפּיל.

איצט געווינט אַנדריי.

—ער האָט געפאַלשעוועט!—שרייט אויס גלאַט אַזוי אַליאָשע.

—אַ ליגן! איך שפּיל אָרנטלעך!

אַנדריי ווערט בלאַס, פאַרקרימט דעם מויל און טוט אַ זעץ אַליאָשען איבערן קאָפּ. אַליאָשע שפּרינגט אויף פון אָרט און לאָזט אַראָפּ אַנדרייען אַ פּאַטש אין באַק. ביידע שלאָגן זיך און וויינען אויפן קול. סאָניע קען ניט אַריבערטראָגן די שרעק און וויינט זיך אויך פונאַנדער. דער עסצימער ווערט פול מיט קולות.

די שפּיל אָבער האָט זיך נאָך ניט געענדיקט. עס גייט ניט אַריבער קיין פינף מינוט און די קינדער לאַכן שוין ווידער און שמועסן פרידלעך צווישן זיך. די פּנימער זייִנען נאָך פאַרוויינט, אָבער דאָס שטערט זיי ניט צו שמייכלען.

אין צימער קומט אַריין וואַסיע, אַ שילער פון פינפטן קלאַס. ער איז פאַרשלאָפן און פאַרומערט.

—מ'טאָר דאָס גאָרניט דערלאָזן, קליינע קינדער זאָלן שפּילן אין געלט!—טראַכט ער זיך, קוקנדיק, ווי גרישע קלינגט מיט די קאָפּיקעס אין קעשענע.

די קינדער זייִנען אָבער אַזוי פאַרטיפט אין דער שפּיל, אַז ער אַליין קריגט אויך אַ חשק זיך צו צוזעצן און פּרוּוון דעם מזל.

—וואַרט, איך וויל אויך שפּילן!—ווענדט ער זיך צו זיי.

—שטעל אַ קאָפּיקע!

—באַלד!—זאָגט ער און זוכט אין די קעשענעס. קיין קאָפּיקע געפינט ער אָבער ניט.

—קיין קאָפּיקע האָב איך ניט, איך האָב אַ רובל. איך שטעל אַ רובל!

—ניין, ניין!... אַ קאָפּיקע שטעל!

—נאַראָנים! אַ רובל איז דאָך מער ווי אַ קאָפּיקע—גיט ער זיי צו פאַרשטיין—ווער עס וועט געווינען, וועט מיר געבן אויסגאָב.

—ניין, מיר ווילן ניט, גיי אַוועק!

דער שילער פון פינפטן קלאַס קוועטשט מיט די פלייצעס און גייט אין קיך לייען ביי דער קעכין קליינגעלט. אין קיך קריגט ער אָבער אויך ניט קיין קליינגעלט.

—ווייסטו וואָס, צעבייט מיר דעם רובל!—שטייט ער צו צו גרישען, קומענדיק פון קיך—איך וועל דיר באַצאָלן פאַרן בייטן אויך... ווילסט ניט?... אויב אַזוי, פאַרקויף מיר צען קאָפּיקעס פאַר אַ רובל!

גרישע קוקט אויף וואַסיען מיט חשד: צי וויל ער אים דאָ ניט אָפּנאַרן?

—איך וויל ניט!—ענטפערט ער, האַלטנדיק זיך פאַר דער קעשענע.

וואַסיע ווערט אין כּעס, ער זידלט זיך, רופט אָן די שפּילער „באַלוואַנעס".

—איך וועל דיר לייען, וואַסיע!—זאָגט סאָניע—זעץ זיך!

דער גימנאַזיסט זעצט זיך און לייגט אַוועק פאַר זיך צוויי קאָרטן. סאָניע הייבט אָן אויסצורופן די ציפער.

—כ'האָב אַרויסגעוואָרפן אַ קאָפּיקע!—מעלדעט פּלוצלונג גרישע מיט אַ וויינענדיקן קול—וואַרט!...

מ'נעמט דעם לאָמפּ און מ'קריכט אונטערן טיש זוכן די קאָפּיקע. מ'טאַפּט אָן די שאָלעכץ, די שפּייעכץ, מ'קלאַפּט זיך אָפּ דעם קאָפּ. די קאָפּיקע אָבער געפינט מען ניט. מ'זוכט ווייטער, ביז וואַנען וואַסיע רייסט אַרויס ביי גרישען דעם לאָמפּ און שטעלט אים אַוועק אויפן טיש. גרישע זוכט נאָך אַלץ אין דער פינסטער.

סוף־כּל־סוף האָט ער די קאָפּיקע געפונען.

די שפּילער זעצן זיך צום טיש און ווילן שפּילן ווייטער.

—סאָניע שלאָפט!—ווייזט אָן אַליאָשע. און ס'איז טאַקע אמת. סאָניע האָט אַוועקגעלייגט דאָס געקרייזלט קעפּל אויף די הענט און שלאָפט—זיס, רויִק און שטאַרק, אַזוי ווי זי וואָלט איינגעשלאָפן מיט אַ שעה צוריק.

זי איז איינגעשלאָפן גאָר אומגעריכט, אין דער צייט, ווען מ'האָט געזוכט די קאָפּיקע.

—גיי, לייג זיך ביי דער מאַמען אין בעט!—זאָגט אַניע, אַרויספירנדיק זי פון צימער—קום!

אַלע פירן זי.

אין אַ פינף מינוט אַרום שטעלט פאָר די מאַמעס בעט אַ אינטערעסאַנט בילד. סאָניע שלאָפט. לעבן איר כראָפּעט אַליאָשע. מיט די קעפּ אויף זייערע פיס ליגן און שלאָפן גרישע און אַניע. אין בעט האָט זיך אויך אַוועקגעלייגט דער קעכינס זון אַנדריי.

לעבן די קינדער וואַלגערן זיך די קאָפּיקעס, וואָס האָבן שוין איצט פאַרלאָרן זייער כּוח ביז אַ צווייטער שפּיל.

אַ גוטע נאַכט!

אנטאן טשעכאוו.



# ווינטער.

קינדער טאַנצן אין די בעטן,
טוען אָן זיך, וואָס געשווינטער,
ניט אַ רגע צו פאַרשפעטן:
ווינטער, ווינטער, מלך ווינטער!
— „מאַמע, מאַמע, קום אַרויס,
זע די טורעמס קעגן הויז,
אַלטער, קאַלטער זיידע פראָסט
האָט פאַרגעסן און געלאָזט
אויף דער ערד זיין ווייסן קיטל״...
אָנגעוויקלט ווי אַ קנויל,
און געכאַפּט אַ ביס אין מויל,
און פון אַלקערל דאָס שליטל,
הענדום פענדום פון די שטיגן,
און חברים באַלד געקריגן,
און אַ שאָט זיך פון די הייזער,
און דערנאָך פון באַרג אין טאָל
פליען אַלע מיטאַמאָל.
שפּרינגען אין דעם ווייכן שניי
יונגע מאַמעס הינטער זיי,
ווער אַהער און ווער אַהין
מיט געשפּאַסן און געלעכטער,
העלפן אונטער קליינע זין,
פירן אונטער קליינע טעכטער.
און אַ גליטש מיט זיי צוזאַמען.
אויגן פינקלען, אויגן פלאַמען, —
און דער פראָסט באַפּוצט מיט
פּודער...
ווערט אַ ליאַרעם און גערודער,—
אַ געשפּאַן פון שליטלעך פאָרט,
זיבן אין אַ ריי געפּאָרט,
און אַ מאַמע אויבנאָן
אין אַ גרינעם קאַפּושאָן
פירט און קירעוועט דעם צוג.
און אינמיטן, טו אַ קוק,
גלייך פון הינטן זאַלבעצענט
אַ געפלעכט פון פיס און הענט,
און אַריין אין סאַמע מיטן,
קערן איבער זיך די שליטנס...
ליגן קינדער איינגעקנאָטן
אין די גריבער שניי ווי קראָטן,
ברוין און געל און גרין און ווייס,
אויסגעמישט מיט פראָסט און אייז,
הענטשקעס, היטלעך, שיך און
שאַלן...
שרייט אַ קליינער „עסקימאָ״,
אָנגעפּעלצט אין רויט און בלאָ:
„קינדער, לאָמיר ווידער פאַלן!״...

יהואש.



# נעלאָ און פּאַטראַש

## א.

נעלאָ און פּאַטראַש האָבן זיך שטאַרק באַפריינדעט איינער מיט דעם אַנדערן. נעלאָ איז געווען אַ קליין ייִנגל, פּאַטאַרש — אַ גרויסער הונט. ביידע זיינען זיי געווען כּמעט אין איינע יאָרן, נאָר איינער—נאָך גאָר יונג און דער אַנדערער—שוין זייער אַלט.

ביידע זיינען זיי געווען עלנטע פאַרוואָרלאָזטע יתומים.

אַ סך יאָרן האָבן זיי פאַרבראַכט צוזאַמען, זיך צוגעבונדן איינער צום אַנדערן און די פריינדשאַפט זייערע איז וואָס ווייטער אַלץ געוואַקסן און זיך געשטאַרקט.

זיי האָבן געוווינט אין אַ קליין הייזל אין עק פון אַ פלאַמאַנדישן דערפל, אַ קילאָ־מעטער ווייט פון אַנטווערפּן.

אַרום דעם דאָרף האָבן זיך אין אַלע זייטן ווייט און ברייט געצויגן גאָלד־פאַרביקע קאָרנפעלדער און גרינע לאָנקעס.

דאָס גאַנצע דערפל איז באַשטאַנען פון אַ פּאָר צענדליק הייזלעך מיט העל־גרינע ליכטיקע בלויע לאָדנס און מיט ווייסע בלישטשעדיקע ווענט.

אינמיטן דאָרף, אויף אַ בערגל, וואָס איז געווען באַוואַקסן מיט מאָך, איז געשטאַנען אַן אַלטע ווינטמיל און אַנטקעגן איר—אַן אַלטער קלויסטער.

צוויי מאָל אין טאָג, אינדערפרי און פאַרנאַכט, פלעגן זיך דערהערן פון דעם קלויסטער־טורעם הייזעריקע טרויעריקע טענער. און זינט נעלאָ און פּאַטראַש געדענקען זיך, האָבן זיך אַלץ געהערט די דאָזיקע אומעטיקע טענער.

אין צפון־מזרח זייט האָט זיך געזען דער שפּיץ פון דעם אַנטווערפּענער קלויסטער און הינטער אים — ווייט ווייט, מיט אַן אויג ניט צו דערוואַרפן— ווידער קאָרנפעלדער און גרינע לאָנקעס.

דאָס הייזל אין עק דאָרף האָט געהערט צו אַן אָרימען אַלטיטשקן יאָהאַן דאַאַס.

יאָהאַן דאַאַס איז אַמאָל געווען אַ זעלנער און האָט אָנטייל גענומען אין אייניקע מלחמות.

דער אַלטער האָט זיך אָבער אין די מלחמות צו קיין זאַך ניט דערדינט און איז נאָר געקומען אַהיים אַקאַליקע.

אַז יאָהאַן דאַאַס איז געוואָרן אַז אַכציקער, איז אַוועקגעשטאָרבן זיין איינציקע טאָכטער און האָט אים איבערגעלאָזט אַ ירושה—אַ צוויי־יאָריק קינד. דער אַלטער האָט זיך שטאַרק צונעבונדן צום יונגן אייניקל און אים זייער ליב געקראָגן.

דאָס אָרעם נידעריק הייזל, אַ ווייסינקס און אַ קלאָרינקס ווי אַ ים־מושל, איז געשטאַנען אין אַ גאָרטן, וווּ עס זיינען געוואַקסן באָב, גראָזן און קירבעסן.

דער אַלטער איז געווען זייער אָרעם, אַזוי אָרעם, אַז ניט אַלע מאָל איז געווען דאָס שטיקל ברויט. ניט געקוקט אָבער אויף דעם, האָבן זיך דער אַלטער מיטן אייניקל געפילט גליקלעך און פאַרלאַנגט נאָר איין זאַך—פּאַטראַש זאָל שטענדיק זיין מיט זיי.

פּאַטראַש איז געווען זייער איינציק פאַרמעגן, זייער שפּייזער און באַהעלפער, זייער איינציקער פריינד און טרייסטער.

אָן פּאַטראַשן האָבן זיי ניט געקאָנט לעבן. ווען ער זאָל אַוועקשטאַרבן און זיי־

פאַרלאָזן, וואָלטן זיי געוויס אומגעקומען, ווייל דער אַלטער יאָהאַן דאַאַס איז געווען אַ קאַליקע און נעלאָ—נאָך גאָר אַ קינד.

ב.

פאַטראַש איז געווען אַ גרויסער פלאַמאַנדישער הונט, מיט אַ געלן פעל, מיט לאַנגע שטאַרטשענדיקע אויערן און מיט ברייטע געזונטע לאַפּעס.

ער האָט געהערט צו דעם מין הינט, וועלכע מע באַנוצט אין פלאַנדריע אויף צו שלעפּן מַשָאות.

דאָס גאַנצע לעבן האָט פאַטראַש פאַרבראַכט אין שווערער אַרבעט און געליטן ביטערע נויט.

אָנשטאָט ברויט האָט מען אים שטענדיק געגעבן קלעפּ, אָנשטאָט אַ גוט=וואָרט האָט ער כּסדר געהערט קללות און זידלערייען.

אויפן דרייצענטן חודש פון זיין לעבן איז פאַטראַש אַריינגעפאַלן צו אַ הענדלער, וואָס האָט אַרומגעפירט אין אַ וועגעלע פאַרשיידענע כּלים.

דער הענדלער איז געווען אַ שלעכטער מענטש און אַ שיכּור.

ער פלעגט אָנפּאַקן אַ פולן וואָגן מיט בלעכענע און קופּערנע כּלים און נויטן פאַטראַשן דאָס אַלץ צו שלעפּן.

ער אַליין פלעגט זיך פויל גיין ביי דער זייט און צופרידן רויכערן די שוואַרצע ליולקע.

ביי דעמדאָזיקן באַלעבאָס האָט זיך פאַטראַש זייער פיל אָנגעליטן אי הונגער, אי קעלט, אי קלעפּ.

צום גליק איז פאַטראַש געווען זייער געזונט און איז ניט געפאַלן אונטער דער שווערער מַשָא.

איינמאָל, נאָך צוויי יאָר פון אַזאַ קאַטאָרזשנעם לעבן, האָט זיך פאַטראַש, ווי געוויינטלעך, געשלעפּט איבער אייגעם פון די אומעטיקע פאַרשטויבטע וועגן, וואָס פירן קיין אַנטווערפּן.

ס'איז געווען אַ הייסער זומערדיקער טאָג.

דאָס וועגעלע איז געווען שווער אָנגעלאָדן. דער באַלעבאָס איז געגאַנגען ביי דער זייט און פון צייט צו צייט אונטערגעטריבן דעם הונט מיט אַ שמיץ פון דער בייטש איבער דער פאַרוווּנדעטער פּלייצע.

דער מידער פאַטראַש פלעגט ביי יעדן שמיץ אויפציטערן מיט אַלע גלידער. ענדלעך האָט ער אינגאַנצן פאַרלאָרן די כּוחות. די זון האָט געברענט, די מַשָא האָט געדריקט, קלעפּ האָבן זיך געשאָטן, שוין אַ מעת=לעת, ווי ער האָט גאָרנישט ניט געגעסן, אַפילו קיין ביסל וואַסער אין מויל ניט געהאַט.

פלוצלונג האָט ער זיך אַ טרייסל געטאָן, אַרום מויל ביי אים האָט זיך באַוויזן אַ שוים און ער איז אַגידערגעפאַלן.

ער איז געפאַלן אינמיטן וועג, אויפן רעכטן זונבּרען.

דער באַלעבאָס האָט אים געגומען שטופּן מיטן פוס, מכבד זיין מיט קלעפּ און מיט זידלערייען. פאַטראַש אָבער האָט שוין אַזוי ווי ניט געהערט די זידלערייען, ניט געפילט די קלעפּ.

דער באַלעבאָס האָט געמיינט, אַז דער הונט איז געפּגרט, האָט ער אַראָפּגענומען דעם שפּאַן, אָפּגעשלעפּט דעם הונטס קערפּער פון וועג און אַריינגעוואָרפן אים אין אַ טאָל. מיט כּעס און מיט זידלערייען האָט ער זיך אַליין אייַנגעשפּאַנט אין וועגעלע און אַוועקגעשלעפּט אים באַרג־אַרויף איבערן וועג.

ג.

פּאַטראַש איז געלעגן אין דעם פאַרוואָקסענעם טאָל ביים וועג. אין יענעם טאָג זיינען איבער דעמזעלביקן וועג דורכגעגאַנגען און דורכגעפאָרן הונדערטער מענטשן.

אַלע האָבן זיך געאײַלט אין דער שטאָט אַריין אויף אַ מאַרק. פּאַטראַשן האָט אָבער קיינער ניט באַמערקט. וואָס אַרט וועמען פאַר אַ טויטן הונט?

נאָר אָט האָט זיך אויפן וועג באַוויזן אַן איינגעהויקערטער הינקעדיקער זקן.

פאַמעלעך האָט ער זיך געשלעפּט אין זיינע אַלטע בגדים איבער דעם פאַר־שטויבטן וועג הינטער אַ המון אויסגעפּוצטע פּויערים.

דערזעען דעם הונט, איז דער אַלטער אַראָפּ אין טאָל, אַראָפּגעלאָזט זיך אויפן גראָז און באַקוקט אים מיט גרויס רחמנות.

צוזאַמען מיטן אַלטן איז געגאַנגען אַ קליין ראָז ייִנגל מיט ווייסע הערלעך און שוואַרצע אייגלעך, פון אַ יאָר דריי—פיר. דאָס ייִנגל האָט זיך אויך צוגעקוקט צום הונט. אָט אַזוי האָבן זיי זיך דאָס צום ערשטן מאָל באַגעגנט—דער קליינער נעלאָ און דער גרויסער פּאַטראַש.

דער הונט האָט זיך שוין קוים עטוואָס געהאַט אָפּגעטשוכעט.

מיט גרויס מי האָט אים דער אַלטער יאָהאַן געבראַכט צו זיך אַהיים.

דער אַלטער מיטן אייניקל זיינען זאָרגעוודיק אַרומגעגאַנגען אַרום דער קראַנקן הונט און פּאַטראַש איז אינגיכן געזונט געוואָרן. די כּוחות האָבן זיך צו אים צוריקגעקערט און ער האָט זיך געשטעלט אויף די געזונטע דיקע לאַפּעס.

אין משך פון עטלעכע וואָכן איז נאָך דער הונט געווען שוואַך. ס'איז אים דאָ אָבער זייער גוט געווען. ער האָט שוין ניט געהערט איבער זיך קיין בייזע קולות, נאָר אַ צאַרט קינדערש געלעכטערל, ניט געפילט קיין ווייטאָקדיקע קלעפּ, נאָר אַ צערטלעכן גלעט פון דעם אַלטן.

דער אַלטער מיטן אייניקל האָבן געמאַכט פאַר פּאַטראַשן ביי זיך אין הייזל אַ געלעגער פון שטרוי און געזאָרגט פאַר אים, ווי פאַרן בעסטן פריינד.

אַז פּאַטראַש איז געזונט געוואָרן און צום ערשטן מאָל זיך פונאַנדערגעבילט, האָבן זיך דער זיידע מיטן אייניקל הילכיק צעלאַכט און שיר ניט געוויינט פאַר פרייד.

דער קליינער נעלאָ האָט אויסגעפּלאָכטן פאַרן הונט אַ האַלדזבאַנד פון מאַר־גאַריטקעס, האָט אָנגעטאָן דעם קראַנקן פּאַטראַשן אויפן האַלדז און געגומען אים קושן אין מאָרדע מיט זיינע פרישע ראָזע ליפּן.

מיט גרויס פאַרוווּנדערונג האָט פּאַטראַש געקוקט אויף די נייע באַלעבאַטים, וואָס שרייען ניט און שלאָגן זיך ניט.

---

דער אַלטער יאָהאַן איז געווען זייער אָרעם.

ער האָט געלעבט פון דעם, וואָס די רייכע פּויערים פלעגן אים צאָלן פאַרן

אַוועקפירן זייער מילך קיין אַנטווערפּן. יאָהאַן איז געווען זייער אַן אָרנטלעכער מאַן און די פויערים האָבן זיך דעריבער אויף אים פאַרלאָזן.

פאַר דעם שוואַכן זקן איז אָבער די אַרבעט מיט דער צייט צו שווער געוואָרן. ער איז שוין אַלט געווען 83 יאָר און ביז אַנטווערפּן איז אַ שטאַרקער קילאָמעטער גאַנג.

ליגנדיק אויף דער זון מיטן קראַנץ מאַרגאַריטקעס אויפן האַלדז, פלעגט פּאַטראַש זען, ווי דער אַלטער ברענגט און פירט אַוועק די קריג מילך.

איינמאָל, נאָך איידער דער אַלטער איז צוגעגאַנגען צום וועגעלע, האָט זיך פּאַטראַש געשטעלט צווישן די ביידע אַלאָבלעס און באַוויזן, אַז ער איז גרייט צו פאַרדינען דאָס ברויט, וואָס מ׳גיט אים.

פון דעמאָלט אָן האָט דער הונט אַלע טאָג גענומען פירן די מילך קיין אַנט־ווערפּן.

פאַר פּאַטראַשן איז דאָס געווען אַ שפּילכעלע צו פירן דאָס לייכטע העל־גרינע וועגעלע מיט די בלישטשעדיקע קריג. אים איז געווען זייער אַנגענעם, וואָס ביי דער זייט הינקט אונטער דער גוטער אַלטיטשקער, וואָס טוט קיינמאָל אויף אים קיין הויכן געשריי ניט.

די אַרבעט פלעגט געדויערן נאָר עטלעכע שָעה, נאָכער איז פּאַטראַש געווען אינגאַנצן פריי. ער האָט זיך געקענט אויסציען און דרעמלען אויף דער זון, אַרומלויפן מיט נעלאָן איבער די פעלדער אָדער שפּילן זיך מיט זיינע פריינד—די הינט.

פּאַטראַש האָט זיך געפילט גליקלעך.

## ד.

עס זיינען אַריבער עטלעכע יאָר. דער אַלטער יאָהאַן איז זייער אָפּגעשוואַכט געוואָרן און האָט שוין מער ניט געקאָנט גיין נאָכן וועגעלע. דערפאַר איז פאַר דער צייט אונטערגעוואַקסן נעלאָ. ער איז שוין אַלט געוואָרן 7 יאָר. פריער פלעגט ער שוין אויך אָפט באַגלייטן דעם זיידן אין שטאָט אַריין. ער האָט גוט געוווסט דעם וועג און האָט איצט געקאָנט אינגאַנצן פאַרבייטן דעם זיידן.

נעלאָ האָט גענומען פירן און פאַרקויפן די מילך.

דער קליינער נעלאָ איז געווען זייער אַ שיין קינד. זיינע שוואַרצע פאַרטראַכטע גוטע אויגן, דער רויטער פאַרב אין די באַקן, די בלאָנדע לאַנגע געקרייזלטע האָר פלעגן פאַרוווּנדערן אַ סך קינסטלער.

זיי פלעגן אַנטציקט ווערן פאַר דער גרופּע, וואָס איז באַשטאַנען פון דעם גרינעם וועגעלע מיט די קופּערנע קריג, פון דעם גרויסן שוואַרצן הונט און דעם קליינעם קינד, וואָס לויפט ביי דער זייט פון וועגעלע אין די גרויסע הילצערנע שיך מיט אַן ערנסטן ליבלעכן גליקלעכן פּנים.

און די קינסטלער פלעגן אָפטמאָל אַראָפּצייכענען די פּראַכטפולע גרופּע.

נעלאָ און פּאַטראַש האָבן אַזוי גוט און פריילעך אויסגעפירט די אַרבעט, אַז אַפילו זומער האָט דער זיידע ניט געדאַרפט זיך שלעפּן אין שטאָט אַריין. ער האָט געקאָנט זיצן אויפן גאַניקל, דרעמלען אויף דער זון און וואַרטן רויִק אויף זייער קומען.

קומענדיק אַהיים פלעגט זיך פּאַטראַש באַפרייען מיט אַ פריילעכן בילעריי פונם שפּאַן און נעלאָ פלעגט מיט שטאָלץ דערציילן וועגן די אַלע געשעענישן פון טאָג. דערנאָך

פלעגן זיך אַלע זעצן מיטאָג עסן. דער מיטאָג יאז באַשטאַנען פון שוואַרץ-ברויט מיט מילך אָדער מיט גענקעכץ. דערוויל פלעגט אָנהייבן צו ווערן טונקל. אַלע פלעגן זיך פאַרקוקן אויף דעם, ווי די שאָטנס לאָזן זיך אַראָפּ אויפן ברייטן פליין און וויקלען איין דעם שפּיץ פון קלויסטער. און אַז ס'פלעגט שוין גוט פינסטער ווערן, פלעגן זיי גיין שלאָפן.

אַזוי זיינען אַריבער טעג און וואָכן.

נעלאָ און פּאַטראַש האָבן זיך געפילט גליקלעך.

## ה.

איין זאַך נאָר האָט פאַרשאַפט פּאַטראַשן גרויס צער. אין אַנטוועדפּן זיינען פאַראַן זייער אַ סך הויכע פינסטערע קלויסטערס. נעלאָ פלעגט אָפט אַ היין אַריינגיין און פאַרפאַלן ווערן דאָרט אויף עטלעכע שעה. פּאַטראַש פלעגט פאַרבלייבן איינער אַליין אויף דער גאַס און לאַנג לאַנג וואַרטן אויף נעלאָן. אומזיסט האָט ער זיך גע-בראָכן דער קאָפּ, געוואָלט פאַרשטיין, נאָכוואָס גייט אַהין נעלאָ.

איינמאָל האָט ער אויך געפּרוווט אַהין אַריינגיין, זען וואָס עס איז דאָרט אינעווייניק. ער איז געוועסט שוין אַרויפגעקראָכן מיטן וועגעלע אויף די טרעפּ, נאָר אַ וועכטער אין שוואַרצע בגדים האָט אים פון דאָרט אַראָפּגעטריבן.

דערהויפּט האָט געקימערט פּאַטראַשן דאָס, וואָס נעלאָ גייט אַלעמאָל אַרויס פון דאָרטן עפּעס אַ מאָדנער: אָדער שרעקלעך בלייך אָדער רויט און אויפגערעגט.

נאָך אַזאַ באַזוך פלעגט נעלאָ קומענדיק אַהיים זיך ניט שפּילן, ניט אַרומלויפן. אַ פאַרטראַכטער און אַן אומעטיקער פלעגט ער זיך אַוועקזעצן אין אַ ווינקעלע און פאַרקוקן זיך אויף די פאַרנאַכטיקע וואָלקנס.

— וואָס קען דאָס זיין?—האָט זיך פּאַטראַש געטראַכט. עס איז אים אויסגעקומען מאָדנע ניט פאַרשטענדלעך, וואָס אַ יונג קינד איז אַזוי ערנסט. און אים האָט זיך געוואָלט פריילעך מאַכן דעם יונגן חבֿר זיינעם.

מיט אַלע כוחות האָט ער זיך באַמיט צו פאַרהאַלטן נעלאָן לעבן זיך אויף די העל-באַלויכטענע פעלדער, אין די טומלדיקע מאַרק-פּלעצער.

נעלאָ האָט אָבער אַלץ ניט אויפגעהערט צו באַזוכן די קלויסטערס. אָפטער ווי אומעטום פלעגט ער אַריינקומען אין איינעם פון די קלויסטערס און פאַרבלייבן דאָרט גאָר שפּעט, ביז וואַנען די אייזערנע טויערן פלעגן זיך פאַרמאַכן.

דאַן ערשט פלעגט ער אַרויסגיין אין גאַס, אַרומנעמען דעם הונט, קושן אים און ריידן צו אים:

— אַך, פּאַטראַש, ווי מיר וואָלט זיך וועלן זיי זען!...

— וועמען מיינט ער דאָס?—האָט געטראַכט פּאַטראַש, קוקנדיק אויפן יינגל מיט זיינע גרויסע קלוגע אויגן.

איינמאָל איז דער וועכטער אַוועקגעגאַנגען און די טירן פון קלויסטער זיינען פאַרבליבן אָפן. פּאַטראַש האָט זיך דאַן אַריינגעגנבעט אינעווייניק און געפונען דאָרט נעלאָן. דאָס יינגל איז געשטאַנען לעבן אַ וואַנט, אויף וועלכער עס זיינען געהאַנגען צוויי פאַרדעקטע בילדער. נעלאָ האָט געקוקט אויף די בילדער מיט פאַרבענקטע אויגן.

דאָס יינגל האָט אַרויסגעפירט פּאַטראַשן פון קלויסטער און מיט טרערן אין די אויגן צו אים זיך אָפּגערופן:

— אַך, פּאַטראַש, ווי שלעכט עס איז צו זיין אַן אָרעמאַן! ווער עס האָט ניט קיין געלט, קען ניט אָנקוקן די בילדער!... דער קינסטלער רובענס האָט דאָך זיי געמאָלט פאַר אַלעמען, ניט נאָר פאַר די רייכע און איצט באַווייזט מען זיי נאָר די, וואָס קענען דערפאַר באַצאָלן. אַך, ווען איך וואָלט קענען אַ קוק טאָן אויף זיי כאָטש איין מאָל!...

איצט האָט פּאַטראַש פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר. ער האָט אָבער מיט קיין זאַך ניט געקענט העלפן זיין קליינעם פריינד. דאָס אָרעם קינד האָט ניט געהאַט קיין געלט און זיין האַרץ האָט זיך מיט ווייטאָק געדריקט פון דעם שטאַרקן פאַרלאַנג אָנצוקוקן די פאַרהאַנגענע בילדער.

## ו.

גייענדיק דורך דער אַלטער שטאָט באַנאַנד מיט זיין טרייען פריינד, פלעגט זיך דאָס ייִנגל געמען פאָרשטעלן, ווי אַזוי עס דאַרפן אויסזען די פאַרהאַנגענע בילדער.

דער הונגעריקער אָרומגעריסענער פאַרמאַטערטער נעלאָ פלעגט פאַרגעסן אַלע צָרות, ווען ער פלעגט זיך פאַרטיפן אין די זיסע חלומות.

אין דעם אָרימען עלנטן אומוויסנדן ייִנגל איז געווען פאַרבאָרגן אַ טאַלאַנט פון אַ קינסטלער.

קיינער האָט דאָס אָבער ניט געוווּסט, אַפילו ער אַליין אויך ניט. נאָר פּאַטראַש האָט געזען, ווי נעלאָ צייכנט אויף די שטיינער די אַרומיקע קעגנשטאַנדן. נאָר דער הונט האָט געזען ווי נעלאָס אויגן פאַרנעפּלען זיך און דאָס פּנים זיינס לייכט פון באַגייסטערונג ביי אַ העלן זון-אונטערגאַנג אָדער ביי דער שטילער שיין פון אָוונטרויט. און אָפט האָט פּאַטראַש געפילט, ווי עס פאַלן אויף זיין האָריקן קאָפּ פון דעם קינדס ליכטיקע אויגן הייסע טרערן, טרערן פון גליק...

און דער אַלטער זיידע האָט זיך שטענדיק געטענהט זיינס...

— איך וואָלט רויִק קענען שטאַרבן, נעלאָ, ווען איך וואָלט וויסן, אַז דו וועסט האָבן אַן אייגן הייזל און אַן אייגן שטיקל ערד, אַז דו אַליין וועסט עס באַאַרבעטן און אַלע וועלן דיך רופן „באַאַס".

האָבן אַן אייגן שטיקל ערד און זיין אַ באַלעבאַס—דאָס איז דער חלום פון יעדן פלאַמאַנדישן פויער און דער אַלטער יאָהאַן איז געווען זיכער, אַז ער ווינטשט זיין אייניקל די בעסטע און גליקלעכסטע צוקונפט. נעלאָ האָט אָבער ניט געטראַכט וועגן אַ רויִקן דאָרפישן לעבן—ער האָט גאָר געחלומט צו ווערן אַ קינסטלער.

אַלע זיינע חלומות און פאַנטאַזיעס פלעגט נעלאָ פאַרטרויען נאָר איין פּאַטראַשן, ווען זיי פלעגן צוזאַמען פירן דאָס וועגעלע, אָדער צוזאַמען ליגן אויפן ברעג פון קאַנאַל, צווישן דעם רוישיקן אַיִר.

ס'איז שווער איבערצוגעבן דידאָזיקע חלומות מיט ווערטער, און אויך ניט אַלע וואָלטן זיי געקענט פאַרשטיין.

## ז.

אויסער פּאַטראַשן פלעגט נאָך נעלאָ פאַרטרויען זיינע חלומות דער קליינער אַלאָיזע, וואָס האָט געוווינט אין דער אַלטער רויטער מיל אויפן גרינעם בערגל.

איר פאָטער, דער מילנער, איז געווען דער רייכסטער פויער אין דאָרף.

די קליינע אַלאָיזע איז געווען זייער אַ שיין מיידעלע, מיט אַ קיילעכדיקן גע-
זונטן פּנימל און מיט גרויסע שוואַרצע אויגן.

זי פלעגט אָפט פאַרברענגען מיט נעלאָן און פּאַטראַשן. צוזאַמען פלעגן זיי אַלע אַרומלויפן איבער די פעלדער, שפּילן אין שניי-באַלן, רייסן בלומען, קלייבן יאַגדעס, צוזאַמען אָפט זיצן לעבן פריילעכן פייער ביי דעם מילער אין שטוב.

איינמאָל האָט אַלאָיזעס פאָטער, וואָס איז געווען זייער אַ פּראָסטער מענטש, געטראָפן אַזאַ סצענע: אויף דער לאָנקע הינטער דער מיל, אויפן היי, איז געזעסן זיין טאָכטער. ביי איר אויף די קני איז געלעגן דער גרויסער קאָפּ פון פּאַטראַשן. ביידע, דאָס קינד און דער הונט, זיינען געווען באַהאַנגען מיט קרענץ פון מאַנבלומען און קאָרנבלומען און נעלאָ האָט זיי אָפּגעצייכנט מיט קויל אויף אַ קלאָרער ווייסער ברעט.

דער מילנער האָט זיך אָפּגעשטעלט און אַ קוק געטאָן אויפן פּאָרטרעט. דאָס בילד איז געווען אַזוי ענלעך, אַז ער איז אַנטציקט געוואָרן פאַר אים. פאַר גרויס פרייד האָבן זיך אים געשטעלט טרערן אין די אויגן. דער מילנער האָט זייער ליב געהאַט די טאָכטער זיינע און דעריבער איז אים דאָס בילד אַזוי געפעלן געוואָרן.

ער איז אָבער געווען זייער אַ שלעכטער מענטש און האָט די פרייד זיינע ניט אַרויסגעוויזן. פאַרקערט, ער האָט נאָך גענומען שרייען אויף אַלאָיזען, פאַרוואָס זי פאַר-ברענגט די צייט אין גאַרנישט און העלפט ניט דער מוטער אַרבעטן.

דאָס מיידל האָט זיך דערשראָקן און איז וויינענדיק אַוועק אַהיים.

ביי נעלאָן האָט דער מילנער צוגענומען די ברעט און נאָך גענומען בייזערן זיך אויף אים:—אָט מיט וואָס פאַר אַ נאַרישקייטן דו פאַרנעמסט זיך!

דאָס ייִנגל איז רויט געוואָרן און האָט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ.

— איך צייכן אַלץ, וואָס איך זע!—האָט ער שטיל געענטפערט. דער מילנער האָט אַ ווײַלע געשוויגן און נאָכער אַרויסגענומען און דערלאַנגט דעם ייִנגל אַ זילבערנע מטבע.

—ס'איז נאַרישקייטן!— האָט ער אַ זאָג געטאָן — אָבער דער פּאָרטרעט איז זייער ענלעך און וועט פאַרשאַפן מיין פרוי פיל פאַרגעניגן.. נאַ דיר דערפאַר אַ פראַנק!...

ביי דידאָזיקע ווערטער איז דער פאַרב פאַרשוואונדן פון נעלאָס פּנים. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, פאַרלייגט די הענט אַהינטער און געזאָגט:

— איך דאַרף קיין געלט נישט. נעמט דעם פּאָרטרעט אָן געלט!

ער האָט אַ רוף געטאָן פּאַטראַשן און איז אַוועק מיט אים דורך די פעלדער אַהיים.

## ח.

דער מילנער איז געקומען אַהיים זייער אַ צעטראָגענער.

— אַלאָיזע דאַרף זיך ניט באַגעגענען מיטן ייִנגל—האָט ער געזאָגט צו דער פרוי—ער איז פאַר איר קיין חבר ניט, זי איז רייך און ער איז אָרעם...

—ער איז אָבער אַ ווויל און אָרנטלעך קינד—האָט די פרוי באַמערקט און ניט גע-קענט זיך אָפּוואונדערן פון דעם פּאָרטרעט, וואָס נעלאָ האָט אָנגעצייכנט.

— דאָס איז אמת—האָט געזאָגט דער מילנער.

— טאָ פאַרוואָס זאָלן זיי זיך ניט שפּילן?

— איך וויל ניט!—האָט ער גראָב געענטפערט.

די מוטער האָט געשוויגן.

פון יענסמאָל אָן האָט מען שוין דאָס מיידל צו נעלאָן ניט אַרויסגעלאָזט.

נעלאָ האָט דאָס באַמערקט און ס׳האָט אים שטאַרק געקרענקט. ער האָט ניט געוווּסט, מיט וואָס ער האָט דאָ פאַרזינדיקט, און געפילט אַן אומרעכט. ער איז אָבער געווען אַ שטאָלץ קינד און האָט אויפגעהערט צו גיין צו דער מיל.

און אַז די קליינע אַלאָיִזע פלעגט דערזעענדיק אים פון ווייטן צולויפן צו אים, פלעגט ער מיט אַ ליבלעכן און טרויעריקן שמייכל זאָגן צו איר:

—גיי ניט צו מיר, אַלאָיִזע, ברענג ניט אַריין אין כּעס דעם פאָטער דיינעם! ער וויל ניט, אַז מיר זאָלן זיך טרעפן!...

פריער פלעגן נעלאָ מיט פּאַטראַשן שטענדיק זיך אָפּשטעלן אין דער אַלטער מיל. פונם פענסטער פלעגט אַרויסקוקן אַלאָיִזעס ליב פּנימל; ס׳פלעגט זיך ווייזן איר הענטל, וואָס האָט שטענדיק געהאַלטן גרייט פאַר פּאַטראַשן אַ ביין אָדער אַ שטיקל ברויט.

איצט האָט דער הונט טרויעריק געקוקט אויף דער פאַרמאַכטער טיר.

מיט אַ ווייטאָק אין האַרצן פלעגט דאָס ייִנגל גיך דורכלויפן פאַרביי דער מיל.

אַלאָיִזע פלעגט זיצנדיק אין צימער זען ווי זיי גייען פאַרביי און די אויגן אירע פלעגן דאַן פול ווערן מיט טרערן. די קינדער האָבן זיך באַגעגנט אַלץ זעלטענער.

דאָס ברעטל איז פונדעסטוועגן געהאַנגען ביים מילנער אין שטוב, אויף דער וואַנט איבערן אייוועלע. נעלאָ האָט בשום אופן ניט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס די מתּנה האָט מען ביי אים צוגענומען און אים אַליין פאַרטריבן. ער האָט זיך אָבער אויף דעם ניט באַקלאָגט.

דער אַלטער זיידע פלעגט אָפּט זאָגן צו אים:

— מיר זיינען אָרעם, נעלאָ, און דעריבער מוזן מיר אָננעמען פאַר גוט אַלץ, וואָס דער אייבערשטער מאַכט מיט אונז. דעם אָרעמאַן טאָר זיך ניט געלוסטן.

דאָס ייִנגל פלעגט שווייגנדיק אויסהערן די רייד פון דעם זיידן און דערביי פלעגט די נשמה זיינע פול ווערן מיט האָפענונג. עפּעס אַן אומבאַוווּסטע אינעווייניקסטע שטימע האָט גערעדט צו אים: „ניין, דער אָרעמער קען אויך שטרעבן צו בעסערס! פון אַן אָרעם קינד קען אויך אַרויסוואַקסן אַ גרויסער מענטש“!

דער גלויבן אין די אייגענע כּוחות איז ביים ייִנגל געווען אַזוי גרויס, אַז איינמאָל, ווען אַלאָיִזע איז געקומען צו אים אַ פאַרוויינטע און דערציילט, אַז מאָרגן פייערט מען איר געבורטסטאָג און די עלטערן ערלויבן איר ניט אים איינצולאַדן אויפן יום־טוב, האָט ער זיך אָפּגערופן צו איר מיט אַ זיכערער שטימע:

— וויין ניט, אַלאָיִזע, מיט דער צייט וועט זיך אַלץ אומבייטן. איך וועל אַמאָל זיין אַ באַרימטער קינסטלער! און דאַן וועט שוין דיין פאָטער פאַר מיר די טיר ניט פאַרמאַכן!...

נעלאָ האָט זיך פאָרגעשטעלט אַ גליקלעכע צוקונפט. אָט איז ער געוואָרן באַרימט. אומעטום באַגעגנט מען אים מיט פרייד, יעדערער ווייזט אויף אים אָן מיטן פינגער:

— זעט, אָט איז ער, דער קינסטלער—זאָגן די פויערים איינער צום אַנדערן— זיין נאָמען קלינגט אין דער גאַנצער וועלט. ער איז דאָך אַמאָל געווען אונזער אָרעמער נעלאָ, וואָס האָט אַרומגעפירט מיטן הונט מילך קיין אַנטווערפּן“.

ער, נעלאָ, וועט אויספּוצן דעם אַלטן זיידן אין טייערע בגדים, פאַר פּאַטראַשן וועט ער קויפן אַ גאָלדענעם האַלדזבאַנד. ער וועט אַרומנעמען דעם הונט און זאָגן:

— אָט איז מיין חבֿר! אָט איז דער, וואָס איז אַמאָל געווען מיין איינציקער פריינד!

ער וועט אויסבויען אַ גרויסן ווייסן מירמלנעם פּאַלאַץ, וואָס וועט זיך געפינען צווישן פּראַכטפולע סעדער. דאָרט, אין דעם פּאַלאַץ, וועט ער באַזעצן די אַלע אָרעמע פאַרוואָרלאָזטע קינדער, וואָס שטרעבן צו גוטסקייט און שיינקייט. ער וויל, אַז אַלע זאָלן זיין גליקלעך.

די גליקלעכע חלומות האָבן אים אַזוי באַהערשט, אַז ער איז ביי זיך ניט אַראָפּגעפאַלן אַפילו אין דעם טאָג, ווען מע האָט אים ניט איינגעלאַדן אויפן יום-טובֿ פון אַלאָיזעס געבורטסטאָג.

ב״ים מילנער איז איצט פריילעך. ס׳האָבן זיך דאָרט פאַרזאַמלט אַלע דאָרפישע קינדער, זיי עסן גוטע זאַכן, לאַכן, טאַנצן אונטער די קלאַנגען פון פלייט און פידל. און זיי, נעלאָ מיט פּאַטראַשן, גייען מידע און הונגעריקע איבערן ווייסטן וועג אַהין אין דעם אָרעמען פינסטערן הייזל.

— זאָרג ניט, פּאַטראַש! — האָט זיך נעלאָ געווענדעט צום הונט, צוהערנדיק זיך צו די פריילעכע קינדערשע קולות, וואָס האָבן זיך געטראָגן אין דער ביינאַכטיקער פינ-סטערניש — ס׳וועט נאָך אַמאָל אונדז אויך זיין גוט!

נעלאָ האָט געגלייבט אין דער צוקונפט און געשפּייזט זיך מיט די זיסע חלומות.

פּאַטראַש איז אָבער געווען אַ הונט. ער האָט געהאַלטן, אַז אַ געשמאַקע וועטשערע איז בעסער פאַר די זיסע חלומות און גייענדיק פאַרביי דער מיל פלעגט ער טרויעריק וואָרטשען.

## ט.

נעלאָ האָט געהאַט אַ סוד, וואָס דערפון האָט געוווּסט נאָר איין פּאַטראַש.

הינטער דעם הייזל איז געווען אַ קליין קעמערל, מיט אַ קליין פענסטערל, וואָס קיינער פלעגט אַהין ניט אַריינקומען.

נעלאָ האָט זיך דאָ איינגעאָרדנט אַ סטודיע און גענומען מאָלן.

פון הילצערנע שטאַנגען האָט ער צונויפגעקלאַפּט אַ מאָלבערט*), אָנגעצויגן אויף אים אַ גרויסן גראָען בויגן פּאַפּיר און אָנגעצייכנט אויף אים איינע פון זיינע פילע פאַנטאַזיעס.

קיינער האָט נעלאָן קיינמאָל קיינזאַך ניט געלערנט. ער האָט געצייכנט פון זיך אַליין. ער האָט אויך קיין געלט ניט געהאַט צו קויפן די בויטיקע מכשירים. פלעגט ער זיך אָפּזאָגן פון ברויט און איינשאַפן זיך פּאַפּיר, קרייט אָדער קויל.

נעלאָ האָט אָנגעמאָלט מיט קרייט דעם אַלטן האָלצהעקער מיכל, ווי ער זיצט פאַרגאַכטלעך אויף אַ קלאָץ.

קיינער האָט נעלאָן ניט געוויזן, ווי אַזוי מע דאַרף צייכענען, און דאָך איז דאָס בילד זיינס געווען וווּנדערלעך גוט.

דער פעטער מיכל איז געזעסן ווי אַ לעבעדיקער. אויפן צעקנייטשטן מידן פּנים פון דעם זקן איז געלעגן אַ שטילער טרויער. דאָס פּנים האָט דערציילט וועגן לאַנגיאָ-ריקער שווערער פּראַצע, וועגן אַן עלנטן עלטער, וועגן אַ גאַנצן לעבן פון צרות און פּיין.

*) מאָלבערט — אַ שטענדער, אויף וועלכן די קינסטלער שטעלן אַרויף אַ בילד בשעתן מאָלן.

דער אַלטער מיכל איז געווען איינגעהילט אין דער פינסטערניש פון דער אַנקומענדיקער נאַכט.

דאָס בילד האָט געוויס געהאַט פיל פעלערן, אָבער דאָך האָט עס אויסגעזען לעבעדיק און שיין, ווי דאָס לעבן אַליין.

נעלאָ האָט געטראַכט אַוועקצושיקן דאָס בילד קיין אַנטווערפּן אויפן באַשטימטן קאָנקורס. דאָרט, אין אַנטווערפּן, איז געווען געמאָלדן, אַז יעדער טאַלענטפולער ייִנגל ביז 18 יאָר אַלט קען צושטעלן זײַנע אַ צייכענונג און פאַר דער בעסטער אַרבעט גיט מען אַרויס אַ פּריז פון 200 פראַנק. אַלס ריכטער זײַנען באַשטימט געוואָרן די דריי גרויסע קינסטלער פון דער הויפּט־שטאָט.

אַ גאַנץ פרילינג, זומער און האַרבסט האָט נעלאָ געאַרבעט איבער זײַן בילד.

ווען ער באַקומט דעם פּריז, קריגט ער דאָך די מיגלעכקייט צו לערנען זיך מאָלן!...

קיינעם האָט ער דערפון אַ וואָרט ניט געזאָגט.

דער זיידע וואָלט אים געוויס ניט פאַרשטאַנען. נאָר פּאַטראַש, וואָס איז שטענדיק בײַגעווען בײַ זײַן אַרבעט, האָט געוווּסט פון דעם סוד.

און אין אַ קאַלטן ווינטערדיקן אויפדערנאַכט האָט נעלאָ מיט אַ האַרצקלאַפּעניש פאַר האָפענונג און שרעק אַוועקגעפירט זײַן גרויס בילד אין שטאָט אַרײַן און עס אָפּגעגעבן אין דעם באַשטימטן אָרט.

— ס׳קען דאָך זײַן, אַז דאָס בילד מיינס טויג גאָרנישט! — האָט נעלאָ אַ טראַכט געטאָן און זיך דערשראָקן.

איצט, ווען ער האָט שוין געהאַט אָפּגעגעבן דאָס בילד, איז אים אויסגעקומען, אַז ער האָט געטאָן זייער נאַריש. צי דען קען אַ קליין אָרעם באָרוועס און אומוויסנד ייִנגל שאַפן עפּעס אַזוינס, אויף וואָס עס זאָלן לייגן אַכט די גרויסע קינסטלער?...

באַלד אָבער האָט ער באַקומען פרישן מוט. ער איז פאַרבײַגעגאַנגען פאַרבײַ אַ קלויסטער און דערזען רובענסעס אַ סטאַטוע. און אים האָט זיך געדאַכט, אַז פון דער פינסטערניש קומט אַרויס צו אים דער שאָטן פונם באַרימטן קינסטלער און זאָגט צו אים:

„פאַרליר ניט די האָפענונג, נעלאָ! מ׳דאַרף זײַן דרייסט, אויב מע וויל דערגרייכן דאָס, צו וואָס מע שטרעבט!... ווען איך וואָלט געווען אַ פּחדן און ניט קיין ענערגישער, וואָלט מײַן נאָמען ניט פאַרבליבן אויף אייביק באַרימט אין דער גאַנצער וועלט!“

נעלאָ איז געקומען אַהיים אַ געטרייסטער. ער האָט געטאָן אַלץ, וואָס ער האָט געקאָנט.

9

ס׳איז געווען אַ קאַלטער ווינטער. אין יענער נאַכט, ווען נעלאָ מיט פּאַטראַשן זײַנען געקומען אַהיים, איז אַרויסגעפאַלן אַ שניי. דער שניי איז געגאַנגען עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד און האָט פאַרשאָטן אַלע וועגן און שטעגן אין פעלד.

אַלע טייכן זײַנען פאַרפרוירן געוואָרן. דער פראָסט האָט זיך אַלץ געשטאַרקט. עס איז שווער געוואָרן צו פירן די מילך. דערהויפּט שווער איז דאָס געוואָרן פּאַטראַשן, וואָס איז שוין געווען ניט יונג.

דאָך אָבער האָט ער זיך פון דער אַרבעט ניט אָפּגעזאָגט. נעלאָ האָט אייניקע מאָל געפּרוּווט אים באַפרייען פון דער אַרבעט און אַליין געוואָלט שלעפּן דאָס וועגל.

פּאַטראַש האָט דאָס אָבער ניט דערלויבט. ער האָט מסכּים נאָר אויף איין זאַך—נעלאָ זאָל אונטערשטופּן פון הינטן דאָס וועגעלע, ווען עס וועט זיך פאַרהאַלטן אויפן פאַר־פּראַנעמען וועג.

— פאַרבלייב אינדערהיים, פּאַטראַש! שוין צייט דו זאָלסט זיך אָפּרוען. איך קען שוין אַליין פירן דאָס וועגעלע!...—אַזוי האָט נעלאָ איינגערעדט פּאַטראַשן.

דער הונט האָט אָבער בשום אופן ניט געוואָלט פאַרלאָזן זיין פריינד. ווי נאָר דער קלויסטער־זייגער פלעגט אָפּשלאָגן זעקס, פלעגט ער זיך אַליין גלייך אַריינשטעלן אין די אַלאָבלעס און שפּאַנען דרייסט איבערן פּאַרשנייטן וועג.

## יא.

איינמאָל, פאַרנדיק צוריק פון אַנטווערפּן איבערן ווייסן שניי, וואָס האָט גע־סקריפּעט אונטער די פיס און באַדעקט ווי מיט אַ מאַרמאָר אַלע אַרומיקע פעלדער, האָבן זיי געפונען אויפן וועג אַ קליינע שיינע ליאַלקע. נעלאָ האָט באַשלאָסן אָפּצוגעבן דאָס אַלאָיזען.

אַז ער איז געקומען צו דער מיל, איז שוין געווען גוט פינסטער. ער האָט געוווּסט, ווו ס'געפינט זיך דאָס קליין פענסטערל פון איר צימער. אונטערן פענסטער איז געווען אַ דעכל. נעלאָ איז אַרויפגעקראָכן אויפן דעכל און האָט אָנגעקלאַפּט אין, פענסטער. אין צימער האָט געפינקלט אַ פייערל.

דאָס דערשראָקן מיידל האָט געעפנט דעם פענסטער. נעלאָ האָט איר דערלאַנגט די ליאַלקע.

— איך האָב עס געפונען אויפן שניי, אַלאָיזע,—האָט ער געזאָגט—נאַ, נעם דאָס פון מיר אַ מתּנה!

און ער איז אַראָפּגעשפּרונגען אויף דרערד נאָך איידער זי האָט באַוויזן אים אָפּצודאַנקען.

אין יענער נאַכט איז אין דער מיל אויסגעבראָכן אַ שׂרפה. ס'האָבן אָפּגעברענט עטלעכע געביידעס, אָבער די מיל גופא און דעם מילנערס הויז זיינען פאַרבליבן גאַנץ. דער מילנער האָט געהאַט ווייניק שאָדן, ווייל זיין פאַרמעגן איז געווען געזיכערט.

דאָך אָבער איז ער געווען שרעקלעך אין כּעס און האָט געטענהט, אַז מ'האָט די מיל אונטערגעצונדן.

די שׂרפה האָט אָנגעמאַכט אַ גרויסן טומל אין דאָרף. די דערשראָקענע פּויערים זיינען זיך אַלע צונויפגעלאָפן צו דער מיל און גענומען העלפן לעשן דאָס פייער.

צוזאַמען מיט אַלעמען האָט זיך אויך נעלאָ אויפגעכאַפּט און איז געקומען אַ קוק טאָן אויף דער שׂרפה.

דער מילנער האָט אים אָבער גראָב אַוועקגעטריבן.

— דאָס האָסטו זיך דאָ אינאָוונט אַרומגעדרייט—האָט ער געזאָגט צו אים—איך רעכן, אַז דו מוזט וויסן די סיבה פון דער שׂרפה!...

נעלאָ האָט געמיינט, אַז דער מילנער שפּאַסט דאָס, און האָט אים גאָרנישט ניט געענטפערט.

דער מילנער האָט אָבער אויף מאָרגן אויך איבערגעחזרט זיינע ווערטער, אַז נעלאָ האָט זיך אינאָוונט אַרומגעדרייט אַרום דער מיל און האָט זי געוויס אונטערגע־צונדן, ווייל מ'האָט אים פאַרווערט זיך צו שפּילן מיט דער קליינער אַלאָיזע

דער מילנער איז געווען אַ גרויסער גביר. די פּויערים האָבן געוואָלט געפינען חן ביי אים אין די אויגן און דעריבער האָבן זיי אַלע גענומען זיך באַציען צו נעלאָן מיט חשד.

דאָס רוב פּויערים האָבן אויפגעהערט אָפּצושיקן מיט אים די מילך אין שטאָט אַריין און דערצו נאָך גענומען אים שטאַרק באַליידיקן.

נעלאָ האָט שטאָלץ און געדולדיק אַריבערגעטראָגן די אַלע באַליידיקונגען.

ס'איז אים אָבער שווער געווען דאָס אַלץ אַריבערצוטראָגן.

דאָס גאַנצע לעבן האָט ער פאַרבראַכט אין דאָרף מיט די פּויערים. אומעטום פלעגט מען אים שטענדיק באַגעגענען אזוי ליב און אַזוי פריינדלעך און איצט לאָזט מען אים צו קיינעם אויף דער שוועל ניט אַרויף.

דערהויפּט שווער איז געווען צו ליידן דעם ווינטער.

פריער פלעגט ער ביי יעדן פּויער געפינען אַ ליכטיקן וואַרימען ווינקל. איצט זיינען זיי—נעלאָ און פּאַטראַש,—פאַרבליבן איינער אַליין אין דעם ניט געהייצטן הייזל, און אָפּטמאָל אָן אַ שטיקל ברויט.

פאָרנדיק אין שטאָט אַריין, פלעגט פּאַטראַש, ווי געוויינטלעך זיך אָפּשטעלן ביי יעדן טויער וואַרטנדיק, אַז מ'זאָל פון דאָרטן אַרויסטראָגן די מילך.

די טויערן זיינען אָבער געבליבן פאַרמאַכט. און טרויעריק, מיט אַ שטומען פאָרוואורף האָט ער געקוקט אויף זיי.

די שכנים איז אַפילו שווער געווען צו פאַרמאַכן די טויערן און די הערצער און צוזען, ווי פּאַטראַש שלעפּט אַ פּוסטן וועגעלע. זיי האָבן אָבער ניט געוואָלט איינ־רייסן מיטן רייכן מילנער.

## יב.

ס'איז געגאַנגען צו ווייַנאַכט. ס'זיינען געווען שרעקלעכע פרעסט. אין דעם קליינעם הייזל איז געווען פינסטער און קאַלט. נעלאָ און פּאַטראַש זיינען פאַרבליבן עלנטע איינער אַליין.

אַ פּאָר טעג פאַר יום־טוב איז געשטאָרבן דער אַלטער דזשאָן. ער האָט זיך שוין פון לאַנג אָן ניט געקענט רירן פון אָרט און האָט קוים גערעדט, אָבער כּל־זמן ער האָט געלעבט, איז זיין ליבשאַפט פאַר זיי געווען אַ טרייסט און אַ נחמה; זיין ליבלעכער שמייכל פלעגט זיי שטענדיק באַגעגענען, בשעת זיי פלעגן זיך אומקערן אַהיים מיד און הונגעריק. זיין טויט האָט אויף זיי אַ שרעקלעכן רושם געמאַכט. זיי האָבן ביטער געוויינט, באַגלייטנדיק אים אין דעם קאַלטן ווינטער־טאָג צום קבֿר אויפן דאָרפישן בית־עלמין. אחוץ זיי איז ניט געווען קיינער, וואָס זאָל באַדויערן און דער־מאָנען דעם אָרימען אַלטן.

אומעטיק און באַטריבט זיינען נעלאָ און פּאַטראַש געגאַנגען צוריק אַהיים. אָבער דאָרטן האָט אויף זיי געוואַרט אַ נייע צרה: זיי האָבן פאַרלאָרן זייער לעצטע טרייסט—זייער אָרעם ווינקעלע. זיי זיינען שולדיק געווען דעם באַלעבאָס דירה־געלט פאַר אַ גאַנצן חודש, האָט ער זיי אַרויסגעטריבן פון שטיבעלע. נאָך דער קבורה איז נעלאָ געבליבן אָן אַ גראָשן ביי דער נשמה; ער האָט געפּרוווט בעטן דעם באַלעבאָס, ער זאָל אים וואַרטן אַ ביסל מיט דעם חוב; אָבער דער שלעכטער קאַרגער פּויער האָט גאָרניט געוואָלט הערן דערפון. ער האָט צוגענומען פאַרן חוב דאָס גאַנצע געשיר, און אויף מאָרגן האָט ער געהייסן אָפּליידיקן אים די דירה. אַ טרויעריק־שווערע נאַכט האָבן

נעלאָ מיטן הונט איבערגעלעבט, זיצנדיק אַרומגענומען אין דער פינסטער ביי דעם פאַרלאָשענעם אייוועלע.

ס'איז געווען גראָד ערֶב יום=טוב. נעלאָ האָט ביטער געוויינט, טוליענדיק זיך צו זיין חבֵר.

— קום, טייערער פּאַטראַש, — האָט דאָס יינגל ענדלעך געזאָגט — קום, חבֵר, אַניט וועט מען אונדז אַרויסטרייבן פון דאַנען!...

ס'איז נאָך געווען גאָר פרי. אומעטום זיינען נאָך געווען צוגעמאַכט טיר און טויער. נאָר אייניקע אייַנוווינער זיינען אַרויס אין גאַס. קיינער פון זיי האָט קיין אַכט ניט געלייגט אויף דעם פאַרבייגייענדיקן יינגל מיטן הונט. ביי איין הויז האָט זיך נעלאָ געהאַט אָפּגעשטעלט. דער ציידע זיינער האָט אַמאָל דעם באַלעבאָס פון דעם הויז אַסך טובות געטאָן.

— גיב מיר אַ שקאָרינקע פאַר פּאַטראַשן! — האָט ער שטיל געבעטן — דער הונט איז אַלט און האָט פון נעכטן אָן נאָך גאָרנישט ניט געגעסן.

מ'האָט אים גאָרניט געענטפערט און מיט כּעס פאַרהאַקט פאַר אים די טיר.

דאָס יינגל מיטן הונט זיינען געגאַנגען ווייטער.

מער האָבן זיי שוין ביי קיינעם גאָרגישט ניט געבעטן.

אַז זיי זיינען געקומען קיין אַנטווערפּן, האָט דער שטאָט=זייגער געשלאָגן צען.

— ווען איך וואָלט האָבן וואָס ניט איז צו פאַרקויפן, וואָלט איך געקויפט פאַר פּאַטראַשן כאָטש אַ שטיקל ברויט!

אַזוי האָט זיך נעלאָ געטראַכט.

ער האָט אָבער גאָרנישט ניט געהאַט אויסער די אָרעמע בגָדים און די הילצערנע שיך.

פּאַטראַש האָט, ווייזט אויס, פאַרשטאַנען נעלאָס געדאַנקען. ער האָט אַוועקגעלייגט זיין קאָפּ צו נעלאָן אויף דער האַנט, אַזוי ווי ער וואָלט זאָגן: „זאָרג ניט פאַר מיר, טייערער נעלאָ!"

פונקט אום האַלבן טאָג, האָט מען געדאַרפט אויסרופן דעם נאָמען פון דעם גליקלעכן זיגער, וואָס האָט געווונען דעם פריז פאַר זיין בילד. נעלאָ האָט זיך געלאָזט גיין צו דעם הויז, ווו ער האָט איבערגעלאָזט זיין געמעל. אַ גרויסער עולָם מענטשן איז שוין דאָרטן געשטאַנען. ער האָט זיך ציטערנדיק געמאַכט אַ וועג צווישן דעם רעדל, האַלטנדיק זיך פאַר פּאַטראַשן.

דער גרויסער שטאָט=זייגער האָט הילכיק אויסגעשלאָגן צוועלף. די טיר האָט זיך געעפנט. צווישן עולָם איז געוואָרן אַ גערודער. אַלע האָבן געוווּסט, אַז דאָס בילד, וואָס מ'האָט אָנערקענט פאַרן בעסטן, וועט מען אויפהויבן אין דער הייך אויף אַ שטאַנג.

אַ נעפּל האָט פאַרצויגן נעלאָן די אויגן, ס'האָט אים גענומען שווינדלען אין קאָפּ.

אַז ער איז אַ ביסל געקומען צו זיך, האָט ער דערזען הייך איבער זיך דאָס בילד: דאָס איז געווען אַ פרעמד געמעל, ניט זיינס.

נעלאָן איז פינסטער געוואָרן אין די אויגן, די פיס האָבן זיך אים אונטערגעהאַקט און ער איז געפאַלן אויף די שטיינערנע טרעפּ פון דעם הויז. פּאַטראַש האָט זיך געעָסקט אַרום אים, געמיט זיך אים אָפּמינטערן, און דערווייל האָט אַ רעדל יינגלעך באַגלייט מיט פרייד=געשרייען זייער גליקלעכן חבֵר.

אַז נעלאָ איז געקומען צו זיך, איז'ער אויפגעשטאַנען און האָט אַרומגענומען דעם הונט.

— אַלץ איז פאַרלאָרן, טייערער פאַטראַש! — האָט ער קוים אַרויסגערעדט, — אַלץ איז פאַרלאָרן!...

דער הונגער האָט אים אָפּגעשוואַכט. דאָך האָט ער זיך אָנגעשטרענגט און איז ווידער אַוועק אין דאָרף אַריין. לעבן אים מיט אַ נידעריק אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ האָט זיך נאָכגעשלעפּט פאַטראַש. ס'איז געפאַלן אַ געדיכטער שניי. אַ קאַלטער צפון-ווינט האָט געווילדעוועט. אין פעלד איז געווען אַ שרעקלעכע קעלט.

לאַנג האָט בײַ זײ געדויערט דער וועג אין דאָרף אַרײַן. דער זייגער האָט שוין געשלאָגן פיר, ווען זיי האָבן זיך דערנענטערט צום דאָרף. פּלוצלונג האָט זיך פאַטראַש אָפּגעשטעלט, דערשפּירנדיק עפּעס אין שניי. ער האָט גענומען שאַרן דעם שניי און בילן. באַלד האָט ער אַרויסגעשלעפּט פון שניי אַ געלן לעדערנעם טייסטער און צוגע-טראָגן צו נעלאָן. ס'איז געווען פינסטער, נאָר אונטערן צלם, וואָס איז געשטאַנען אויפן וועג, האָט טונקל געברענט אַ לאַמטערן.

דאָס ייִנגל האָט צוגעטראָגן דעם טייסטער צו דער שײַן פון לאַמטערן און איבער-געלייענט דעם מילנערס נאָמען. אינעווייניק האָט ער געפונען זעקס טויזנט פראַנק פּאַפּיר-געלט.

די מציאה האָט נעלאָן אויפגעמונטערט.

ער האָט פאַרשטעקט דאָס געלט אין בוזעם און ליבלעך אַ גלעט געטאָן פאַטראַשן. פאַטראַש האָט אים אַרײַנגעקוקט אין פּנים.

נעלאָ איז גיך אַוועק צו דער מיל. ער האָט אָנגעקלאַפּט. די מילנערקע האָט אים געעפנט. זי איז געווען פאַרוויינט. הינטער איר איז געשטאַנען אַלאָיזע.

— דאָס ביסטו, אָרעם קינד — האָט זי צערטלעך געפרעגט — גיי גיכער אַוועק פון דאַנען און ווייז זיך ניט מײַן מאַן אויף די אויגן. ער איז היינט בייז. עס האָט מיט אונדז אַן אומגליק פּאַסירט. ער האָט זײַן גאַנצן פאַרמעגן פאַרלאָרן.

נעלאָ האָט איר דערלאַנגט דעם טייסטער און איז אַרײַן מיט פאַטראַשן צום מילנער אין שטוב.

— דאָס האָט פאַטראַש היינט בײַנאַכט געפונען — האָט ער גיך געזאָגט — דערציילט דאָס דעם מילנער... ער וועט דערפאַר געוויס זיך דערבאַרימען און צונעמען צו זיך דעם אַלטן הונט... אָט איז ער... לאָזט אים ניט נאָכלויפן נאָך מיר און, זעט, טוט אים ניט קיין שלעכטס.

און איידער מ'האָט נאָך באַוויזן צו פאַרשטיין, וואָס ער וויל דאָ טאָן, האָט ער זיך אײַנגעבויגן, אַ קוש געטאָן פאַטראַשן, האַסטיק פאַרהאַקט הינטער זיך די טיר און איז פאַרפאַלן געוואָרן אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט.

די פרוי מיטן קינד האָבן ניט געקאָנט צו זיך קומען פון דער פּלוצלונגדיקער פרייד.

זיי האָבן גענומען צערטלען פאַטראַשן, געבראַכט אים זיסע זעמל, אַ שטיק פלייש, באַמיט זיך צו דערוואַרימען אים בײַם אויוון.

אַלץ איז אָבער געווען אומזיסט.

פאַטראַש האָט זיך ניט געקענט באַרויִקן און איז ניט אָפּגעטראָטן פון דער טיר.

אַ זייגער זעקס האָט זיך צוריקגעקערט אַהיים דער מילנער. ער איז געווען מיד און צעקלעמט.

— פאַרפאַלן דאָס געלט!—האָט ער געזאָגט מיט אַ ציטערדיקן קול — געזוכט אומעטום און אַלץ אומזיסט!...

די מילנערקע האָט אים דערלאַנגט דעם טייסטער און דערציילט, ווי אַזוי נעלאַ האָט דאָס געבראַכט.

דער אַלטער האָט אַ ציטער געטאָן און איז אַן אויפגערעגטער געפאַלן אויפן שטול.

— איך בין זיך אַזוי אַכזָריותדיק באַגאַנגען מיטן יינגל...—האָט ער לסוף געזאָגט— איך האָב גאָר ניט פאַרדינט. ער זאָל מיר אַזוי אָפּדינען!...

— די קליינע אַלאָיִזע איז דאַן צוגעגאַנגען צום פאָטער און צוגעטוליעט צו אים דאָס בלאָנדע קעפּל.

— פּאַפּאַ, קען נעלאָ ווידער קומען אַהער?—האָט זי שטיל געפרעגט — קען ער מאָרגן קומען צו אונדז?

דער מילנער האָט זי צוגעדריקט צום האַרצן. זיין שטרענגער פאַרברענטער פּנים איז געווען בלאַס, די ליפּן האָבן געציטערט.

— געוויס! געוויס!—האָט ער געענטפערט—ער וועט פאַרבלייבן יום-טוב מיט אונדז, זאָל ער קומען, ווען ער וויל... איך האָב אים באַליידיקט, אָבער איצט וועט אים שוין זיין גוט.

אַלאָיִזע האָט זיך דערפרייט. זי האָט אַ קוש געטאָן דעם פאָטער, איז אַראָפּ-געשפּרונגען ביי אים פון שויס און צוגעלאָפן צום הונט,וואָס איז נאָך אַלץ געזעסן ביי דער טיר.

— היינט קען איך מכבד זיין פּאַטראַשן!—האָט זי מיט פרייד אויסגעשריען.

דער פאָטער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

אַלע האָבן געצערטלט און מכבד געווען פּאַטראַשן. פּאַטראַש האָט אָבער ניט געשפּילט קיין שימחה... נעלאָ האָט אים געפעלט.

און שפּעטער, אַז מ'האָט דערלאַנגט צום טיש און די אָנגעקומענע געסט האָבן זיך הויך און פריילעך פונאַנדערגערעדט, האָט פּאַטראַש דערהיט די מינוט, ווען מ'האָט געעפנט די טיר, און איז גיך אַרויסגעלאָפן אויף דער גאַס אין דער פינסטערער קאַלטער נאַכט.

ער האָט געהאַט נאָר איין געדאַנק—געפינען נעלאָן.

## יד.

אַ גאַנצע נאַכט איז געפאַלן אַ שניי. דער שניי האָט פאַרשאָטן די שפּורן פון נעלאָס טריט. די נאַכט איז געווען אַ שטורעמדיקע. אַלע לאַמטערנעס אונטער די צלמים אויפן וועג האָט זיך אויסגעלאָשן. אַ געדיכטע פינסטערניש האָט אַרומגעהילט אַלע הייזער. קיין לעבעדיק באַשעפעניש האָט מען אין גאַס ניט געזען.

אַלע האָבן פריילעך פאַרבראַכט אין די וואַרעמע הייזער. נאָר פּאַטראַש, דער אַלטער הונגעריקער פּאַטראַש, האָט ציטערנדיק פון קעלט אייַנער אַליין געבראָדזשעט אין דער פינסטערער נאַכט.איין זאַך נאָר האָט אים אויפגעהאַלטן:די אַלמעכטיקע איבערגעגעבענע ליבע.

ס'איז שוין געווען ווייט נאָך האַלבער נאַכט, ווען פּאַטראַש האָט ענדלעך געפונען נעלאָס שפּורן אין די פינסטערע קרומע געסלעך פון דער שטאָט.

אין דער שטאָט איז געווען שטאָק-פינסטער. זעלטן-וווּ ס'האָט זיך אַרויסגעזען אַ פייַערל דורך אַ לאָדן-שפּאַלט. עס האָט זיך נאָר געהערט אַ פאַרשטיקטער פייף פון דעם רוישנדיקן ווינט, וואָס האָט געריסן די שילדן און געטרייסלט די הילצע לאַמטערן-סלופּעס.

אַ סך מענטשן זיינען אַריבער איבערן שניי, אַ סך שפּורן האָבן זיך איבערגע-מישט. פּאַטראַשן איז שווער געווען ניט צו פאַרלירן די שפּורן פון זיין פריינד.

דער מידער הונגעריקער פאַטראַש האָט אָבער ניט פאַרלאָרן דעם מוט. ער האָט זיך ווידער געפונען און איז געגאַנגען אַלץ ווייטער, ניט געקוקט אויפן פראָסט און שלעכטן וועטער.

דער אייז האָט אים געשניטן די לאַפּעס, דער ווינט האָט אים דורכגענומען ביז די ביינער. ער איז אָבער געגאַנגען אַלץ ווייטער. ענדלעך איז ער געקומען צום קלויסטער.

אין יענער נאַכט זיינען די טירן פונם קלויסטער געבליבן אָפן. פאַטראַש האָט דערזען אַ שפור אויף די שטיינערנע טרעפּ. ער איז אַוועק נאָכן שפור דורך דער פינסטערניש און שטילקייט און איז אַריינגעקומען אינעווייניק.

נעלאָ איז געלעגן אויפן דיל לעבן דער וואַנט. פאַטראַש איז שטיל צוגעגאַנגען צו אים און צוגעטוליעט זיך צו זיין פּנים.

— צי דען האָסטו געמיינט, אַז איך וועל דיך פאַרלאָזן?—אַזוי האָט, דאַכט זיך, גערעדט זיין צערטלעכער גלעט—איך בין דאָך דיין פריינד!

דאָס יינגל האָט זיך פאַרוואונדערט אַ הייב געטאָן און הייס אַרומגענומען פאַטראַשן.

— איצט, פאַטראַש, וועלן מיר צוזאַמען שטאַרבן — האָט ער געזאָגט — קיינער דאַרף אונדז ניט... אַלע האָבן אונדז פאַרלאָזן!...

אַלס ענטפער אויף דעם האָט זיך פאַטראַש נאָך מער דערנענטערט צו נעלאָן און אַרויפגעלייגט דעם קאָפּ אויפן יינגלס ברוסט. אין זיינע גרויסע שוואַרצע אויגן זיינען געשטאַנען טרערן. זיי האָבן זיך שטיל צוגעדריקט איינער צום אַנדערן.

די נאַכט איז געווען אַ שרעקלעך־פראָסטיקע. אין דעם גרויסן געמויערטן קלויסטער איז געווען נאָך קעלטער ווי אין פעלד.

פון קעלט זיינען זיי אַנטשלאָפן געוואָרן. ביידן האָבן זיך געחלומט די פריערדיקע גליקלעכע טעג בשעת זיי זיינען צוזאַמען געלאָפן איבער די גרינע לאָנקעס און בעזעסן ביים טייך אין דעם הויכן גראָז, געקוקט אויף די פאַרבייפאָרנדיקע שיפלעך.

מיטאַמאָל האָט זיך אַ העלע שיין אַריינגעריסן אין קלויסטער און באַלויכטן אים ווי בייטאָג. דאָס איז געווען די לבֿנה.

די העלע שיין איז געפאַלן אויף די צוויי בילדער, פון וועלכע דאָס יינגל האָט אַריינקומענדיק אַראָפּגער[illegible]ן דעם פאָרהאַנג.

נעלאָ האָט זיך אויפגעהויבן פון דער ערד.

—ענדלעך האָב איך זיי דערזען!—האָט ער אויסגעשריען פריידיק, שטרעקנדיק די הענט צו די בילדער, און טרערן פון אַנטציקונג זיינען גערונען איבער זיין פּנים.

דאָ האָבן זיך די פיס ביי אים אונטערגעהאַקט. ער איז געפאַלן אויף די קני, ניט אַראָפּלאָזנדיק די אויגן פון די וווּנדערבאַרע בילדער.

נאָך אַ מאָמענט—און די ליכט איז פאַרפאַלן געוואָרן. אַ געדיכטע פינסטערניש האָט ווידער איינגעהילט אַלץ אַרום. נעלאָ איז געפאַלן צו פאַטראַשן אויפן ברוסט.

## טו

אינדערפרי האָבן די איינוווינער פון אַנטווערפּן געפונען ביידן אין קלויסטער. זיי זיינען ביידע געשטאָרבן אין דער דאָזיקער פראָסטיקער נאַכט.

איבער זיי זיינען געהאַנגען די אָפּגעדעקטע בילדער פון רובענסן, אויף וועלכע ס׳איז געפאַלן אַ וווּנדערבאַרע זונענשיין.

אין קלויסטער איז אַריינגעקומען דער מילנער און האָט זיך פונאַנדערגעוויינט.

ער האָט געטענהט:—איך האָב זיך אַזוי אַכזריותדיק באַגאַנגען מיטן ייִנגל! איך האָב שוין אָבער חרטה געהאַט, געוואָלט אים אָפּגעבן אַ העלפט פון מיין פאַרמעגן, צונעמען פאַר אַ זון!...

נאָכער איז אַריינגעקומען אַ באַרימטער קינסטלער:

— איך זוך דאָס ייִנגל, וואָס האָט אייגנטלעך געדאַרפט באַקומען דעם פּריז ער האָט אָנגעצייכנט אַן איינפאַך בילד—אַן אַלטן האָלצהעקער. ס׳איז אָבער אַ וווּנדערבאַר טאַלענטפולע זאַך!... איך וויל נעמען דאָס ייִנגל צו זיך, לערנען מיט אים. ער וועט מיט דער צייט געוויס ווערן אַ באַרימטער קינסטלער.

און נאָך שפּעטער איז געקומען אַ קליין בלאָנד מיידעלע. זי האָט שרעקלעך געוויינט און אַלץ גערופן נעלאָן:

— נעלאָ! ליבער, טייערער, נעלאָ, קום צו אונדז! שטיי אויף און קום! אינדערהיים ביי אונז איז שוין אַלץ גרייט פאַר דיר!

נאָר דער בלאַסער יונגער פּנים, וואָס איז געווען געווענדעט צו די זעלטענע בילדער פון רובענסן, האָט אַזוי ווי גערעדט צו אַלעמען מיט אַ שמייכל: „צו שפּעט!״

הילכיקע גלאָקן־קלאַנגען האָבן פריילעך געקלונגען אין דער פּראָסטיקער לופט. די זון האָט העל באַלויכטן די פאַרשנייטע פליינען. דאָס פאָלק האָט זיך פריילעך געשטופּט אין די גאַסן. נעלאָ און פּאַטראַש האָבן שוין ביי קיינעם קיינזאַך ניט געבעטן. זיי האָבן שוין קיינזאַך ניט געדאַרפט.

אַ שטיק לעבן האָבן זיי פאַרבראַכט צוזאַמען און ביים טויט האָבן זיי זיך אויך ניט געשיידט.

בשעת מ׳האָט זיי געפונען, האָט דאָס ייִנגל געהאַלטן אַזוי שטאַרק אַרומגענומען דעם הונט, אַז ס׳איז שווער געווען זיי פונאַנדערצונעמען.

און מען האָט זיי ביידן באַגראָבן אין איין קבר.

אויד





* * *

אוי, נעסטעלעך, נעסטעלעך פוסטע! מיט שניי
פֿאַרשאָטן, פֿאַרגליווערט געוואָרן...
עס פֿליען די ווינטן און קלאָגן אויף זיי
און רוישן און גרימען מיט צאָרן...
אוי, פֿייגעלעך ליבע! ווו זיינען זיי איצט?
אַוועק איבער בערג, איבער מערן,
אַהין, ווו דער מאָרגנשײַן פֿינקלט און בליצט
און ס'שמייכלען די גאָלדענע שטערן;
אַהין, ווו די לופֿט איז געזונט, ריין און פֿריש,
ווו שניי־ווייסע וואָלקנס נאָר שוועבן,
צו אָנהייבן דאָרט פֿונדאָסניי, פֿונדאָסניי
אַ פֿרייעס, אַ גליקלעכעס לעבן.
דער ווינטער איז לאַנג; נאָר דער שניי וועט צעגיין,
דער גאָלדענער פֿרילינג וועט קומען,
דער הימל וועט ווערן אי ליכטיק, אי ריין,
די גערטנער באַשאָטן מיט בלומען;
די ערד אין איר אַלטן, געוועזענעם גליק
וועט ווידער אי שײַנען, אי בליען—
און פֿריילעך אַהער וועלן קומען צוריק
די פֿויגעלעך ווידער צו פֿליען.

# לײבקע מַזיק.

לײבקע, אַ ײנגל פֿון אַ יאָר צען, מיט אַ פֿאַרשאַרצט נעזל, האָט פֿרימאָרגן אויפֿגעכאַפּט זיך אין אַ גרויסער קעלער־שטוב און זיך אַרומגעקוקט:

— װידער מיך געלאָזט אַלײן!

ער האָט זיך אַ זעץ אויף געטאָן, זיך אָנגעבויגן און אַרונטערגעקוקט אונטערן בעט.

— די שטיװל אויך פֿאַרשלאָסן! — האָט זיך לײבקע שטיל צעװײנט, אָן טרערן, בשעת־מעשה אַרײנגעלאָזט זײנע צען פֿינגער אין קעפּל האָר און זיך גענומען שיבערן.

יעדן פֿרײטאָג איז אַ מאַרק אין שטעטל. דעמאָלט שטײט דבֿורה אויף באַגינען, גײט אַרויס הינטערן שלאַגבוים, קויפֿט אויף בײ פּויערים הינער, אײער און פֿאַרקויפֿט עס צװישן די רײכע באַלעבאָסטעס. פֿאַרן אַװעקגײן דאַנקט זי דעם רבונו־של־עולם, װאָס איר מַזיק שלאָפֿט, באַהאַלט אים די שטיװל אין קעמערל, גײט אַרויס און פֿאַרשליסט די שטוב.

— נײן — האָט לײבקע געטראַכט — ס׳זאָל מיר גײן אין לעבן בלײב איך דאָ ניט אַלײן! אָפּגענאַרט גאָר!... נעכטן בעט זי מיך — לײבקעלע, גײ שעכט מיר די עופֿות, װעל איך דיך מיטנעמען אויפֿן מאַרק. מער גלויב איך ניט! װאָס הײסט יעדן פֿרײטאָג װעט זי דאָס אַװעקגײן מסחרן און איך װעל איר היטן די שטוב! כ׳שפּרינג באַלד אַרויס דורכן פֿענסטער אויף דער לאָנקע! כ׳האָב ניט קײן שטיװל! איז נאָך בעסער: כ׳װעל קראַנק װערן, דעמאָלט װעט זי שוין אַרומלויפֿן װי אַ פֿאַרסמטע, עפּענען די „קניפּלעך“, שיקן נאָך אַ דאָקטאָר, ניט רופֿן מיר מער לײבקע מַזיק! נײן! זי װעט צוקומען אַזוי שטיל, אָפּשפּרעכן אַן עין־הרע און זאָגן מיט אַ שמײכעלע — לײבקעלע, אפֿשר אַ פּאָמעראַנץ? נאַ פֿאַרזוך!...

ס׳מויל בײ לײבקען איז פֿול געװאָרן מיט סליונע און ער האָט געשמײכלט. באַלד האָט ער דערמאָנט זיך, אַז ער זיצט אײנער אַלײן אין בעט, שטאַרק אין כּעס געװאָרן, אָנגעקװעטשט די פּויסטלעך און גענומען שלײדערן אויפֿן דיל אײן קישן נאָכן צװײטן.

ער האָט זיך גענומען אָנטאָן, געבליבן שטײן אויפֿן בעט און געקוקט דורכן פֿענסטער אויף די לאַנגע פֿעלדער באַדעקט מיט שנײ. ס׳האָט זיך אים געגלוסט אַרויסלויפֿן פֿונם האַלב פֿינסטערן קעלער צו די ײנגלעך, װאָס האָבן געמאַכט אַ שנײ־מענטש. ער איז מיד געװאָרן קוקנדיק, אַרויסגענומען אַ גראָשן און געמאַכט גראָשנס אויף דער פֿאַרפֿרוירענער שויב. אַ מחיה קראָען זײנען דורכגעפֿלויגן. לײבקע האָט זיך גענומען זײ איבערצוצײלן, זיך טועה געװען און אַראָפּגעלאָזט די אויגן צו די ײנגלעך, װאָס האָבן זיך געגליטשט אין ראַװ. אַ ײנגל האָט זיך אויסגעצויגן װי גרויס ער איז געװען. די חבֿרה אויף דעם גליטש האָבן אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער. לײבקען האָט עס שטאַרק הנאה געטאָן און ער איז אונטערגעשפּרונגען פֿאַר פֿרײד. ס׳האָט זיך אים שטאַרק געװאָלט גליטשן. ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פֿון בעט, אַרויסגענומען אַ האַלץ פֿון אונטער דער קיך, עס צעשפּאָלטן מיט אַ האַקמעסער אויף צװײען, אָפּגעריסן פֿון דער מוטערס פֿאַרטוך אַ בענדל און צוגעבונדן דאָס האָלץ צו דער באָרװעסער פֿאָדעשװע.

ער האָט זיך אַ ריטש געטאָן איבער דער פֿאָדלאָגע און דאָס האָלץ איז אַרויסגעפֿאַלן.

— כ׳וואָלט געגאַנגען אין שטיוול — האָט לייבקע צעפּגעזיפּצט — וואָלט דאָס האָלץ ניט אַרויסגעפאַלן.

ער האָט דערזען די מוטערס אַלטע „כאָדאַקעס“, זיי אַרויסגענומען, אָנגעטאָן, אַרומגעבונדן מיט שמאַטעס זיי זאָלן ניט אַראָפּפאַלן, גענומען דעם בעזעם צווישן די פיס און זיך געלאָזט גאַלאָפּ איבער דער שטוב רייטנדיק. ער איז דורכגעלאָפן עטלעכע מאָל, אַריבערגעשפּרונגען אַ פוס־בענקל און זיך אָפּגעשטעלט. ס׳האָט אים געהונגערט. ער איז צוגעגאַנגען צום שפּייז־שענקל, זיך אָפּגעשניטן אַ פּליטש ברויט, באַשמירט מיט פּוטער און גענומען קייען. אין שענקל איז געשטאַנען אַ קאָשיקל מיט אייער. זיינע חבֿרים פּלעגן אים דערציילן, אַז מע וויל האָבן אַ גוטע שטימע, מוז מען טרינקען רויע אייער. לייבקע האָט אַרויסגענומען אַן איי, עס צעקלאַפּט אין אַ גלאָז אַריין, לאַנג געמישט מיט אַ פינגער און עס אַ לעק געטאָן. ער האָט אויפגעציטערט, באַלד פאַרמאַכט די אויגן און מיט שרעק אויסגעטרונקען דאָס איי. זיין גאַנצער קערפּערל האָט זיך געטרייסלט ווי אַ הינטל, וואָס שפּרינגט אַרויס פון וואַסער. ער איז אַרויף אויף אַ שטול, אַראָפּגענומען דעם פאָטערס טלית־זאַק, געעפנט אַ גראָבן סידור און גענומען נאָכמאַכן דעם חזן.

אין דער האַנט האָט ער געהאַלטן אַ בלעכענעם לעפל, יעדער ווײַלע אַ קלאַפּ געטאָן מיט איר אין טיש, איר צוגעלייגט צום אויער און זיך צעזונגען אויף זיין קינדיש־קוויטשיקער שטימע.

ס׳איז אים דערעסן געוואָרן. ער האָט אויסגעטאָן דעם טלית און זיך געוואָרפן אין די קליידער אין בעט אַריין. אונטערן אויוון האָט זיך צעקרייט אַ האָן און לייבקע האָט פאַרגעסן אָן אַלץ און איז אויפגעשפּרונגען.

אַ יונג הענדל מיט אַ בלוטיקן קאַם איז געשטאַנען מיט צעשפּרייטע פליגל און זיך געגרייט אַרויסצולאָזן אַ קריי. דאָס הענדל האָט אויסגעצויגן דעם האַלדז, געעפנט דעם שנאָבל און גענומען קרייען.

לייבקע האָט אַ קלאַפּ געטאָן דעם הענדל איבער די פליגל. דער קריי איז געוואָרן איבערגעריסן און דאָס הענדל איז אַוועקגעשפּרונגען אָן אַ זייט מיט אַ שאָקלדיקן קאָפּ און מיט אַ האַלבן קריי אין גרגרת. ער האָט געכאַפּט דאָס הענדל, עס געלאַסן באַטראַכט, צעשפּרייט די פליגל, געעפנט דעם שנאָבל און זיך מיטאַמאָל דערמאָנט אָן מאָטקע שוחט.

אָט שטייט מאָטקע אויפן ליידיקן פּלאַץ. אַרום אים שטופּן זיך מיידלעך און ווייבלעך מיט עופֿות. מאָטקע, אַ הויכער, מיט אַ ציגן בערדל, מיט פאַרווייינטע אויגן, פאַרקאַטשעט די פאָלעס פון זיין גלאַנציקן כאַלאַט אין גאַרטל אַריין. ער נעמט דעם חלף אין מויל אַריין, כאַפּט אַן עוף צווישן די פיס, פאַרדרייסט ס׳קעפּל, צופּט אויס עטלעכע פעדערן און בלוט שפּריצט, רינט... עופֿות צאַפּלען זיך, לויפן מיט איבערגעשני־טענע העלדזער, גלאָצן מיט די אויגן און בלוט שטראָמט דורכן האַלדז, דורכן שנאָבל...

לייבקע האָט געכאַפּט דאָס הענדל צווישן די פיס, פאַרריסן דאָס קעפּל, געוואָלט אויסצופּן עטלעכע פעדערן—אויפגעציטערט און עס אָפּגעלאָזט.

—ס׳וואָלט געווען אַ מצווה—האָט זיך לייבקע געטראַכט—צו שעכטן דאָס הענדל! נאַ, לאָז מיך נאָכאַמאָל ניט איבער אַליין אין שטוב! אַ שיינע ריינע כּפּרה.

און פאַר זיינע אויגן האָט געשוועבט דער שוחט מיטן חלף אין האַנט. מאָטקע האָט געשלעפּט דעם חלף, געשלייפט, אים אָפּגעגאָסן מיט וואַסער, אים געגלעט איבער זיין הוילער, דאַרער האַנט, אים געפירט איבערן לאַנגן נאָגל...

אַ האָן איז געלאָפֿן מיט אַן איבערגעשניטענעם האַלדז, געפאַלן, זיך איבערגעדרייט, געגלאָצט מיט די אויגן און ס׳בלוט האָט גערעדט, געקרעכצט—כליאָ, כליאָ!...

לייבקע האָט אַרויסגענומען דאָס מעסער, עס אָנגעשאַרפט אָן אַ ציגל פון דער קיך, זיך אַרומגעבונדן מיט אַ שטריק, אַריינגעמאַכט די פאָלעס פון זיין כאַלאַטל, גענומען דאָס מעסער צווישן די ציינער, געכאַפּט דאָס הענדל צווישן די פיס, פאַרריסן דאָס קעפּל און מיט אַ ווייטאָק אויפן פּנים גענומען צופּן די פעדערן. ווען ער האָט אויסגעצופּט אַ פעדער, האָט עס אים דורכגעשווידערט און זיין קליין פּנימל מיטן פאַרשאַרצטן נעזל האָט זיך אַ קרים געטאָן.

מיט אַ ציטערדיקער האַנט האָט ער גענומען פירן מיטן מעסער איבער דעם הענדלס האַלדז, געטראַכט, אַז ס׳איז צו לייכט, האָט ער פאַרקוועטשט די ליפּן, פאַרזשמורעט די אויגן און אַ שטאַרקן קוועטש געטאָן מיטן מעסער. ס׳האָט זיך באַוויזן אַ קראַץ, וואָס איז גלייך רויט געוואָרן און אַ שנירל בלוט האָט זיך אַרויסגעשלענגלט.

לייבקע האָט אַוועקגעוואָרפן דאָס הענדל און זיך געטרייסלט ווי אין פיבער. ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז דאָס הענדל צעשפּרייט די פליגל, שטעלט זיך אויף, ווערט גרעסער, וואַרפט זיך אויף אים, און דאָס בלוט רינט, שפּריצט...

לייבקע האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אין בעט אַריין, זיך איבערגעדעקט מיט דער פערינע איבערן קאָפּ און זיך צעוויינט:

— כ׳בין ניט שולדיק! כ׳האָב ניט געוואָלט! אַז זי לאָזט מיך איבער אַליין!

ער האָט געהערט דאָס צאַפּלען פון הענדל, דאָס קלאַפּן פון די פליגל. ער האָט זיך איינגעקאָרטשעט אין דרייען און געלעגן אָן אָטעם.

לייבקע האָט געבעטן גאָט, ער זאָל שטאַרבן. ס׳האָט זיך אים אַזוי שטאַרק געגלוסט שטאַרבן... לאָז די מאַמע אַהיים קומען און זען, אַז איבער איר איז ער געשטאָרבן... די מאַמע וועט מוֹרא האָבן פאַרן טאַטן... אים נעמען וועקן, רייסן, דערנאָך וועט זי אַריינרופן די שכנטע לאֶהן... וועט אָנהייבן וויינען, רייסן זיך די האָר... אים קושן... און ער?—ער וועט האָבן הנאָה:

—נאַ, ווײן... האָסט מיך ניט געוואָלט מיטנעמען אויפן מאַרק... האָסט מיך שטענדיק געשלאָגן, נאַ, ווײן! איצט וועל איך שוין ניט היטן דײן שטוב! נאַ, ווײן...

יוסף אפּאַטאָשו.



# דאָס ערשטע מאָל אין טעאַטער.

אַ גאַנצע וועלט, אַ נייע וועלט האָבן לייבל מיט רייזלען דאָ פאַר זיך דערזען. אַ וועלט, ווו מענטשן טוען זיך איבער, פאַרשטעלן זיך, דרייען זיך אַרום, ריידן מאָדנע ווערטער, זינגען און טאַנצן, מאַכן אַזעלכע אָנשטעלן, וואָס מע דאַרף אָדער צעגאָסן ווערן פאַר געלעכטער, אָדער צעגאַנגען ווערן פאַר געוויין.

און זיי דוכט זיך, אַז דאָס זיינען נישט קיין געוויינטלעכע מענטשן, דאָס זיינען לֵצים, רוחות, שֵדים אָדער מַלאָכים פון הימל. זייער שטעלן זיך, זייער אַרויסטרעטן, זייער גיין, זייער ריידן— יעדעת ריר זייערער איז פול מיט חֵן, פול מיט כּישוף און אַלץ אַרום און אַרום איז כּישוף. און זיי אַליין, לייבל און רייזל, זיינען פון דער ערשטער מינוט, וואָס דער פאָרהאַנג הייבט זיך אויף, גאַנץ פאַרכּישופט, אַריבערגעטראָגן אין אַן אַנדער וועלט, אין אַ וועלט פון לֵצים, רוחות, שֵדים און מַלאָכים...

און לאָזט זיך אַראָפּ דער פאָרהאַנג—איז אויס כּישוף, אויס לֵצים, אויס רוחות, אויס מַלאָכים, ווידער מענטשן ווי אַלע, געוויינטלעכע מענטשן, ווידער די פריערדיקע, די אַלטע וועלט. און זיי פילן זיך גלייך ווי זיי וואָלטן נאָרוואָס געוועזן אויפן זיבעטן הימל און פּלוצים האָט מען זיי אַראָפּגעלאָזט צוריק אויף דער ערד.

און עס טוט זיי האַרציק באַנג, וואָס מע האָט זיי אַראָפּגעלאָזט אַזוי גיך צוריק אויף דער ערד. און זיי טרייסטן זיך דערמיט, וואָס אָט הייבט זיך אויף דער פאָרהאַנג, וועלן זיי ווידער זיין דאָרטן, אויפן הימל, אין גַן-עֵדן.



# רייזעלעס צַעַר.

רייזל האָט אַרויסגעזוען פון דער מאַמעס רייד, אַז מיטן טעאַטער מעג זי זיך שוין אָפּזעגענען. זי קען שוין איר מאַמע גוט. ביי לֵאָהן אַ וואָרט איז אַ וואָרט. עס איז נאָר שווער ביז מע ברענגט זי דערצו. נאָר קוים האָט זי דאָס וואָרט געגעבן, און נאָך צוגעשוואָרן אויך, מעגן שוין דעמאָלט קומען כָּל-מַלכֵי מִזרַח ומַעֲרָב—איז פאַרפאַלן, אַלצדינג אויף דער וועלט קען מען ביי איר מאַמע פועלן, נאָר ניט ברעכן דאָס וואָרט. און רייזלען איז מיטאַמאָל געוואָרן אויפן האַרצן אַזוי וויסט, גלייך ווי די זון וואָלט פאַר איר פּלוצים אין מיטן העלן טאָג פאַרגאַנגען און ס'איז געוואָרן פינסטער. עפּעס האָט מען צוגענומען ביי איר, מיט גוואַלד פון די הענט אַרויסגעריסן און עס האָט זי גע-שטיקט אויף צו וויינען. האָט זי זיך אָבער דעם גאַנצן טאָג געשטאַרקט,

געמאַכט זיך אַ האַרץ. „וועט זי ניט גיין אין טעאַטער!״ נאָר אַז ס'איז געקומען אויפדערנאַכט, דער טאַטע האָט צעלאָזט דעם חֶדֶר, די מאַמע האָט אָנגעצונדן דאָס רויכיקע לעמפּל און די גאַס האָט זיך אײַנגעהילט אין אַ טונקעלן שלייער, האָט זיך רייזל קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען פאַר בענקעניש, עס האָט איר גענאָגט די נשמה און געצויגן דאָס האַרץ אַהין, אין טעאַטער אַרײַן.

און רייזל פאַלט צו מיטן פּנים צום בעט און הייבט אָן וויינען. לאַנג און געשמאַק וויינט רייזל אויף אירע יאָרן און טעג, אויף איר וויסטן מזל און אויפן גרויסן אומגליק, וואָס איר איז געשען. און וויינענדיק הערט זי ווי פון יענער זייט פאָרהאַנג שעפּטשעט זיך דער טאַטע מיט דער מאַמען, קריגן זיך שטילערהייט. אַפּנים איבער איר... זי הערט דער מאַמעס קול: „אַז מע זאָגט ניין, — איז ניין!״

און רייזל הייבט אָן וויינען נאָך שטאַרקער. גייט צו צו איר בעטל דער טאַטע מיט שטילע טריט, לייגט זיך אָן איבער איר, גלעט איר די האָר, זאָגט צו איר שטיל, לאה זאָל ניט הערן, רופט זי אָן מיט אַלע זיסע נעמען, „רייזל און רייזעלע און רייזעניו!״, בעט זי, זי זאָל אויפהערן וויינען און זאָגט איר צו אַלע גוטע זאַכן: די מאַמע וועט איבערמאָרגן אָננעמען סיך אויף אַ קליידל, וואָלנס אויף אַ קאַפּטל, מע וועט איר קויפן שיך... נייע שיך... רייזל וויינט נאָך שטאַרקער, וויינט אויף איר פינסטערן מזל, וואָס זי איז געבאָרן געוואָרן בײַ אָרעמע עלטערן, וואָס קענען איר אַפילו קיין פּאָר שיך ניט קויפן, און דאַרף פאַרברענגען דאָ איר וועלט אין דער פינסטער בײַ אַ לעמפּל, וואָס טשאַדעט, און הערן די זידלערײַען פון דער מאַמע מיט די שכנטעס, וואָס קריגן זיך אַלע טאָג... און דאָרטן? דאָרט איז ליכטיק, דאָרט איז פריילעך. ווי האַלט מען איצט? סאַמע אינמיטן. און אפשר שוין ביים סוף. אָט באַלד לאָזט זיך מסתמא אַראָפּ דער פאָרהאַנג און דער עולם פּאַטשט בראַוואָ און די קלעזמער שפּילן... און דער אַרטיסט זינגט אַ פריילעך לידל. און מיטן דאָזיקן פריילעכן לידל ווערט רייזל אַנטשלאָפן.



# חנוכּה־געלט.

טרעפט, קינדער, וואָסער יום־טוב איז דער בעסטער פון אַלע יָמִים־טובים?—חנוכּה.

אַכט טאָג כּסדר ניט גיין אין חדר, עסן לאַטקעס מיט שמאַלץ, שפּילן אין דריידל און באַקומען פון אַלע זייטן חנוכּה־געלט—נו, באַדאַרף מען נאָך אַ בעסערן יום־טוב.

ווינטער. דרויסן איז קאַלט. דער פראָסט ברענט מיט סכּנות. די פענסטער זיינען פאַרקאָוועט, באַדעקט מיט שניי, צעמאָלט אויפן שענסטן אַרט. און אין שטוב איז וואַרעם—מחיה נפשות. דאָס זילבערנע חנוכּה־לעמפּל שטייט צוגעגרייט נאָך פון בייטאָג. דער טאַטע גייט אום איבערן שטוב די הענט אַרונטער און דאַוונט מעריב. אויסגעשטאַנען שמונה־עשרה, נעמט ער אַרויס פון טישקעסטל אַ וועקסן ליכטל (דעם שמש), זאָגט „עלינו" און מאַכט צו אונדז (צו מיר מיט מיין יינגערן ברודער מאָטל) אויף לשון־קודש:

—אי, אָ, נו!... אִמִי!... אִמִי!

איך און מיין ברודער מאָטל לאָזן זיך לויפן ביידע איינס איבערן אַנדערן.

—מאַמע! גיכער חנוכּה־ליכטלעך!

— אוי, אַ מכּה איז מיר, חנוכּה־ליכטלעך! — זאָגט די מאַמע און וואַרפט אַוועק אַלע אַרבעט אין קיך (מע האָט געקוילעט גענדז, מע פּרעגלט שמאַלץ, מע האָט געראַשטשינעט לאַטקעס)! און לאָזט זיך לויפן אין שטוב אַריין, און נאָך איר — ברענגט די קעכין, אַ שוואַרצע יידינע מיט וואָנסן, מיט אַ פעט פּנים און מיט תּמיד פעטע אויסגעשמירטע הענט. די מאַמע שטעלט זיך אַוועק אָן אַ זייט און מאַכט אַ פרום פּנים, און ברענגט די קעכין בלייבט שטיין ביי דער טיר, ווישט די הענט אינם קויטיקן פאַרטוך, טוט אַ שמיר מיט דער פעטער האַנט איבער דער נאָז פון אונטן אַרויף און לאָזט איבער אַ שוואַרצן צייכן איבערן גאַנצן פּנים. מיר זיינען שטאַרקער פון אייזן, איך און מיין ברודער מאָטל, אַז מיר האַלטן זיך איין און שיסן ניט אויס קיין געלעכטער.

דער טאַטע גייט צו מיטן אָנגעצונדענעם שמש צום חנוכּה־לעמפּל, בויגט זיך אָן און מאַכט די בּרכה מיטן באַקאַנטן ניגון: „בָּרוּך אַתָּה!" און לאָזט אויס: „לְהַדְלִיק נֵר שֶׁל חֲנוּכָּה!"

די מאַמע ענטפערט מיט גרויס יִראַת־שָׁמַיִם: בָּרוּך הוּא וּבָרוּך שְׁמוֹ, אָמֵן",

און ברײנע שאָקלט צו מיטן קאָפּ און מאַכט בשעת מעשה אַזעלכע פּיסקעס, אַז איך און מײַן ברודער מאָטל האָבן מורא אַ קוק טאָן אײנס אויף דאָס אַנדערע.

„הנרות הללו שאָנו מדליקין" — זינגט דער טאַטע אונטער דער נאָז און שפּאַצירט אַרום הין און צוריק איבערן זאַל, קוקט אויפן חנוכּה־לעמפּל, זאָגט און זאָגט און הערט גאָר ניט אויף צו זאָגן. מיר װאָלטן װעלן, עס זאָל שוין האָבן אַן עק, ער זאָל זיך שוין נעמען צו דער קעשענע, צום בײַטעלע. מיר װינקען זיך איבער, שטופּן אונטער אײנס דאָס אַנדערע:

— מאָטל, גײ צו, זאָג אים חנוכּה־געלט.

— װאָס עפּעס איך זאָל זאָגן חנוכּה־געלט ?

— אַזוי, װאָרים דו ביסט קלענער, באַדאַרפסטו בעטן חנוכּה־געלט.

—טאָמער פאַרקערט, דו ביסט עלטער, באַדאַרפסטו בעטן חנוכּה־געלט?

דער טאַטע הערט גאַנץ גוט, אַז מיר רײדן פון חנוכה־געלט, נאָר ער מאַכט זיך װי ער הערט ניט. שטיל, ניט געכאַפּט, גײט ער צו צום טישקעסטל און צײלט געלט. עס גײט אונדז איבער אַ קלײן פרעסטל איבערן לײַב, עס ציטערן די הענט, עס קלאַפּט דאָס האַרץ. מיר קוקן אויף דער סטעליע, קראַצן זיך אונטער דער פּאה, מאַכן זיך, כּלומרשט, קאַלטבלוטיק, גלײַך װי ניט אונדז מײנט מען.

דער טאַטע טוט אַהוסט. — המ ... קינדער, קומט נאָר אַהער.

— האַ ? װאָס איז ?

— נאַט אײַך חנוכּה־געלט.

באַקומען אונזער חנוכּה־געלט, לאָזן מיר זיך גײן, איך און מײַן ברודער מאָטל, פּריער פּאַװאָלי, װי די סטאַטיקעס, און נאָכדעם גיכער און גיכער, מיט אַ שפּרונג אונטער און מיט אַ טענצל, און ביז מיר קומען אין אונדזער חדרל אַרײַן, קאָנען מיר זיך ניט אײַנהאַלטן, קוליען זיך איבער דרײַ מאָל מיטן קאָפּ אַראָפּ, מיט די פיס אַרויף, שפּרינגען אויף אײן פוס און זינגען אונטער :

אײַנגע בײַנגע,<br>סטופּאַ צײַנגע,<br>אַרצע באַרצע,<br>גאָלע שװאַרצע,<br>עײמעלע רײַמעלע,<br>בײַגעלע פײַגעלע, — האָפּ !

און פאַר גרויס שׂמחה און התפּעלות גיבן מיר זיך אַליין צו צוויי פּעטש אין די באַקן.

עס עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין דער פעטער בעני.

— הברה פלעצל, אייך קומט חנוכּה־געלט!

דער פּעטער בעני לייגט אַריין די הענט אין זשילעט־קעשענע, נעמט אַרויס צוויי זילבערנע גילדן און גיט אונדז חנוכּה־געלט.

ב.

קיינער אין דער וועלט וועט ניט זאָגן, אַז דער טאַטע און דער פעטער בעני זיינען ברידער. דער טאַטע — אַ הויכער אַ דאַרער, דער פּעטער בעני — אַ קורצער אַ גראָבער; דער טאַטע — אַ שוואַרצער, דער פעטער בעני — אַ געלער; דער טאַטע — אַ מרה־שחורה־הדיקער, אַ שווייגער, דער פעטער בעני — אַ פריילעכער, אַ רעדנער. טאָג מיט נאַכט, זומער און ווינטער — און דאָך אייגענע ברידער.

דער טאַטע נעמט אַ גרויסן בויגן פּאַפּיר, צעווירעט אויף קעסטעלעך, שוואַרצע און ווייסע, הייסט אַריינטראָגן פון קיך פאַסאָליעס, שוואַרצע און ווייסע — דאָס וועט זיין אַ דאָמינע.

די מאַמע איז אין קיך, פרעגלט שמאַלץ און באַקט לאַטקעס, איך מיט מיין ברודער מאָטל שפּילן אין דריידל נס גדול היה שם און דער טאַטע מיטן פעטער בענין זעצן זיך אַוועק שפּילן אין דאָמינע.

— איין זאַך וועל איך דיך בעטן, בעני, בלא חרטה ובלא דריי.

דאָס הייסט: אַ גאַנג זאָל זיין אַ גאַנג! — זאָגט דער טאַטע.

— אַגאַנג איז אַ גאַנג — זאָגט דער פעטער בעני און גייט אַ גאַנג.

— אַ גאַנג איז אַ גאַנג — זאָגט דער טאַטע און שלאָגט אָפּ דעם פעטער בעניס אַ ציגל.

— אַ גאַנג איז אַ גאַנג — זאָגט דער פעטער בעני און שלאָגט אָפּ דעם טאַטנס צוויי ציגלעך.

וואָס ווייטער־ווייטער לאָזן זיי זיך אַריין אין דער שפּיל אַלץ טיפער, קייען בשעת מעשה די בערד, טרייסלען מיט די פיס אונטערן טיש און זינגען שטילערהייט ביידע איין לידל.

— אוי, וואָס טוט מען, וואָס טוט, מען, וואָס טוט מען? — זאָגט

דער טאַטע מיט אַ ניגון פון דער גמָרָא און קייט אָן עק באָרד — זאָל איך גיין אַהער? וועט ער גיין אַהין. וועל איך גיין אַהין? וועט ער גיין אַהער. באַדאַרף מען בעסער גיין אַזאַ מין גאַנג.

— אַזאַ מין גאַנג, אַזאַ מין גאַנג — העלפּט אים אונטער דער פּעטער בעני מיטן זעלבן נוסח.

— וואָס־זשע באַדאַרף איך מורא האָבן? — זינגט דער טאַטע ווייטער. טאָמער שלאָגט ער מיר אָפּ יענץ ציגל? וועל איך ביי אים צונעמען צוויי ציגלעך. אַי, וואָס? טאָמער מיינט ער מיר שלאָגן דריי ציגלעך?

— דריי ציגלעך, דריי ציגלעך, דריי ציגלעך? — העלפּט אים אונטער דער פּעטער בעני.

— אוי, ביסטו אַ טיפּש, בעני, אַ טיפּש און אַ גרויסער! — זאָגט דער טאַטע און גייט אַ גאַנג.

— ביסט אַליין אַ טיפּש, מיין ברודער, און נאָך אַ גרעסערער! — זאָגט דער פּעטער בעני און גייט אַ גאַנג און פאַרכאַפּט זיך באַלד צוריק.

פּע, בעני, מיר האָבן דאָך גערעדט, אַ גאַנג איז אַ גאַנג! — זאָגט דער טאַטע שוין אָן אַ ניגון און כאַפּט דעם פּעטער בעני פאַר דער האַנט.

— אַ גוטער מָשל — זאָגט דער פּעטער בעני — כָּל־זמַן איך האַלט אינמיטן אַ גאַנג, מעג איך גיין ווּהין איך וויל.

— ניין! — זאָגט דער טאַטע — אַ גאַנג איז פאַרפאַלן! מיר האָבן דאָך עפּעס געשמועסט, בעני, בלי חַרָטָה, בעני, בלאַ דריי;

— חַרָטָה — זאָגט דער פּעטער בעני — וויפיל מאָל מאַכט זיך, אַז דו האָסט חַרָטָה?

— איך? — זאָגט דער טאַטע — ע, בעני, דערפאַר האָב איך דאָך פיינט מיט דיר צו שפּילן אין דאָמינע!

— ווער־זשע בייט דיך, זאָלסט מיט מיר שפּילן?

— שוין? מע קריגט זיך שוין איבער אַ פאַסאָלקעלע? — רופט זיך אָן די מאַמע און קומט אָן פון קיך מיט אַ פאַרפלאַמט פּנים און נאָך איר ברײַנע מיט אַ גרויסן פאַלומעסיק מיט הייסע לאַטקעס מיט שמאַלץ, פון די לאַטקעס זעצט אַ פאַרע. אַלע לאָזן זיך צום טיש, איך און מיין ברודער מאָטל, וואָס האָבן זיך פריער אַביסל געקריגט, געריסן ווי די קעץ, בעטן זיך גיך איבער, ווערן שָלום און זעצן זיך צו די לאַטקעס מיט גרויס כַּוָונָה.

ג.

— אַנו, מאָטל, לאָמיר זיך קאָרשט נעמען צו דער אַרבעט, אויס־רעכענען, וויפיל האָבן מיר אונדזערע אייגנס חנוכּה־געלט? נאָר ווייסטו וואָס? דו שווייג, פריער וועל איך איבערציילן מיינס, נאָכדעם וועסטו ציילן דיינס. און איך צייל: אַ קערבל מיט דריי צוואַנציקער, מיט פיר גילדן, מיט פינף גריוונעס, מיט זעקס פיטאַקלעך, וויפיל מאַכט דאָס אינאיינעם? אַפּנים אַזוי גרויס ווי אַ קערבל מיט דריי צוואַנציקער, מיט פיר גילדן, מיט פינף גריוונעס, מיט זעקס פיטאַקלעך...

מיין ברודער מאָטל וויל נישט וואַרטן ביז איך וועל ענדיקן מיין חשבון און ער נעמט זיך צו זיינע קאַפּיטאַלן, ער לייגט פון איין האַנט אין דער אַנדערער און ציילט:

— אַ צוואַנציקער און אַ צוואַנציקער איז צוויי צוואַנציקער. און נאָך אַ צוואַנציקער איז דריי צוואַנציקער, און צוויי גילדן איז דריי צוואַנציקער, מיט צוויי גילדן, און אַ גריוונע און נאָך אַ גריוונע און נאָך אַ גריוונע, איז אינאיינעם צוויי צוואַנציקער מיט דריי גילדן, מיין איך דריי גילדן מיט צוויי צוואַנציקער. טפו, וואָס רייד איך? מע באַדאַרף אָנהייבן נאָך אַמאָל פון אָנהייב. און ער הייבט אָן נאָך אַמאָל פון אָנהייב. מיר ציילן, און ציילן און קאָנען ניט איבערציילן; מיר רעכענען און רעכענען און קאָנען ניט אויסרעכענען, און אַז עס קומט צום פעטער משה־אַהרונס אַלטע פּיטאַקעס, שווערע זעקסערס, אָפּגעריבענע דרייערס און אָנגעשוואָלענע גראָשנס, פאַרפּלאָנטערן מיר זיך אַזוי שטאַרק אין חשבון, אַז מיר ווייסן שוין גאָרנישט, ווו מיר זיינען אין דער וועלט. מיר פּרוּוון זיך אויסבייטן די דאָזיקע מטבעות ביי דער מאַמען, ביים טאַטן, ביי ברײנע די קעכין — עס גייט ניט. קיינער וויל זיי ניט נעמען אין די הענט אַריין!

— וואָס איז דאָס פאַר אַ פּיטאַקעס? ווער האָט דאָס אייך אַריינ־געררוקט אַזאַ געלט?

מיר שעמען זיך אויסצוזאָגן און מאַכן אַ שוויג.

ביינאַכט אויפן געלעגער ליג איך און איך טראַכט: וויפיל קאָן זיך. אַשטייגער. ביי מיר צונויפקלייבן, אַז אַלע פעטערס און אַלע מומעס מיט אַלע קרובים וועלן מיר געבן חנוכּה־געלט? ראשית חכמה דער פעטער משה־אַהרון, דער מאַמעס ברודער, אַפילו זייער אַ קאַרגער, נאָר אַ נגיד, נאָכדעם דער פעטער איצע און די מומע דבורה, וואָס דער טאַטע און די מאַמע זיינען מיט זיי ברוגז שוין פון כּמה וכּמה יאָרן. הײַנט דער פעטער בייניש און די מומע יענטע? הײַנט ווו איז

אונדזער שוועסטער איידל? און איר מאַן שָלום־זיידל? און אַלע איבעריקע קרובים?

— מאָטל, דו שלאָפסט?

— יאָ, וואָס איז דען?

— וויפיל מיינסטו וועט אונדז געבן דער פעטער משה־אַהרון חַנוכָּה־געלט?

— פון וואַנען זאָל איך וויסן, איך בין אַ נָביא?

אין אַ מינוט אַרום:

— מאָטל, דו שלאָפסט?

— יאָ, וואָס איז דען?

— עמיצער האָט אַזוי פיל פעטערס מיט אַזויפיל מומעס ווי מיר?

— אָדער יאָ, אָדער ניין.

אין צוויי מינוט אַרום:

— מאָטל, דו שלאָפסט?

— יאָ, וואָס איז דען?

— וויבאַלד דו שלאָפסט, היינט ווי אַזוי רעדסטו מיט מיר?

— דו פרעגסט דאָך מיך, מוז איך דיר ענטפערן.

אין דריי מינוט אַרום:

— מאָטל, דו שלאָפסט?

— טסססס — כילכולכיל — טסססס...

מאָטל כראָפּעט, כאָרכלט, פייפט מיט דער נאָז, און איך זעץ מיך אויף אויף מיין בעטל, נעם אַרויס מיין קערבל, גלעט דאָס, באַטראַכט דאָס. דאַכט זיך וואָס? — טראַכט איך מיר — אַ שטיקל פּאַפּיר, און וואָס קאָן מען דערפאַר ניט קויפן? צאַצקעס, מעסערלעך, שטעקעלעך, בייטעלעך, ניס און קאָנפעקטן און ראָזינקעס און באָקסערן, און וואָס ניט? איך באַהאַלט דאָס קערבל צוקאָפּנס אונטערן קישן. קומט אַריין ברײנע פון קיך מיט אַ פולן פּאָלומעסיק מיט קערבלעך... ברײנע גייט ניט, נאָר זי שוועבט אין דער לופטן, זינגט „הַנֵרות הַלָלוּ שֶאָנוּ מַדליקין". און מאָטל שלינגט קערבלעך ווי די האַלישקעס. „מאָטל-שריי איך מיט אַלע כּוחות—גאָט איז מיט דיר, מאָטל, וואָס טוסטו? קערבלעך???

איך כאַפּ זיך אויף און שפּיי אויס דריי מאָל: „טפו—טפו—טפו!..." אַ חָלום! און ווער אַנטשלאָפן.

שלום־עליכם.



# אין אָוונט.

ווינטער אָוונט,—שטיל און רויִק
איז אין אונדזער הויז.
ביי דעם אויוון זיצט די באָבע,
האַלט מיך אויף איר שויס.

מיט אַן אומעטיקן שמייכל
קוקט זי אויפן פלאַם
און דערציילט מיר ווי אַ פויגל
האָב געלעבט ביים יַם.

ווי אַ שיף איז צוגעשווומען
צו אַ אינזל ווייט,
ווו געלערנט האָבן תּורה
זיבן אַלטע לייט.

ווי אַ וואָרף געטאָן דער מֶלֶך
האָט זיין רינג פון גאָלד,
נאָר דאָס קינד צום אָפּגאָט בוקן
האָט זיך ניט געוואָלט.

ווי אַ בעטלער איז געקומען
צו אַ גוטן ייד...
אָדער גאָר זי הייבט אָן זינגען
שטילערהייט אַ ליד:

ווי געפלויגן איז אַ פּאַווע
איבער גרינעם וואַלד,
ווי די כאַפּערס פלעגן כאַפּן
קינדערלעך מיט גוואַלד.

און איך הער זיך צו פאַרכישופט
צו די באָבעס רייד,
און פון מיינע אויגן פאַלן
טרערן שטילערהייט.

קיינער איז ניטאָ אין צימער—
מער ניט מיר באַנאַנד
און די טאַנצנדיקע שאָטנס
אויף דער ווייסער וואַנט.

נחום י.



# גַזלָנים.

זומערלעב, זומערלעב ביימעלעך גרין,
ווינטערלעב ביימעלעך ווייס...
אָט, קינדערלעך, זעצט זיך אַוועק ארום מיר,
איך וועל אייך דערציילן אַ מַעֲשֶׂה.

אַז איר וועט שטילינקע זיצן אַזוי—
איז נעם איך די מַעֲשֶׂה דערציילן:
עס האָבן צוויי ברידער גַזלָנים געלעבט
אין פינסטערן וואַלד אין די היילן.

איינער פון זיי איז אַ יונגער געווען,
דער צווייטער אַן אַלטער אַ בלינדער.
דער אַלטער פלעגט זיצן און היטן די היים,
דער יונגער פלעגט גיין כאַפּן קינדער.

ער פלעגט אַוועק אין אַ פינסטערע נאַכט,
אַ כאַפּ טאָן אַ קינד און אַנטלויפן,
און ברענגען דאָס קינד צו דעם אַלטן אַהיים,
דערנאָך צו ציגיינער פאַרקויפן.

איינמאָל, עס טרעפט אין אַ פינסטערע נאַכט
אין וואַלד האָט אַ שטורעם געוויטערט:
פון שטורעם געקרעכצט יעדער בוים האָט אין וואַלד,
די הייל האָבן אַזש געציטערט.

זיינען די ברידער גזלנים ביים טיש
פאַרשיכורט און פריילעך געזעסן;
זיי האָבן געטרונקען דעם טייערסטן וויין,
די בעסטע מאכלים געגעסן.

פּלוצלונג, זיי הערן אַ קינדערש געוויין
צעגייט זיך, פאַרגייט זיך אין שטורעם!
„מיין מאַמע, מיין מאַמע, איך בלאָנדזשע אַליין!...“
אַ קינדערש געוויין, אַז אַפילו אַ שטיין
געקענט וואָלט צעגיין פון יסורים.

אָבער די ביידע גזלנים פאַר פרייד,
זיי האָבן געטאַנצט און געשפּרונגען,
פאַר זיי האָט דאָס קינדערש געוויין ווי אַ באַרג
ציגיינערשע רענדלעך געקלונגען.

האָט זיך דער יונגער פון קאָפּ ביז די פיס
מיט העק און מיט מעסער באַהאַנגען,
און איז דורך די הייל צום וואַלד נאָכן קינד
מיט בליציקע אויגן געגאַנגען.

גייט ער אַ שעה און, גייט אַזוי צוויי,
און וואָס איז דאָ לאַנג צו דערציילן? —
ער גייט שוין אַרום אַזוי זיבן מעת-לעת
און קען ניט אַרויס פון די הייל.

און אין די גאַנצענע זיבן מעת-לעת,
ווו ער זאָל זיך ווענדן און קערן —
דאָס קינדערש געוויין טראָגט זיך אום דאָ פאַר אים,
און וויל גאָר אַנטשוויגן ניט ווערן.

האָט ער די גאַנצענע זיבן מעת-לעת
געריסן די הייל, די שטיינער, —
אַז ער האָט צעבראָכן די מעסער און העק,
געריסן האָט ער מיט די ציינער.

וואָס איז דערווייל מיטן בלינדן געשען?
ער איז דאָך אַ שיף אָן אַ רודער?
דער בלינדער האָט גאַנצענע זיבן מעת-לעת,
געוויינט נאָך זיין ייִנגערן ברודער,

און אויף דער נאַכט פון דעם אַכטן מעת-לעת,
דער ברודער איז נאָך ניט געקומען —
האָט אַזוי ביטער און שטאַרק זיך צעוויינט,
ביז ער האָט זיין ראיה באַקומען

איז ער זיין ברודער צו זוכן אַוועק:
און ווייט אין אַ הייל אַ פאַרדרייטן,
אָן ציינער, די ליפּן צעקרימט און צעלאָמט,
האָט ער אים געפונען אַ טויטן.

און ווי ער האָט אים געפונען אַזוי
אָן ציינער אַ טויטן דאָ ליגן,

ברעכט פלוצלונג דער טויטער אַרויס
אַ געוויין:
„מיין מאַמע, מיין מאַמע, איך בלאָנדזשע
אַליין"...
און ווערט באַלד אויף אייביק אַנטשוויגן.

גרוי ווי דער אַלטער איז פריער געווען,
פון שרעק איז געוואָרן נאָך גרויער;
און איבערן מת האָט ער זיבן מעת־לעת
געוואַכט אין געוויין און אין טרויער.

און אויף דער נאַכט פון דעם אַכטן
מעת־לעת,
אין וואַלד איז אַ שטורעם געוואָרן,
האָט ער אַזוי ביטער און שטאַרק זיך
צעוויינט,
ביז ער האָט זיין ראיה פאַרלאָרן.

זיצט זיך פון יעמאָלט דער בלינדער
און וויינט.
און קען ניט אַרויס פון די היילן.
און סוחרים, וואָס פאָרן אין נעכט דורכן
וואַלד,
ע שראָקענע נאָכדעם דערציילן.

אַז ווען מע פאָרט אין די נעכט דורכן
וואַלד,
אַ קינדערש געוויין קען מען הערן,
אַ קינדערש געוויין, אַז אַ שטיין וואָלט
צעגיין:
„מיין מאַמע, מיין מאַמע, איך בלאָנדזשע
אַליין!..."
און וויל גאָר אַנטשוויגן ניט ווערן.

אָבער דאָס וויינט ניט קיין קינד אינם
וואַלד, —
מען לאָזט ניט אין וועלדער קיין קינדער.
דאָס וויינט נאָר אין פינסטערן וואַלד אין
די נעכט
דער אַלטער דער גזלן דער בלינדער.

זומערלעב, זומערלעב, ביימעלעך גרין,
ווינטערלעב ביימעלעך וויסע.
אַ גלעקל אַריין און אַ גלעקל אַרויס —
און דאָס איז די גאַנצענע מעשה...

מאני לייב.



# דער ווינט, וואָס איז געווען אין כעס.

דער אַלטער ווינט האָט זיך מיד אַרומגעשלעפּט איבער די פאַרשנייטע פעלדער. ער איז אויסגעווען אין אַ פולע שטעט און דערפער. און אין ערגעץ האָט ער ניט גע־רוט. ער איז אַרומגעקראָכן איבער די אַלע דעכער, האָט געקלאַפּט מיט די לאַנגע, קאַלטע פינגער אין די שויבן און געפייפט אין די קוימענס.

פלוצלונג איז געוואָרן אין די שטעט אַן אָדליגע. דער ווינט האָט קוים באַוויזן אַרויסצוקריכן פון אַ קוימען, ווו ער איז גראָד דעמאָלט געלעגן און געזונגען, און איז קוים מיטן לעבן אַנטלאָפן אין די פעלדער.

קלאָר־ווייס פינקלט דער שניי אויף די פעלדער, בלוי איז דער הימל, און דער ווינט גייט אַזוי אָרום אַ פאַרמאַטערטער און זוכט אַן אָרט ווו זיך אָפּצורוען, דערזעט

ער דאָרטן ווייט, ווו דער הימל גייט זיך צונויף מיט פעלד, שטייט אַ דעמב. טראַכט זיך דער ווינט: „אונטערן דעמב וועל איך זיך לייגן אָפּרוען". האָט ער זיך קוים דערשלעפּט צו יענעם אָרט און אַזוי אָן כּוחות איז ער אַנידערגעפאַלן אונטערן דעמב.

ליגט ער אַזוי, דער ווינט. ס'פאַרמאַכן זיך אים די אויגן פון מידיקייט, און אָט־אָט האַלט ער שוין ביים איינשלאָפן. דערהערט ער פּלוצלונג, ווי דער דעמב טוט אַ זאָג עפּעס מיט אַזאַ גראָבער שטימע אין דער וועלט אַריין:

— וואָס פאַר אַ חכם האָט זיך עס דאָרט אַנידערגעלייגט? עס שטעכט מיר אַזוי אויך פון קעלט אין די שפּיץ וואָרצלען!

זאָגט אים דער ווינט:

— זײַ נישט אַזוי שלעכט, טייערער דעמב! איך בין אַן אַלטער ווינט, אַ גייער. הײַנטיקס יאָר האָב איך געוואָלט ווינטערן אין די שטעט, איז פּלוצלונג געוואָרן אַן אַדליגע, האָט מיר דאָרטן אַזוי פאַרכאַפּט דער אָטעם, אַז איך בין קוים אַנטלאָפן אין די פעלדער.

ענטפערט אים דער דעמב אַביסל ווייכער:

— טייערער ווינט! ס'איז מיר איצטער זייער ניט גוט אויפן האַרצן. גראָד צו ווינטער צו בין איך געבליבן אַ נאַקעטער, אָן אַ שום בלאַט אויף די צווייגן און ווען איך זאָל ניט היטן די וואָרצלען אין דער ערד, ווער ווייס, צי וועל איך נאָך קענען אָפּלעבן אין פרילינג. גיי בעסער, טייערער, צו אַ ביסעלע ווייטער. דאָרטן ליגט ביים וועג אַ שטיין, וועסטו זיך אויף אים צוזעצן אָפּרוען.

הייבט זיך אויף דער אַלטער ווינט און גייט צום שטיין.

גייט ער, גייט ער, ערשט ער דערזעט, ווי עס ליגט ביי דער זייט פון וועג דער שטיין — אַ גרויסער און אַ שטומער. האָט ער זיך אויף אים צוגעזעצט, אַרײַנגעלייגט די הענט אַן אַרבל אין אַן אַרבל און געוואָלט שוין אַיינדרעמלען. האָט דער שטיין דערפילט, אַז עמיצער זיצט ביי אים אויפן פּלייצע, דערלאַנגט ער אַ ברום ווי פון אונטער דער נאָז:

— ווער איז דאָרטן?

ענטפערט אים דער ווינט:

— איך.

פרעגט דער שטיין:

— ווער איז דער „איך?"

ענטפערט אים דער ווינט:

— דאָס בין איך, אַן אַלטער ווינט, אַ גייער. הײַנטיקס יאָר האָב איך געוואָלט ווינטערן אין די שטעט, איז פּלוצלונג געוואָרן אַן אָדליגע, האָט מיר דאָרט פאַרכאַפּט דער אָטעם אַזוי, אַז איך בין אַנטלאָפן אין די פעלדער, האָב איך געוואָלט זיך לייגן אָפּרוען אונטערן דעמב, האָט דער דעמב געזאָגט, אַז איך דריק אים צופיל אויף די וואָרצלען און זיינע וואָרצלען זײַנען אים טייער ווי דאָס לעבן...

— וואָרצלען, שמאָרצלען!...

דער שטיין איז דאָך אַ גרויסער שלעכטס, האָט ער אים איבערגעהאַקט אינמיטן. — „אַז מע וויל זיך אויף עמיצן אַרויפזעצן, דאַרף מען פרעגן, ניט מע וואַרפט זיך אַרויף סתּם אַז... ס'איז מיר אַזוי אויך קאַלט און טרוקן אינעווייניק, אַז איך וועל באַלד

מסתּמא צעפּלאַצט ווערן, גייט ער נאָך און וואַרפט זיך אַרויף! געהערט, וואָס אַן אַלטער גייער קאָן?!״.

דער שטיין האָט פיינט געהאַט אַלעמען, וואָס קאָנען גיין און דער ווינט האָט עס ניט געוווּסט.

וואָס זאָל דער ווינט טאָן? גייט ער ווייטער... דערווייל איז געוואָרן פאַרנאַכט. די זון איז פאַרגאַנגען. אין מערב־זייט האָט זיך עפּעס אָנגעצונדן, אַזוי ווי אַ גרויסע שׂרפה. דער ווייסער שניי איז ראָז געוואָרן און גרייפּעלעך שניי ווייסינקע, ראָזינקע, בלאָ‌ינקע האָבן געפינקלט אויף אַלע פעלדער.

גייט זיך דער ווינט אַזוי מיטן וועג, אַוודאי אַ שעה צייט, און קיין כּוח האָט ער שוין ניט. דערזעט ער,—עס שטייט אַ גרויסע קרעטשמע מיט אַ גרויסן, רויטן גאַניק. איז אים ליכטיק געוואָרן אין די אויגן; אָבער אַוועקזעצן זיך ניט געפרעגטערהייט אויפן גאַניק האָט ער שוין מורא. טראַכט ער זיך: „איך וועל אַ פרעג טאָן ביים קרעטשמער, צי איך מעג זיך אָפּרוען ביי אים אויפן גאַניק״. גייט ער צו צום טיר און קלאַפּט אָן:

— באַלעבאָס!

ענטפערט אים קיינער ניט. הייבט ער זיך שוין אָן בעטן מיט אַ וויינענדיקן קול:

— באַלעבאָס!

דאָס מאָל האָט מען אים אויך ניט געענטפערט. דער קרעטשמער איז געלעגן אויפן אויוון און געשלאָפן. צום מאַרק אין שטאָט אַריין פאָרן דאָך די פּויערים מאָנטאָג, און דאָס איז געווען דינסטאָג, האָט זיך דער קרעטשמער באַטראַכט: — „ווײַבאַלד, אַז קיין דורכפאָרער זיינען סיי־ווי־סיי דינסטאָג ניטאָ, וועל איך זיך גאָר לייגן אויפן אויוון שלאָפן״.

עפנט אויף דער ווינט פאַמעלינקעס די טיר, שטעקט דעם קאָפּ אין שטוב אַריין, ער וויל אַ קוק טאָן, וואָס איז דאָרטן.

דערווייל האָט דעם קרעטשמער גענומען בלאָזן אַ קאַלטער ווינט אונטערן קאָל־בער, איז ער אַראָפּגעשפּרונגען אויסער זיך פון אויוון מיט אַ געשריי:

— אָי, ווײ צו מיר ניט, אַ צוק־ווינט! די טיר איז אָפן!

דער ווינט האָט קוים אַרויסגעכאַפּט דעם קאָפּ פון צווישן טיר. ער האָט גענומען לויפן אָן אַן אָטעם מיטן וועג און הינטער זיך הערט ער ווי דער קרעטשמער שרייט און שילט זיך.

איז דער ווינט אין כּעס געוואָרן אויף דער גאַנצער וועלט. קיינער לאָזט אים זיך ניט אויסרוען, בעת ס׳איז אים שלעכט. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט, אַזוי ווי אַ גיבור, אין מיטן פעלד, ער האָט פאַרקאַשערט די אַרבל, אָנגעגורט די לענדן און גע־נומען פאַר צרות בלאָזן מיט אַלע כּוחות. דער שניי האָט זיך אויפגעהויבן פון דער ערד און אַזוי ווי זילבעריי מעל, אָנגעהויבן זיך שיטן צוריק אויף דער ערד...

דער ווינט האָט אַלץ געבלאָזן מיט אַלע כּוחות. נאָכדעם האָט ער אָנגעהויבן פייפן, בלאָזן און פייפן, פייפן און בלאָזן, און עס איז געוואָרן אַ זאַווערוכע און ס׳איז געוואָרן אַ דרייעניש, און אַ פייפעניש, און אַ שרייעניש; און דער שניי האָט זיך גענומען דרייען און וואַרפן און אַזוי ווי ווייסע האַנטעכער וואָלטן אַרומגעפלויגן אין דער לופטן. און דער ווינט האָט אָנגעהויבן וויינען. האָט ער געוויינט ווי אַ קליין קינד, אָן אַן אויפהער. נאָכדעם האָט ער גענומען וואָיען, אַזוי ווי אַ הונט, און געוואָיעט, און געשאָטן מיט שניי, און געשריען, און עס איז געוואָרן פינסטער, מער ניט די ווייסע שנייעלעך

האָבן זיך געזעגנט. און די ווייסע שנייעלעך האָבן זיך געשאָטן אין דער פינסטער, געשאָטן זיך פון הימל אויף דער ערד און פון דער ערד צום הימל. און דער ווינט האָט אָנגעהויבן מיאַוקען, וויינען, מיאַוקען און וויינען, אַזוי ווי קעץ וויינען ביינאַכט אינדערפינסטער. און עס איז געוואָרן אַ גרויסע זאַווערוכע. דער ווינט האָט פאַרשאָטן אַלע וועגן. די פורמאַנעס, וואָס זיינען געפאָרן אין וועג, האָבן אָפּגעשטעלט זייערע פערד. מע זעט ניט, וווהין צו פאָרן. שטייענדיק ביי זייערע וועגענער סחורה, האָבן זיי אונטערגעשפּרונגען, געקלאַפּט מיט די הענט אונטער די פּאַכוועס און געוווּנדערט זיך:

— סאַר אַ שטורעמווינט!

— סאַר אַ וויכער!

— קיינמאָל האָט נאָך ניט געטראָפן אַזאַ זאַווערוכע!

אַרום די דערפער און אַרום די שטעטלעך האָבן זיך אָנגעשאָטן בערג פון שניי. הינט זיינען געשטאַנען ביי זייערע נאָרעס מיט אויסגעצויגענע העלדזער און געוואָיעט. אומעטום האָט מען פאַרמאַכט די לאָדנס, פאַרריגלט גוט די טירן, נאָר דער ווינט האָט געקלאַפּט אין די אושאַקעס פון די טירן ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביי די קוימענס און געוויינט אַזוי, אַז די גאַנצע וועלט זאָל הערן. מע האָט ניט געקאָנט איינשלאָפן אויף די געלעגערס און אַפילו גרויסע מענטשן האָבן ניט געוווּסט וואָס צו טאָן.

---

און אין ערגעץ אַ קליין אָרעם שטיבעלע, וואָס איז געשטאַנען ביים עק שטאָט, האָט געוווינט אַן אָרעמע פרוי מיט צוויי קינדערלעך. דער ווינט האָט פאַרשאָטן מיט שניי דאָס גאַנצע שטיבעלע. די קינדערלעך האָבן זיך געטוליעט צו זייער מוטער: זיי האָבן זיך געשראָקן פאַרן ווינט. די מאַמע האָט זיי געגלעט איבער די קעפּעלעך און געוואָלט איינשלעפערן, עס האָט אָבער געקלאַפּט דער ווינט אין די פענסטער און ניט געלאָזן שלאָפן.

— מאַמע, גיי בעט ביים ווינט, ער זאָל ניט קלאַפּן אַזוי אין די פענסטער!

דער ווינט איז געשטאַנען הינטער דער וואַנט, ער האָט געהערט וואָס די קינדערלעך פאָדערן פון זייער מאַמען, עס האָט אים פאַרקלעמט דאָס האַרץ, דער גוטער ווינט איז אָבער געווען אין כּעס אויף דער וועלט.

מאַמע, גיי בעט ביים ווינט, ער זאָל ניט וויינען אַזוי אין קוימען!

דער ווינט האָט זיך נאָך מער צעוויינט. עס האָט אים ווי געטאָן, וואָס ער לעבט אָפּ זיין גאַנצן לעבן, אַזוי ווי אַ הונט נאָר אין דרויסן, און קליינע קינדערלעך שרעקן זיך פאַר אים.

— מאַמע, גיי בעט ביים ווינט, ער זאָל אויפהערן צו זיין אין כּעס!

די מאַמע האָט אויף גיך אָנגעטאָן די פאַטשיילע, זי האָט אויפגעעפנט די טיר פון פירהויז: עס איז פינסטער. האָט זי זיך אַוועקגעשטעלט אויף דער שוועל און געזאָגט אין דער פינסטערניש:

— ווינט, ווינט, הער אויף צו זיין אין כּעס!

האָט איר דער ווינט ניט געהערט. ער האָט זיך נאָך מער צעבייזערט און אַ שאָט געגעבן דער מאַמען אין פּנים אַריין אַ פולן הויפן שניי. האָט די מאַמע אָפּגעווישט דעם שניי פון פּנים און געזאָגט צום ווינט אַ צווייטן מאָל:

— ווינט, גוטער ווינט, באַטראַכט זיך וואָס דו טוסט!

האָט איר דער ווינט דאָס מאָל אויך ניט געהערט, נאָר אין פּנים האָט ער שוין מיט שנײ ניט געשאָטן.

האָט די מאַמע זיך דערמאָלט געווענדעט צום ווינט מיט טרערן אין די אויגן:

— ווינט, טײערער ווינט, טו צוליב די קלײנע קינדערלעך וועגן!

איז דער ווינט באַלד שטילער געוואָרן. דער שנײ האָט ביסלעכווײז אויפגעהערט צו שיטן. הינטער די ראָגן פון די שטיבער האָט זיך נאָך געהערט אַ פאַרשטיקטער געוויין, נאָר אַלץ שטיל און שטילער, ביז ער האָט אינגאַנצן אויפגעהערט.

דער ווינט האָט זיך איבערגעבעטן...



אינדערפרי האָבן ײנגלעך אַראָפּגערוקט די היטלען ביז איבער די אויערן, האָבן אָנגעטאָן גרויסע הענטשקעס, גענומען רידלען אין די הענט און אָפּגעקערט דעם שנײ, וואָס האָט פאַרשאָטן אַלע טירן.

משה קולבאַק.

# דער ווינפּעגער וואָלף.

## א.

איבערן וואַלדיקן ברעג פונם רויטן טײך האָט אין אַ שײנעם יוני טאָג אַרומגעשפּאַצירט אַ יעגער. פּלוצלונג האָט ער דערזען אַ גרויען וואָלף, וואָס איז אַרויסגעקראָכן פון זײן נאָרע אויפן ברעג טײך. דער יעגער האָט אויסגעשאָסן אין דעם וואָלף און אוועקגעלײגט אים אויף אַן אָרט. דערנאָך איז ער אַרײנגעקראָכן אין דער נאָרע און האָט דאָרטן געפונען נײַן קלײנינקע וועלפּעלעך. ער האָט זיך זײער דערפרײט מיט דערדאָזיקער מציאה, ווײל אין יענע קאַנטן איז געווען באַשטימט אַ פּרעמיע פון 10 דאָלאַר פאַר יעדן דערהרגעטן וואָלף, און דאָ האָט ער געקענט באַקומען 9 פּרעמיעס מיטאַמאָל. דאָס איז דאָך אַ גאַנצער אײגנס!

אַכט וועלפּעלעך האָט דער יעגער דערהרגעט און נאָר אײנעם געלאָזט לעבן, ווײל אין יענע קאַנטן איז פאַרשפּרײט אַ זאַבאַבאָנע, אַז מע טאָר ניט צוהרגענען אַלע וועלף, וואָס מע געפינט אין אַ נאָרע: דאָס ברענגט אַן אומגליק. אײנעם מוז מען לאָזן לעבן.

דער יעגער האָט גענומען די קעפּ פון די דערהרגעטע וועלף, אויך דאָס לעבעדיקע וועלפּעלע, און איז אַוועק אין שטאָט אַרײן צום שענקער, וואָס פלעגט אַרויסצאָלן די פּרעמיעס. דער שענקער האָט אַרויסגעצאָלט דעם יעגער דאָס געלט, וואָס ס'האָט אים בעקומט, און אויך אָפּגעקויפט דאָס לעבעדיקע וועלפּעלע. ער האָט צוגעבונדן דאָס וועלפּעלע אויף אַ קײט און געהאַלטן אים אויפן הויף, כּדי צו פאַרשאַפן פאַרגעניגן די באַזוכער פון דער שענק. די שיכּורע באַזוכער פלעגן זיך טאַקע אָפּט מאַכן אַ שפּיל, אָנרײצנדיק אויפן געפאַנגענעם בײזע הינט. ניט אײנמאָל האָט מען דעם יונגן וואָלף צעשלאָגן און צעביסן כּמעט ביז טויט.

דאָס לעבן פון דעם וועלפל איז געווען שווער און ביטער, אַזוי ביטער, ווי נאָר עס קען זײן דאָס לעבן פון אַ חיה אין געפאַנגענשאַפט.

אין דעמדאָזיקן טרויעריקן לעבן איז געווען נאָר איין ליכטיקער שטראַל—די פריינדשאַפט פון דעם וואָלף מיטן שענקערס ייִנגל דזשים.

דער גרויער האָט איינמאָל פאַרגריזשעט אַ הונט, וואָס האָט אײַנגעביסן דזשימען.

פון דאַן אָן האָט זיך דזשים צוגעבונדן צום וואָלף מיט לייב און זעל. דער וואָלף פון זיין זייט האָט אויך שטאַרק ליב געקראָגן דזשימען און פלעגט אים לאָזן אָפטאָן אַזוינע זאַכן, וואָס אַן אַנדערן וואָלט ער דאָס געוויס ניט דערלויבט.

איינמאָל, ווען דער פאָטער האָט זיך מיט כּעס אַ לאָז געטאָן צו דזשימען, האָט זיך דאָס ייִנגל פאַר שרעק אַ וואָרף געטאָן צום וואָלף אין ביידל אַריין. דער וואָלף איז גלייך צוגעגאַנגען צו דער טיר פון ביידל און אויסגעשטשירעט צוויי ראָגדן ווייסע ציין. דערמיט האָט ער געגעבן צו פאַרשטיין דזשימס פאָטער: „זאָלסט זיך ניט דערוועגן אים אָנצורירן!"

דער שענקער איז אין דער מינוט געווען אַזוי צעקאָכט, אַז ווען ער וואָלט בעת מעשה געהאַט אַ ביקס אין האַנט, וואָלט ער דעם וואָלף גלייך דערשאָסן. נאָר ערשטנס האָט ער דעם ביקס ניט געהאַט, צווייטנס וואָלט ער שיסנדיק געקענט אָנטרעפן דעם זון אויך, דעריבער איז ער מיט כּעס אַוועק פון ביידל.

אין אַ האַלב שעה אַרום האָט ער אַליין געלאַכט פון דער גאַנצער געשיכטע.

פון דעמאָלט אָן פלעגט דזשים איטלעכס מאָל, ווען ער איז געווען אין געפאַר, אַנטלויפן צום וואָלף אין קאָנורע אַריין און זיך באַהאַלטן הינטער די פלייצעס פון זיין שרעקלעכן פריינד.

## ב.

אין יענער צייט האָבן זיך אין יענע קאַנטן פאַרשפּרייט זייער אַ סך וועלף, וואָס האָבן ביי די וויניפּעגער פיהענדלער צעריסן פיל בהמות. קיין שום מיטלען, קיין שום פּאַנגגריבער האָבן ניט געהאָלפן. די פיהענדלער האָבן געהאַלטן אין איין קלאָגן זיך. דאַן איז קיין וויניפּעג גראַד געקומען אַ דייטש, וואָס האָט דערציילט, אַז ער האָט אויסגעשריבן אַזאַ גוטן מין הינט, וואָס וועלן געוויס פאַרטיליקן אַלע וועלף. די פיהענדלער זיינען געווען זייער צופרידן: ערשטנס, וועלן זיי פּטור ווערן פון אַ צרה, צווייטנס, וועלן זיי האָבן דאָס פאַרגעניגן צו גיין אויף געיעג.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט דער דייטש געבראַכט וויַיזן צוויי גרויסע יאַגדהינט: גרויע, מיט שוואַרצע פלעקן, מיט מאָדנע ווייסלעכע אויגן. דער דייטש האָט פאַרזיכערט, אַז אַזוינע צוויי הינט קענען ביַיקומען דעם גרעסטן וואָלף, און אַלע האָבן אים געגלויבט, און שוין געוואָלט וואָס גיכער אויספּרוּוון דידאָזיקע הינט.

מע האָט באַשלאָסן אָפּצוקויפן ביים שענקער דעם וואָלף, אַרויסלאָזן אים פריי און אויספּרוּוון אויף אים די הינט.

צוערשט האָט מען ערגעץ אַוועקגעשיקט דזשימען, דאַן פאַרקלאַפּט דעם וואָלפס קאָנורע מיט ברעטער, אַרויפגעשטעלט זי אויף אַ וועגל און אַוועקגעפירט אין די פרייע פעלדער אַריין.

הינטן זיינען נאָכגעגאַנגען די מענטשן מיט די הינט. אַז די הינט האָבן דערשפּירט דעם וואָלף, האָבן זיי זיך גענומען רייסן צו אים אין קאָנורע אַריין. עטלעכע שטאַרקע מענטשן האָבן זיי קוים אײַנגעהאַלטן אויף קייטן.

אין פעלד האָט מען דעם וואָלף אַרויסגעלאָזן פון דער קאָנורע. פון אָנהייב

איז ער געווען עפּעס אַזוי ווי דערשראָקן. ער האָט געפּרוווט זיך באַהאַלטן און זיך געביסן, נאָר צולעצט האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ער איז פריי.

דערהערנדיק די קולות מיט די פּײַפערייען פון די יעגער, האָט ער זיך געלאָזט לויפן צו דָרום צו; די געגנט איז געווען אַ בערגלדיקע. אין דער מינוט האָט מען אָפּגעלאָזן די הינט, און זיי האָבן זיך מיט אַ משוגענער בילערײַ גענומען יאָגן נאָכן יונגן וואָלף. די מענטשן זײַנען מיט קולות און פּײַפערײַען נאָכגעלאָפן נאָך זיי. אַלעמען איז געווען קלאָר, אַז דער וואָלף וועט זיך פון די הינט בשום אופן ניט אַרויסדרייען. די הינט זײַנען געלאָפן אַ סך גיכער פון אים. אָט-אָט, האָט זיך געדאַכט, דעריאָגן זיי אים. די יעגער האָבן זיך געאַמפּערט, וועלכער הונט וועט גיכער דעריאָגן דעם וואָלף. זיי האָבן אַפילו געהאַלטן געוועט, אַ טייל פאַרן העלערן הונט, אַ טייל פאַרן טינקעלערן.

דער וואָלף איז געלאָפן אַלץ גיכער, אָבער ער איז קוים אָפּגעלאָפן אַ וויאָרסט, און דער העלער הונט האָט אים אָנגעיאָגט.

— איר וועט באַלד זען, ווי דער וואָלף וועט פליען אינדערהויך! — האָט אויסגעשריען דער דייטש.

אין אַ מינוט אַרום האָבן זיך די חיות אַ וואָרף געטאָן אײנע אויף דער צווייטער און זײַנען באַלד אָפּגעשפּרונגען אויף צוריק. קיינער איז ניט געפלויגן אינדערהויך, נאָר דער העלער הונט איז אַנידערגעפאַלן מיט אַ שרעקלעכער ווונד אויף דער פּלייצע. ווייטער שלאָגן זיך האָט ער ניט געהאַט קיין כּוח.

אין אַ סעקונדעס צען אַרום איז מיט אויסגעשטשירעטע ציין צוגעלאָפן צום וואָלף דער צווייטער הונט.

דער וואָלף האָט אים געפּטֶרט פּונקט אַזוי גיך, ווי דעם ערשטן: ער איז אָפּגעשפּרונגען אָן אַ זייט, האָט אַ ביסל אײַנגעבויגן דעם קאָפּ, און דער הונט איז אַנידערגעפאַלן מיט אַ פאַרבלוטיקטער זייט. דערהערנדיק די קולות פון די יעגער, איז ער אויפגעשטאַנען און האָט זיך ווידער אַ וואָרף געטאָן אויפן וואָלף, אָבער ער האָט באַקומען אַ צווייטע ווונד, און מער האָט ער זיך שוין ניט דערוועגט צוצוגיין צום וואָלף.

די יעגער האָבן אַרויסגעלאָזן אויפן וואָלף נאָך פיר גרויסע הינט. צוזאַמען מיט די הינט זײַנען אַרויס אויפן וואָלף אויך מענטשן מיט שטעקנס און מיט פּעטליעס, כּדי וואָס גיכער צו מאַכן מיט אים אַ סוף. אָבער אין דער מינוט איז אויף אַ קליין פערדל געקומען צורייטן דזשים. ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון פערדל, האָט אַרומגענומען דעם וואָלף פאַרן האַלדז און גענומען אים רופן מיט אַלערליי צערטלעכע נעמען:

— מײַן טײַער וועלפּעלע, מײַן ליב וועלפּעלע!

דער וואָלף האָט אים געלעקט דאָס פּנים און געמאַכט מיטן עק. דערנאָך האָט זיך דאָס קינד געווענדט צום עולם און מיט טרערן אין די אויגן גענומען שרייען אויפן דייטש.

דזשים האָט אַרויסגעשלעפּט פון קעשענע אַ דינע שטריק, האָט אַרומגעבונדן מיט דעם דעם וואָלפס האַלדז און זיך פאַרקערעוועט צוריק אַהיים. זיצנדיק אויפן פערדל, האָט ער צוגעזאָגט דעם דייטש, אַז ער וועט נאָך פאַר דער דאָזיקער געשיכטע ווען עס איז אָנרייצן אויף אים דעם וואָלף.

אָנהייב ווינטער איז דזשים קראַנק געוואָרן. דער וואָלף פלעגט טרויעריק וואָיען, בענקענדיק נאָך זײַן קליינעם חבֿר. דזשים האָט זיך אײַנגעבעטן, מע זאָל אַרײַנפירן

דעם וואָלף צו אים אין צימער אַריין, און פון דעמאָלט אָן פלעגט דער וואָלף כּסדר ליגן ביים יינגלס בעט און אָפּהיטן אים. דעם יינגל איז געוואָרן אַלץ ערגער און אינמיטן ווינטער, ערבֿ קאַלייד, איז ער געשטאָרבן. קיינער האָט נאָך אים ניט געקלאָגט אַזוי, ווי זיין געליבט וועלפעלע. די גרויסע גרויע חיה האָט טרויעריק געוואָיעט, דערהערנדיק דעם גלאָקנקלאַנג אויפן קבֿר פונם קליינעם דזשים. פון בית-עולם האָט זיך דער וואָלף צוריק אומגעקערט אויפן הויף פון שענק, נאָר, אַז מע האָט אים געוואָלט ווידער אָנבינדן די קייט, איז ער אַריבערגעשפּרונגען איבערן פּאַרקאַן און איז אַנטלאָפן.

## ג.

אין אַ יאָר אַרום, ווינטערצייט, האָט זיך אויפן ברעג טייך באַזעצט דער יעגער-רענאָ מיט זיין טעכטערל נינעטע. ער האָט קיין זאַך ניט געוווּסט וועגן דזשימען און איז געווען זייער פאַרוווּנדערט, ווען ער האָט דערזען שפּורן פון וועלפישע טריט אויפן וועג צום בית-עולם. ער פלעגט מיט גרויס אינטערעס אויסהערן די מעשׂיות, וואָס זיינע באַקאַנטע אַרבעטער פלעגן אים דערציילן וועגן אַ גרויסן גרויען וואָלף, וואָס לעבט אין דער געגנט, קומט אָפט אין שטאָט אַריין און שפּאַצירט זייער אָפט צום בית-עולם.

ס'איז אָנגעקומען קאַלייד. דער גלאָק פון קלויסטער האָט ווידער גענומען קלינגען, ווי ער האָט געקלונגען, בעת מע האָט מקבר געווען דזשימען; מיטאַמאָל האָט רענאָ דערהערט אַ קלאָגעדיק וואָיען פון אַ וואָלף. דאָס איז געווען דאָס וואָיען פון אַן עלנטן וואָלף.

רענאָ האָט אויך אָנגעהויבן וואָיען. באַלד האָט זיך אויף יענער זייט טייך באַוויזן דער וואָלף. ער איז אַריבער איבערן אייז אויפן צווייטן ברעג טייך, איז צוגעגאַנגען גאַנץ נאָענט צו רענאָ, האָט אַ בלאָז געטאָן מיט דער נאָז, אַ גלאַנץ געטאָן מיט די אויגן, גענומען וואָרטשען, ווי עס וואָרטשעט אַ צערייצטער הונט, און איז אַוועקגעלאָפן ווייטער. אַזוי אַרום האָט זיך רענאָ און שפּעטער אַלע איינוווינער פון דער שטאָט איבערצייגט, אַז ניט ווייט פון זיי האַלט זיך אויף אַ גרויסער גרויער וואָלף, וואָס איז דריי מאָל אַזוי די גרויס, ווי דער וואָלף, וואָס איז געווען ביים שענקער אויף דער קייט.

דערדאָזיקער ווייניפּעגער וואָלף האָט געפירט אַזאַ מין לעבן, וואָס איז גאָרניט געווען ענלעך צו דעם שטייגער לעבן פון אַלע וועלף. ער וואָלט געקענט פראַנק און פריי אַרומשפּאַצירן און לעבן אין די וועלדער און פעלדער, און דאָך האָט ער זיך בעסער באַזעצט ניט ווייט פון דער שטאָט און געפירט אַ לעבן, פול מיט שטענדיקע סכּנות.

ס'איז ניט געווען די וואָך, וואָס ער זאָל ניט זיין אין געפאַר, און כּמעט יעדן טאָג פלעגט אים אויסקומען אַרויסצווייזן זיין העלדישקייט און גבֿורהשאַפט.

ער האָט פיינט געהאַט די מענטשן, געפילט אַ פאַראַכטונג צו די הינט, און געפירט מיט זיי אַן אייביקע מלחמה. ער פלעגט בייקומען גאַנצע סטאַיעס הינט, און אָן רחמנות טויטן יעדער איינצלנעם הונט, וואָס ער האָט געטראָפן; ער פלעגט אויסמיידן מענטשן מיט ביקסן, האָט זיך אויסגעלערנט דערקענען פאַנגגריבער, פונוווייטן דערשמעקן סם און זיך קונציק אַרויסדרייען פון די מענטשלעכע הענט

ס׳איז ניט געווען איין גאַס אין ווינימעג, וואָס זאָל אים ניט זיין באַקאַנט. יעדער פּאָליציימאַן פון דער שטאָט האָט אים געקענט און אָפט געזען, ווי ער פּלעגט זיך פּאַרנאַכטלעך דורכלויפן, וווהין ער האָט געוואָלט. ביי די שטאָטישע הינט פּלעגן זיך די האָר שטעלן קאַפּויר און זיי פּלעגן פּאַרקריכן אין די ווינקלען, ווען דער מָסור־דער ווינט פּלעגט זיי געבן צו שפּירן, אַז די בייזע חַיָה געפינט זיך ניט ווייט.

אָבער אָט דער בייזער וואָלף, וואָס וועגן זיין בלוטיקער העלדישקייט דערציילט מען גאַנצע לעגענדעס, האָט געהאַט איין ליכטיקן שטריך אין זיין כאַראַקטער: ער האָט אַ קינד קיינמאָל ניט אָנגערירט.

די איינוווינער פון ווינימעג האָט סוף־כל־סוף דערעסן צו ליידן פון דעם וואָלף און זיי האָבן באַשלאָסן צו מאַכן אויף אים אַן אָבלאַווע.

די אָבלאַווע איז פּאָרגעקומען דעם ערשטן טאָג קאַלייד, פּונקט צוויי יאָר נאָך דושימס טויט. מע האָט צונויפגעקליבן כּמעט גאָר די הינט פון דער גאַנצער געגנט.

אַ גאַנצן פרימאָרגן האָט מען אָפּגעזוכט די שפּורן פון דעם ווינימעגער וואָלף, און ערשט נאָך האַלבן טאָג האָט מען זיי געפונען צו מַעֲרָב צו פון דער שטאָט.

ענדלעך נאָך אַ כּסֵדרדיקן קאַמף אין אַ מֶשֶך פון לאַנגע דריי יאָר איז ער געשטאַנען קעגן זיינע פיינט. איינער קעגן פיר צענדליק הינט אין קעגן מענטשן מיט ביקסן. אָבער מוטיק האָט ער געקוקט אויף זיינע שונאים. די זייטן האָבן זיך קוים־קוים געהויבן, די גרינלעך־געלע אויגן האָבן געקוקט זיכער און רויִק. די הינט האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויף אים. ס׳האָט זיך געהערט אַ טאָפּען מיט די פיס. דאָס בילן איז אַריבער אין אַ פאַרשטיקט וואָרטשען... אַ גיכע קנאַקנדיקע באַוועגונג פון זיינע קינבאַקן—און די סטאַיע שפּרינגט מיטאַמאָל אָפּ אויף צוריק, און דער בייזער גזלן שטייט שוין ווידער אַליין, גרייט צו אַ נייער שלאַכט.

דריי מאָל האָבן זיך די הינט אויף אים געוואָרפן און דריי מאָל זיינען זיי מיט בִּזָיון און מיט גרויסע אֲבֵידות אָפּגעטראָטן צוריק. די מוטיקסטע זיינען געלעגן טויט. דער ערשטער איז געפאַלן דער אָנפירער פון די הינט. איצט זיינען שוין די הינט געווען פאָרזיכטיקער און האָבן זיך געהאַלטן ווייט פון אים. דער וואָלף האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין שום סימָן פון שוואַכקייט. זעענדיק, אַז די הינט האָבן ניט קיין מוט ווידער אָנצופאַלן אויף אים, האָט ער מיט אומגעדולד געמאַכט עטלעכע טריט פאָרויס. דאָ האָבן זיך מיטאַמאָל דערהערט דריי שאָסן, און דער גרויער איז אַנידערגעפאַלן אויפן שניי. זיין אומרויִק לעבן האָט זיך געענדיקט.

* * *

ער האָט זיך אַליין אויסגעקליבן דעם דאָזיקן וועג. זיין לעבן איז געווען קורץ, אָבער פול מיט פאַרשיידענע געשעענישן. אָנשטאָט אַ סך רויִקע יאָרן האָט ער אָפּ־געלעבט דריי יאָר פון טעגלעכן צַעַר.

ווער קען אַריינקוקן אין דער נשָמָה פון אַ וואָלף? ווער קען דערקלערן, פאַרוואָס ער האָט זיך באַזעצט ניט ווייט פון דער שטאָט? פאַרוואָס האָט זיך דער ווינימעגער וואָלף אַזוי צוגעבונדן צום אָרט, ווו אים האָט שטענדיק געדראָט אַ סַכָּנָה? ס׳פאַרשטייט זיך, אַז ניט דערפאַר, וואָס ער האָט ניט געקענט געפינען קיין אַנדער אָרט. די גאַנצע

אַרומיקע געגנט איז אים געווען גוט באַקאַנט. ער האָט זיך רויִק געקאָנט אויסקלייבן אַ זיכערן אָרט. ש'פ'ז איז אומעטום געווען אַ סך. מע קען אויך ניט זאָגן, אַז ער האָט זיך באַזעצט-לעבן דער שטאָט, כּדי צו נעמען נקָמה פון זיינע שונאים.

וואָס-זשע האָט געצווונגען דעם וואָלף צו בלייבן אַזוי נאָענט צו דער שטאָט? אָן אַ ספֿקנאָר איינס.— די מעכטיקסטע קראַפט, דאָס טיפסטע געפיל, אויף וועלכן אַלע לעבעדיקע באַשעפענישן פון דער וועלט זיינען פעיִק—די ליבע.

דער וויניפּעגער וואָלף איז אומגעקומען, אָבער דער וועכטער פון בית-עולם, ווו עס ליגט דזשים, פאַרזיכערט, אַז אַפילו איצט הערט ער ביים גלאָקנקלאַנג אויפן בית-עולם אַ טרויעריק וואָיען. דאָס וואָיען הערט זיך ביים קבֿר פון דזשימען—דאָס איינציק לעבעדיק באַשעפעניש, וואָס האָט אַרויסגעוויזן ליבע צום וויניפּעגער וואָלף.

סעטאָן טאָמפּסאָן.



# דער שליט-וועג.

דער שניי איז געגאַנגען צוויי טעג נאָכאַנאַנד,
אַ שליט-וועג—אַ חיות געוואָרן.
די פערדעלעך שטייען אין שליטן געשפּאַנט,
אַלץ גרייט שוין און פאַרטיק צום פאָרן.

אַי, פערדעלעך-חיות! נו, זעץ זיך און פאָר:
מיט צאַצקעס געטאָקט איז דער שליטן.
צוויי פערד פון די זייטן—ווי הירשן אַ פּאָר,
אַ לעמפּערט, אַ לייב אין דער מיטן.

דער קוטשער, נעמט באַלד אַלע לייצעס אין האַנט,
„נו, קינדערלעך, לעבעדיק פריילעך!"
דעם שליטן כאַפּט אויף מיטאַמאָל ווי אַ בראַנד...
שטיי, אַייל זיך ניט, וואַרט-וואַרט, פּאַמעלעך!

ביין, ברודער, אומזיסט!... ווי אַ פויגל, אַ ווינט,
אַ פייל פונם בויגן, אַ וויכער—
זיי לויפן, זיי שוועבן, זיי פליען געשווינד,
וואָס ווייטער אַלץ גיכער און גיכער.

דער וועג איז אין פעלד, ווי אַ שפּיגעלע גלאַט,
די זון שיינט פון אַלע פיר זייטן,
דער קוטשער—אַ מַזיק, די פערדעלעך—זאַט,
די גלעקעלעך קלינגען פון ווייטן.

שמעון פרוג.



# קאַרוזאָ.

קאַרוזאָ—אַזוי הייסן אין סיציליע די קינדער, וואָס אַרבעטן אין די שוועבל-שאַכטעס. דידאָזיקע קינדער טראָגן אַרויף דאָס אַרץ, וואָס עס האַקן אָן טיף אונטער דר'ערד די דערוואַקסענע שאַכטיאָרן.

איינעם פון דידאָזיקע קאַרוזאָס האָב איך געקענט. דאָס איז געווען אַ בלאַס בלאָנד יינגל פון אַ יאָר צוועלף. אַ געזונטער און אַ פלינקער פון דער נאַטור, פלעגט ער לייכט אויספירן די שווערע אַרבעט, הַגַם ער איז אויך פיל אָפּגעצערט געוואָרן, בענקענדיק נאָך דער פריי.

די פינסטערע גאַלעריע איז ענלעך אויף אַ תּפיסה און די קינדער הערן ניט אויף צו בענקן נאָך ליכט און פרייהייט.

מיין באַקאַנטער איז, דאַכט זיך, געווען געזונט, אָבער וואָס פון טאָג איז ער געוואָרן אַלץ אומעטיקער און פאַרשלאָפענער. די פיס און די הענט פלעגן קלעטערן איבער די טיפע גליטשיקע ברינימער און דער קאָפּ האָט ניט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן פרייהייט.

די „פרייהייט“ פלעגט ער אָנקוקן נאָר איין מינוט,—בשעת ער פלעגט אַרויסקריכן אינדערהויך מיט אַ זאַק. איין מינוט קען ער געניסן פון דער פרייהייט און מוז גלייך ווידער אַרונטערקריכן אונטער דער ערד, ווידער אָפּרייסן זיך פון דער זון. ער האָט אַלץ געטראַכט וועגן דער צייט, ווען ער וועט שוין קענען אַרויס אינדערהויך אינגאַנצן און אויף אַלעמאָל.

פאַרבלייבן אויפן גאַנצן לעבן אַ שאַכטיאָר, דאָס האָט ער בשום אופן ניט געוואָלט.

—איך וועל זיין אַן ערדאַרבעטער, און ווינטער וועל איך אַרבעטן אויף דער פאַבריק, אַזוי ווי מיין פאָטער טוט!—האָט געטראַכט דאָס יינגל.—

די אַרבעט דאָרט איז אויך אַ שווערע, עס איז אָבער ניט אונטער דר'ערד. דאָרט זיינען פאַראַן שולן, און די, וואָס קענען ניט לייענען און שרייבן, לאָזט מען גיין אין שול אַריין זיך לערנען"...

און ער האָט זיך גענומען פאָרשטעלן, ווי אַנשטאָט דעם זאַק מיט שוועבל געפינט זיך ביי אים אויפן פלייצע אַ לייכט רענצל מיט העפטן און ביכער. ער גייט איבערן שמאָלן וועג, וואָס איז פאַרגאָסן מיט זון, ער קומט אין פריַיען, ליכטיקן קלאַס...

וועגן דער שול פלעגן אים דערציילן זיינע חבֵרים, ווען ער פלעגט קומען זונטאָג אַהיים. איינמאָל האָט מען אים אַפילו באַוויזן דעם קלאַס...

ביי דיג עדאַנקען וועגן דער שול פלעגט דאָס פֶּנימל פון דעם ייִנגל ליכטיק ווערן, ווי די זון וואָלט זיך פלוצלונג דורכגעריסן דורך די שוואַרצע אונטערערדישע באַלקנס און באַגאָסן אים מיט העלע שטראַלן.

און נאָך האַסטיקער פלעגן אָנהייבן צו קלעטערן די הענט און די פיס.

ניט אַזוי גיך קען מען אָבער פָּטור ווערן פון דער שאַכטע!

ער וועט זיך באַפרייען נאָר דאַן, ווען ער וועט אָפּאַרבעטן דעם גאַנצן חוב, וואָס דער פאָטער זיינער האָט געמאַכט ביי זיין באַלעבאָס ראָסי, דעם הויכן שאַכטיאָר מיט דער גרויסער שוואַרצער באָרד. דער פאָטער האָט געליגן ביי אים מעל אין אַ הונגער-יאָר. אַ גאַנצן ווינטער האָט די מִשפָּחָה ניט געאַרבעט און ס'האָט זיך אָנגעקליבן אַ גרויסער חוב, גאַנצע 150 ליר.

ער, דזשינאַ, מוז דאָס מיט זיין אַרבעט באַצאָלן דעם חוב פון דער פאַמיליע. ער אַרבעט שוין אָבער מער ווי דריי יאָר און האָט שוין מִסתָּמָא פאַרדינט מער ווי 150 ליר, געוויס מער. מע דאַרף בעטן דעם פאָטער, ער זאָל ריידן מיט ראָסי. עס איז שוין פאַרבליבן נאָר איין האַלב-יאָר.

שלעפנדיק די מַשָׂא האָט דזשינאַ גענומען אויסרעכענען אין קאָפּ, וויפיל צייט עס בלייבט אים נאָך איבער צו אַרבעטן אונטער דער ערד.

און קומענדיק ביינאַכט צו זיך אין קעמערל, ווו ער איז געשלאָפן מיט נאָך ייִנגלעך, פלעגט ער אָנמערקן מיט אַ שטיינדל אויף דער וואַנט, וויפיל צייט ער האָט שוין אָפּגעאַרבעט און וויפיל ס'איז אים נאָך פאַרבליבן צו אַרבעטן.

---

איינמאָל, זונטאָג, האָט זיך דער פֿאָטער אָפּגערופֿן צו ראָסין:
— דו ווייסט, אַז עס איז אַן עוולה, דו מוזט מיין בחורל עפּעס העכערן, ער אַרבעט דאָך פּונקט ווי אַ דערוואַקסענער.
מ'האָט זיך לאַנג געאַמפּערט, געהיצט און צום סוף אָנגענומען, אַז פֿון איצט אָן וועט דזשינאַ באַקומען $1\frac{1}{2}$ ליר אַ וואָך.
— איצט וועל איך זיך שוין צו האַרבסט זיכער באַפֿרייַען! — האָט זיך דזשינאַ געפֿרייט — אַי, ווי גוט! אין האַרבסט הייבן זיך טאַקע אָן די לימודים אין דער שול!
פֿון דעם זונטאָג אָן איז דזשינאַ געוואָרן פֿריילעכער און גענומען זיך נאָך פֿלייסיקער צו דער אַרבעט. יעדן טאָג פֿלעגט ער אָפּמערקן אויף דער וואַנט דעם באַשטימטן צייכן.
נאָך אַ 30 וואָכן זייַנען פֿאַרבליבן צו אַרבעטן!
און ער האָט זיך געפֿרייט און די חברים האָבן אים שטאַרק מקנא געווען.
נאָר שוין אין אַ וואָך אַרום האָט זיך אים גענומען דאַכטן, אַז די צייט ציט זיך זייער לאַנג. פֿיר וואָכן נאָר זייַנען אַריבער און דזשינאַ האָט שוין גענומען ווערן אומגעדולדיק.
ליגנדיק בייַנאַכט אויף דער הוילער ערד, פֿלעגט ער לאַנג־לאַנג טראַכטן וועגן דער פֿרייהייט און ניט קענען צומאַכן מיט קיין אויג. ער האָט זיך גענומען דערמאָנען, ווי אַזוי ער פֿלעגט זיך אַמאָל צוריק־קערן פֿון פֿעלד אַהיים אויף אַ פֿור היי, ווי אַזוי ער פֿלעגט פֿאַרברענגען די צייט מיט די חברים ביים לויפּיקן ליכטיקן טייכל.
עס שטעלט זיך אים פֿאָר, ווי אַזוי ער וועט איצט אַרבעטן מיטן פֿאָטער אין פֿעלד, לייגן זיך שלאָפֿן אויפֿן הויף אין וואָגן און זען איבער זיך ניט קיין נאַסן שוואַרצן באַלקן, נאָר שטערן, אַ סך, אַ סך שטערן, גרויסע און קליינע, וואָס גלאַנצן און פֿינקלען אין דעם טונקל־בלויען ווייטן הימל.
ער טראַכט וועגן דעם, ווי אַזוי ער וועט נעמען לייענען ביכער און וועט זיך דערוויסן פֿון זיי וועגן די דאָזיקע שטערן, וועגן ים, וווהין עס גייען אַוועק אַלע טאָג פֿון זייער שטאָט די גרויסע אויסגעפּוצטע שיפֿן, וועגן די מענטשן, וואָס וווינען דאָרט הינטערן ים, אין די ווייטע הייסע לענדער.
ער האָט אויך געטראַכט וועגן דעם, אַז ער וועט אויך אָנקומען אויף אַ שיף און אַרויספֿאָרן אין דעם ווייטן וווּנדערלעכן ים...

און אַזוי פלעגט ער אײַנשלאָפן מיט אַ גליקלעכן שמייכל אויף די ליפּן, פאַרגעסנדיק, וואָס עס טוט זיך אין דער פינסטערער גרוב.

אינדערפרי פלעגט ווידער אָנפאַלן אויף אים אַן אומעט. אַ שפּראָץ אויף טאָג מוז מען שוין ווידער זיין אויף די פיס. צוגעביסן אויף גיך אַ שטיקל ברויט מיט קנאָבל, מוז מען זיך ווידער נעמען צו דער אַרבעט. ביז מיטאָג איז לאַנג צו וואַרטן, ווייל ראָסי באַפרייט אויף מיטאָג זייער שפּעט. און צו מיטאָג—ווידער נאָר פאַרדאַרטע ברויט מיט קנאָבל. קיין פרישן ברויט, קיין הייסע זופּ זעט מען אין די אויגן ניט אָן.

און אָפטמאָל ווילט זיך אַזוי דערוואַרימען און דערקוויקן זיך מיט אַ ביסל הייסע זופּ! אין דער שאַכטע איז דאָך נאַס און קאַלט!

דער קליינער פּאַאָלאָ, וואָס איז ניט לאַנג אָנגעקומען אין די שאַכטעס, טרייסלט זיך טאַקע ווי אין אַ קדחת. דער באַלעבאָס שרייט אויף אים און טרייבט אים. זיינע פּיסלעך טרייסלען זיך נעבעך.

ווי קומט ער צו שלעפּן אַ זאַק מיט אַרץ? אַזאַ קליינינקער— אינגאַנצן אַכט יאָר אַלט!...

לייגט ער זיך טאַקע אויף אַ טרעפּ בשעת קיינער זעט ניט און וויינט. צוזעענדיק דאָס, האָט דזשינאָ שוין ניט איין מאָל גענומען דאָס זעקל פון דעם יינגל און אַרויפגעטראָגן עס אינדערהויך.

דער אויפזעער האָט אָבער באַמערקט, אַז דזשינאָ פאַרדרייט זיך עפּעס צו לאַנג, און האָט גענומען שרייען אויף אים. נאָר דזשינאָ האָט ניט געקענט צוזען, ווי פּאַאָלאָ בייגט זיך אונטערן זאַק. ער האָט ניט געקענט הערן זיינע זיפצן און פּאָרט געשלעפּט דעם חברס זאַק.

פּאַאָלאָ פלעגט ערגעץ אין אַ ווינקעלע אָפּכאַפּן דעם אָטעם און שעמעוודיק און שטיל דאַנקען דזשינאָן.

איצט האָט דזשינאָ געהאַט מער אַרבעט. חוץ דעם האָט מען זיך נאָך געדאַרפט היטן, דער אויפזעער זאָל קיינזאַך ניט באַמערקן.

ראָסי האָט אָבער באַמערקט.

—וואָס איז דאָ פאַר אַ צָרָה?—האָט ער געשריען—איך האָב דיר דערלייגט שכירות און דו האָסט זיך אָנגעהויבן פוילן! גייסט אַוועק און ווערסט פאַרפאַלן! הײַנטיקע וואָך וועל איך דיר פאַררעכענען נאָר אַ לירע. און זאָל איך אַ צווייטן מאָל באַמערקן, וועל איך נאָך מער פאַרקלענערן דיין געהאַלט!

— גאָט מיינער! ווען וועט שוין נעמען אַ סוף? — האָט דזשינאַ געטראַכט—ווען וועל איך שוין פּטור ווערן? אָט זיינען ווידער פאַרבליבן 26 וואָכן און ניט קיין 25!

—ניין, פּאַאָלאָ, מער קען איך דיר שוין ניט העלפן—האָט ער געזאָגט צו זיין קליינעם חבֿר—האָסט דאָך געהערט, ווי ער האָט מיר פאַרקלענערט די שכירות. איך מוז אין האַרבסט אַרויס פון דער שאַכטע, איך דאַרף אָנקומען אין שול.

—איך פאַרשטיי—האָט פּאַאָלאָ שטיל געענטפערט—דו מוזט זיך טאַקע היטן, ער קען דיר נאָך געבן מיטן שטעקן אויך.

און דזשינאַ האָט ווידער גענומען טראָגן די זעק אינדערהויך פלינק, פלינק, ווי נאָר ער האָט געקאָנט.

— נישקשה, איך וועל איבערקומען די עטלעכע וואָכן און וועל אָנקומען אין שול!...

און ער האָט זיך ווידער גענומען פאָרשטעלן די שול און די פרייהייט. נאָר ער האָט שוין ניט געפילט די פריערדיקע פרייד.

דזשינאַ האָט ניט געוווּסט פאַרוואָס, נאָר ס'איז אים עפּעס געלעגן ווי אַ שטיין אויפן האַרצן. גייענדיק פאַרביי פּאַאָלאָן, פלעגט ער זיך אָפּקערן אָן אַ זייט, הגם די שוואַרצע אויגן פון דעם ברעקל האָבן אַלעמאָל געקוקט אויף אים מיט ליבע און פריינדשאַפט. אָבער סאַר אַן אומעטיקע זיי זיינען—די אויגן זיינע!

און דער אומעט איז עפּעס אַזוי ווי געוואַקסן אין זיי.

דזשינאַ האָט ניט געקענט צוזען דעם צער.

— אַז איך וואָלט געווען אַ גרויסער, וואָלט איך קיינמאָל ניט גענומען אַזאַ קליינעם אין די שאַכטעס אַריין!... סאַר אַ מערדער דער ראָסי איז! — האָט ער אַליין געטראַכט — אַז איך וועל האָבן אַ זון, וועל איך אים פאַר קיין פאַל אין די שאַכטעס ניט אָפּגעבן!

— פאַרוואָס האָט דאָס דיך דער טאַטע אָפּגעגעבן אין די שאַכטעס? דו האָסט דאָך גאָר קיין כּוח ניט!—האָט ער זיך אַמאָל אָפּגערופן צו פּאַאָלאָן.

— ס'איז קיין ברויט ניט געווען—האָט אומעטיק געענטפערט דאָס יינגל.

— האָט איר שוין אין ערגעץ ניט געקאָנט קריגן?

— ניין, ניט געקאָנט. דער פאָטער האָט אומעטום געזוכט — האָט פּאַאָלאָ דערציילט.

— קיין ברויט ניט געווען — האָט דזשינאַ געטראַכט שלעפנדיק זיין מַשָׂא—וואָס קען איך אים אָבער העלפן?... דזשינאַ האָט שוין דעם טאָג ניט געקענט טראַכטן וועגן דער צייט פון זיין באַפרייונג. ס'איז אים געווען עפּעס אַזוי שלעכט און מיאוס. די גאַנצע נאַכט האָבן זיך אים געחָלומט פּאַאָלאָס שוואַרצע אויגן. און די אויגן האָבן אַזוי אומעטיק און מיט אַזאַ פאָרוואורף געקוקט אויף אים.

דזשינאַ האָט ניט אויסגעהאַלטן.

אינדערפרי, אַז זיי האָבן אָנגעפילט די ערשטע זעק, האָט ער דערזען פּאַאָלאָן. קיינער איז לעבן זיי ניט געווען.

— זעץ זיך דאָ צו—האָט ער שטיל אַ זאָג געטאָן, אָנווייזנדיק אויף אַ פינסטערן ווינקל אין דער וואַנט—איך וועל באַלד קומען נאָך דיין זאַק.

— וועסט דאָך קריגן געשלאָגן דערפאַר! — האָט פּאַאָלאָ שטיל געזאָגט.

— מ'וועט ניט באַמערקן. זעץ זיך, מע גייט!

און פון דעמאָלט אָן פלעגט שוין פּאַאָלאָ צוגיין נאָר ביזן ערשטן ראָג פון דער שאַכטע. דזשינאַ פלעגט זיך צוויי מאָל אויפהייבן אינ-דערהויך און אַרויסטראָגן ביידנס אַרץ.

פון אָנהייב איז ער אַזוי שנעל געפלויגן מיט די זעק אַראָפּ און אַרויף, אַז דער באַלעבאָס האָט גאָרניט באַמערקט. די אַרבעטער פלעגן שרייען:—משוגענער! דו וועסט דאָך געהַרגעט ווערן!

דזשינאַ האָט קיינזאַך ניט געהערט. ער האָט געטראַכט נאָר וועגן איין זאַך—וואָס גיכער אַראָפּלאָזן זיך אונטן, אַז קיינער זאָל ניט באַמערקן.

אַזוי זיינען אַריבער צוויי טעג.

פּאַאָלאָ האָט אויפגעהערט צו זיפצן און פלעגט אָפט איינשלאָפן אין זיין ווינקל.

אייניקע חַבֵרים האָבן באַמערקט וואָס דאָ קומט פאָר.

— העי, דזשינאַ, וועסט זיך דערדינען!... האָבן זיי געזאָגט.

דזשינאַ איז געווען זייער צופרידן. ער האָט אָבער מיטאַמאָל גענומען פילן אַ מידקייט.

נאָך מיטאָג האָט ראָסי מיט חשד אויף אים אַ קוק געטאָן.

— ער באַמערקט! האָט דזשינאַ געציטערט — מ'דאַרף זיך שאַפן מוט... נאָך אַ פינף-זעקס זעקלעך און די נאַכט וועט אָנקומען, דאַן וועל איך זיך שוין אויסרוען.

נאָר ווי ער האָט צוגענומען ביי פּאַלאָן דעם דריטן זאַק, האָט ער פלוצלונג דערשפּירט אויפן אַקסל אַ שטאַרקע האַנט.

הינטער אים איז געשטאַנען ראָסי.

—אַזוי!—האָט ראָסי געשריען—פרעמדע זעק ווילסטו מיר טראָגן! נאַ! אָט האָסטו דערפאַר! נאַ! נאַ! נאַ!... ראָסי האָט געשלאָגן דעם ייִנגל אָן רַחמָנות.

דזשינאַ האָט פאַרביסן מיט די ליפּן און איז געוואָרן בלאַס ווי אַ טוך.

פּאַלאָ האָט פאַרדעקט דאָס פּנים מיט די הענט און ביטער געוויינט.

די איבעריקע קאַרוזאָס האָבן זיך מיט שרעק אָפּגעקערט און זייַנען גיך פאַרבייגעגאַנגען.

— דו ווילסט נאָך, מ'זאָל דיר העכערן! — האָט ראָסי געטַענֶהט— איצט בין איך שוין אויף 50 וואָכן אויך ניט מרוצֶה.

אַ פאַרוואונדעטער, וואָס דאָס ייִנגל לאָזט אַפילו קיין קרעכץ ניט אַרויס, האָט ער סוף־כָּל־סוף אַרויסגעלאָזן דזשינאַן פון זייַנע הענט.

—זאָלסט דאָס געדענקען!—האָט ער געזאָגט און איז אַוועקגעגאַנגען.

---

שטיל איז זיך אין יענער נאַכט געלעגן דזשינאַ אויף דער הוילער ערד, געקערט זיך פון איין זייט אויף דער אַנדערער, עס זאָלן אים ניט וויי טאָן די ווונדן אויפן לייב. לעבן אים איז געזעסן דער קליינער פּאַלאָ און האָט אים שטיל געצערטלט.

— וואָס וועט מאָרגן זייַן?—האָט דזשינאַ געטראַכט.

אויף מאָרגן האָט אָבער פּאַלאָ ניט געקאָנט אויפהייבן דעם קאָפּ, ער האָט קיין וואָרט ניט גערעדט און אַלץ געקרעכצט.

ס'איז אַרייַנגעקומען דער אויפזעער, ס'איז געקומען פּאַלאָס פאָטער און זיי האָבן אים אָפּגעפירט אין שפּיטאָל.

* * *

אין אַ יאָר אַרום האָב איך שוין געטראָפן דזשינאַן אויף דער פרייַ. ער איז אויסגעוואַקסן און געזינטער געוואָרן. ער האָט שוין גוט געלייענט, הַגַם פרייַע צייט האָט ער געהאַט זייער ווייניק. ס'איז געווען אַ סך אַרבעט.

ס'איז געקומען צו רייד וועגן דעם לעבן אין די שאַכטעס.

— נו, דזשינאַ, איצט איז גוט?—האָב איך געפרעגט.

— יאָ, האָט ער געענטפערט און האָט זיך פאַרטראַכט.

—איר ווייסט, האָט ער זיך מיטאַמאָל אָפּגערופן — דער קליינער פּאַלאָ איז דאָך געשטאָרבן אין שפּיטאָל!...







טראַכט צו מעשׂהלעך צו די בילדער.



# עפנט טירן!...

עפנט טירן, קומט אין דרויסן,
רייסט די פענסטער, ברעכט זיי אויס,
נעמט אַריין דעם גאַסט דעם גרויסן,—
קומט אַנטקעגן אים אַרויס:

ס'איז הײַנט יום־טוב אין די גערטנער,
אויף די גאַסן, אומעטום,
ס'איז הײַנט ליכטיק, זעט נאָר, הערט נאָר,
ווי עס טאַנצן ווינטן אום.

הערט נאָר ווי די צווייגן טרישטשען,
און דער טײַך, ווי שרייט און ברומט,
הערט נאָר פײַפן, הערט נאָר סווישטשען—
קומט אין דרויסן, גיכער קומט!

פרץ מארקיש.



# פרילינג און ווינטער.

טרויעריק, איינזאַם, אין זיין ביידל,
באַנט ביים טייך, ביים אייז־באַדעקטן
איז אַן אַלטער מאַן געזעסן.
ווייס ווי שניי זיין קאָפּ געווען איז.
טונקל האָט געצאַנקט דאָס פייער,
און דער גרייז האָט זיך געטרייסלט
אין זיין ווייסן וואָבווייאַן *),
אין זיין קאָדערדיקן פעלץ־קלייד;
צוגעהערט זיך בלויז צום שטורעם,
וואָס געברילט האָט דורך די וועלדער,
צוגעקוקט זיך בלויז צום שניי־ווינט,
וואָס געדרייט האָט און געסווישטשעט.

ס׳פייער לאַנגזאַם האָט געגוסֶסט,
אַש האָט ווייס פאַרדעקט די קוילן.
פּלוצלונג איז אַ יונגערמאַן מיט פלינקייט
גיך אַריין אין אָפּנעם איינגאַנג;
זיינע באַקן רויט געווען
זיינען מיט דעם בלוט פון יוגנט,
ד׳אויגן מילד ווי פרילינג־שטערן,
און באַקראַנצט זיין שטערן האָבן
דופטיק שמעקעדיקע גראָזן.
פון זיין מויל אַ שיינער שמייכל
האָט פאַרשטראַלט דאָס גאַנצע ביידל,
אין זיין האַנט אַ בינטל בליטן
זיס פאַרבשׂמימט האָט דאָס ביידל.

„זון מיינער״—אויסגערופן האָט דער גרייז:
„גליקלעך איז מיין אויג צו זען דיך,
זעץ זיך דאָ אויף דער ראָגאָזשע,
ביי די אויסגעגליטע קוילן
און פאַרברענג מיט מיר די נאַכט דאָ.

דו דערצייל פון ווילדע מעשׂיות,
וועלכע האָבן דיך באַגעגנט,
פון די לענדער די באַרייזטע.
איך דערצייל דיר מיינע גבורות,
מיינע פילע וווּנדער־טאַטן.

פון זיין טאַש גענומען האָט ער
דאַן אַן אַלטע שלום־ליולקע—
רויטער שטיין געווען דער קאָפּ איז,
און פון וואַסער־ראָר דער מונדשטיק,
אָנגעשטעקט אַרום מיט פעדערן.
אָנגעפּילט די ליולקע האָט ער
מיט די שאָלעכצן פון ווערבעס,
צוגעלייגט אַ קויל אַ הייסע
און דערלאַנגט דעם גאַסט דעם פרעמדן
און אַזוי גענומען ריידן:

„ווען איך אָטעם נאָר אַרום מיר,
ווען איך אָטעם אויף די לאַנדשאַפט,
בלייבן טרערן שטיין פאַרגליווערט,
ווערט דאָס וואַסער האַרט, פאַרשטיינערט.

שמייכלענדיק געזאָגט דער גאַסט האָט:
„ווען איך אָטעם נאָר אַרום מיר,
ווען איך אָטעם אויף די לאַנדשאַפט
שפּראָצן בלומען אויף דער לאָנקע,
זינגענדיק די טייכן פליסן״.

—„ווען די גראָע האָר איך טרייסל, —
האָט דער גרייז געזאָגט פאַרכמאַרעט—
דעקט אין שניי זיך איין די געגנט,
אַלע בלעטער פון די צווייגן
פאַלן, וועלקן, שטאַרבן, וויאַנען;

*) פעלץ.

„כ׳גיב אַ הויך און זיי פאַרגייען.
פון די וואַסערן און זומפּן
כאַפּן אויף די ווילדע גענדז זיך,
און אין ווייטע לענדער פליען;
כ׳רייד אַ וואָרט און זיי פאַרשווינדן.
און אַווו מיין פוס נאָר וואַנדערט,
אַלע וואַלד=חַיות די ווילדע
זיך פאַרבאָרגן אין די היילן,
און די ערד ווערט האַרט ווי שטיינער“.

— „מיינע לאָקן ווען איך טרייסל,
שמייכלענדיק געזאָגט דער גאַסט האָט,
פאַלט דער וואַרעם=ליבער רעגן,
פריילעך הייבט איר קאָפּ די פלאַנצונג
און צוריק צו טייך און זומפּן
קערן אום די ווילדע גענדז זיך,
ווי אַ פייל די שוואַלב אַהיים פליט.
און די פויגלעך זיך צעזינגען.

און אַווו מיין פוס נאָר וואַנדערט,
וויגט די לאָנקע זיך מיט בלומען,
פילט זיך וואַלד אָן מיט געזאַנגען,
ווערט דער בוים מיט בלעטער טונקל“.

אין געשפּרעך אַוועק די נאַכט איז,
דאַן דעם זָקנס צונג פאַרשטומט האָט,
וואַרעם איז די לופט געוואָרן,
רויט=העלדזלעך און בלאָע פויגלעך
זיס געטרעלט פון צעלט=דאַך האָבן,
ס׳טייכל האָט גענומען מורמלען,
און דער דופט פון פרישע גראָזן
וייך געווייט האָט דורכן וויגוואַם;
און סיגוואָן, דער יונגער אורח,
קלערער האָט געזען אין טאָג=ליכט
ס׳אַייז=געזיכט פאַר זיך: געווען
איז דאָס פּיבאָען דער ווינטער.

ווי אין פרילינגס=צייט די שטראָמען
האָבן טרערן זיך געגאָסן
ביי דעם זָקן פון די אויגן.
מער די מונטרע זון אַרויף איז,
מער פאַרקלענערט האָט זיין גוף זיך,
ביז ער איז אין לופט פאַרשוואונדן,
ביז ער איז אין דרערד פאַרגאַנגען.

אויף דעם אויוונשטיין, ווו פריער
זיך גערויכערט האָט דאָס פייער,
האָט דער יונגער מאַן געזען איצט
שטייט די ערשטע בלום פון פרילינג,
שטייט די צירונג פון דעם פרילינג,
שטייט די מיסקאָדיד אין בליונג.

אָט אַזוי איז אין דעם באָרד=לאַנד.
נאָך די ניט=געהערטע קעלטן,
נאָך דעם גרויזאַם האַרטן ווינטער
פרילינג מיט זיין גלאַנץ געקומען,
מיט די פויגלען און די בלומען,
מיט די גראָז און מיט די בלעטער.

ל א נ ג פ ע ל ל א.

(פון דעם בוך „הייאַוואַטאַ“).



# פרילינג לעב.

„טשי־טשי!״—זינגען פייגעלעך,
קומענדיק צו פליען:
ס'ווערן גרין די גרעזעלעך,
בלומען נעמען בליען.
קענען קליינע קינדער זיך
איצטער ניט פאַרקילן,
לאָזט די מאַמע מיך שוין איצט
גיין אין דרויסן שפּילן.

כאַפּ איך זיך אין גאַס אַרויס,
נעם איך באַלד צוזאַמען
אַ קאָמאַנדע קינדערלעך
און מיר מאַכן יַמען
פון די קליינע לוושקעלעך
אויף די קליינע שטעגן.
ס'האָט דער רעגן זיי געלאָזט
פאַר די קינדערס וועגן.

אויף אַ ברעטל־שיפעלע
פאָר איך אויפן וואַסער;
פאַל איך מיטן שיף אין יַם,
הייב זיך אויף אַ נאַסער.
לויף איך באַלד אין הויז אַריין
וויינען פאַר דער מאַמען,
און די יינגלעך לאַכנדיק
טאַנצן אין די יַמען

טוט די מאַמע מיך נאָר אָן
אַלצדינג ריין און טרוקן,
וויל איך אויף די יינגלעך
דורכן פענסטער קוקן.
קען איך לאַנג ניט זען ווי זיי
טאַנצן אין די יַמען,
לויף איך באַלד אַרויס אין גאַס,
טאַנץ מיט זיי צוזאַמען.

לאה האָפמאַן.

# אונדזער טייכעלע.

האָבן מיר דאָ, קינדערלעך, אַ טײַכעלע—אַ גאָלד!
ווער האָט אים דעם טייכעלע, דעם ליכטיקן ניט האָלט?
שטייען לעבן טײַכעלע ווערבעלעך אָן צאָל,
וועלדער גרינע ציען זיך, פעלדער, באַרג און טאָל.

ווי עס זאָגט דער פרילינג אָן פון ווייטן, אַז ער גייט,
וואַרפט אַראָפּ דאָס טייכל גלייך פון פעסטן אײַז די קייט;
שפּילנדיק און שטיפנדיק און לאַכנדיק פאַר פרייד,
טוט ער אָן אַ בלאָ־נקע, אַ פינקלדיקע קלייד.

באַר דאָס יונגע ווערבעלע, עס שטייט עפּעס פאַרטראַכט...
פילט ניט ווי דאָס טייכעלע רירט עס אָן באַזאַכט,
זעט ניט ווי עס שלענגלט זיך, קושט עס פול מיט פרייד,
הערט ניט זיינע מורמלענדיקע, שטיפערישע רייד...

ווערט דעם טייכל אומעטיק, אויפן האַרצן שווער:
„וויל שוין גאָר דאָס ווערבעלע אים ניט קענען מער"?
ווערט פון אומרו טונקעלער, פאַלט צו אירע פיס...
און... צעלאַכט זיך שטיפעריש: די ווערבע... שלאָפט נאָך זיס.

און צעשפּילט, צעהוליעט זיך אָן ברעג און אָן אַ מאָס:
איז דען צייט צו שלאָפן איצט אין העלן פרילינג—וואָס?
און צעשטראַלט, צעפלאַקערט זיך, שיט פונקען פון זיין שויס,
טויזנט זונען לאַכן דאַן פון טייכעלע אַרויס.

דאָס איז אונדזער טייכעלע, דאָס טייכעלע, דער גאָלד.
נו, ווער פון אייך האָט, קינדערלעך, דעם טייכעלע ניט האָלט,
שטייען לעבן טייכעלע ווערבעלעך אָן צאָל,
וועלדער גרינע ציען זיך, פעלדער, באַרג און טאָל...

גאָרדאָן.



# אַלִיָהו הַנָביא.

ניט גוט צו זיין אַ בֶּן־יָחיד, אַ ציטעריקער ביי טאַטע־מאַמע, „פון זיבן איינער געבליבן". דאָ ניט שטיי, דאָ ניט גיי, דאָס ניט עס, דאָס ניט טרינק, דעם קאָפּ דעק צו, דעם האַלדז פאַרבינד, די הענט באַהאַלט, די נאָז שנייץ אויס. אַך, ניט גוט, ניט גוט צו זיין אַ בֶּן־יָחיד. און נאָך אַ נָגידס אַ יינגל דערצו.

קוים דערלעבט פּסח, דעם ליבן טייערן פּסח. אויסגעקליידט האָט מען מיך אין בּגדי מלכות, ווי עס פּאַסט פאַר אַ נגידס אַ ייִנגל. וואָס קומט מיר אָבער אַרויס, אַז איך טאָר ניט אַרומשפּרינגען אינדרויסן— איך וועל זיך פאַרקילן. אַז איך טאָר ניט אַרומלויפן מיט אַלע קבצנישע קינדער—איך בין אַ נגידס אַ ייִנגל. אַזעלכע שיינע מלבושים—ניטאָ פאַר וועמען צו באַרימען זיך. אַ פולע קעשענע מיט ניס--ניטאָ מיט וועמען צו שפּילן.

ניט גוט צו זיין אַ בּן־יחיד, אַ ציטעריקער, וואָס פון זיבן איינער געבליבן, און נאָך אַ נגידס אַ ייִנגל דערצו.

דער טאַטע האָט אָנגעטאָן די בעסטע קאַפּאָטע און איז אַוועק אין שול דאַווענען. זאָגט צו מיר די מאַמע: „ווייסטו וואָס? לייג זיך צו, שלאָף זיך אויס, וועסטו קענען זיצן ביים סדר, וועסטו פרעגן דעם טאַטן די פיר קשיות". משוגע בין איך? פאַרן סדר וועל איך גיין שלאָפן! „געדענק־זשע, פּסח צום סדר טאָר מען ניט שלאָפן. וואָרים טאָמער חלילה וועסטו אַנטשלאָפן ביים סדר, אַזוי קומט אליהו הנביא מיט אַ זאַק אויף די פּלייצעס... פּסח ביינאַכט גייט אליהו הנביא און קוקט: ווער עס שלאָפט ביים סדר, דעם נעמט ער צו אין זאַק אַריין"... כאַ־כאַ. איך וועל אַנטשלאָפן ווערן ביים סדר? איך? און אַז מע זאָל זיצן אַ גאַנצע נאַכט? און אַפילו ביזן ווייסן טאָג אַריין? ווי אַזוי איז געווען, מאַמע, פאַראַיאָרן? „פאַראַיאָרן ביסטו אַנטשלאָפן געוואָרן באַלד נאָך קידוש". —פאַרוואָס־זשע איז ניט געקומען צו מיר דעמאָלט אליהו הנביא מיטן זאַק?... „דעמאָלט בינסטו נאָך געווען אַ קלייניקער, היינט ביסטו אַ גרויסער, היינט דאַרפסטו פרעגן דעם טאַטן די פיר קשיות, היינט דאַרפסטו זאָגן מיטן טאַטן „עבדים היינו", היינט דאַרפסטו עסן מיט אונדז פיש און יויך און קניידלעך... שאַ, אָן גייט דער טאַטע פון שול"!

—גוט יום־טוב!

—גוט יום־טוב!

דאַנקען גאָט, דער טאַטע האָט אָפּגעמאַכט קידוש, איך אויך. דער טאַטע האָט אויסגעטרונקען דעם ערשטן כוס, איך אויך. און דווקא אַ פולן כוס, און דווקא ביזן דנאָ. „זע־נאָר, ביזן דנאָ!"—זאָגט די מאַמע צום טאַטן. און מיר זאָגט זי: „אַ פולן בעכער מיט וויין? וועסט אַנט־שלאָפן ווערן"... כאַ־כאַ! איך וועל אַנטשלאָפן ווערן? איך? און אַז מע זאָל זיצן אַ גאַנצע נאַכט, אַפילו ביזן ווייסן טאָג אַריין? אַנו, פרעגט דעם טאַטן, ווי אַזוי האָב איך אָפּגעקלאַפּט די פיר קשיות! ווי אַזוי זאָג איך

די הַגָדָה? ווי אַזוי שאָקל איך זיך איבערן סידור און זינג מיטן טאַטן „עֲבָדים הָיִינוּ״?... און די מאַמע לאָזט ניט אַראָפּ קיין אויג פון מיר און שמייכלט און זאָגט צו מיר: „וועסט אַנטשלאָפן ווערן, אַנטשלאָפן ווערן״ עך, מאַמע, מאַמע! מיר דאַכט זיך, מע זאָל זיין מיט אַכצן קעפּ, קען מען פון דעם אַליין אַנטשלאָפן ווערן! אַנו, לאָז מען זיך אַוועקזעצן אייך אַקעגן און זינגען אייך אין אויער: „אַנטשלאָפן ווערן, אַנטשלאָפן ווערן״.

פאַרשטייט זיך, אַז איך בין אַנטשלאָפן געוואָרן...

אַנטשלאָפן געוואָרן, חָלומט זיך מיר, אַז דער טאַטע האַלט שוין ביי „שפוך חֲמָתְךָ״. די מאַמע אַליין שטייט אויף פון טיש, גייט עפענען די טיר מְקַבל פָּנִים זיין אֵלִי־נָביאן. שיין וועט זיין, טאָמער קומט טאַקע אֵלִי־נָביא, ווי די מאַמע זאָגט, מיטן זאַק אויף די פּלייצעס און זאָגט צו מיר: „קום בָּחור!״... און ווער וועט זיין שולדיק אין דעם, אַז ניט די מאַמע אַליין מיט איר „שלאָף ניט! שלאָף ניט!״... און אַזוי ווי איך טראַכט מיר די דאָזיקע מַחשָבות, אַהאַ! הער איך אַ סקריפּ פון דער טיר און דער טאַטע שטייט אויף און רופט אויס אויף אַ קול: „בָּרוך הַבָּא!״. איך קוק מיך איין צו דער טיר — יאָ, ס'איז ער. ער גייט, ער גייט. פּאַוואָלינקע, קוים וואָס מע הערט. אַ שיינער ייד אֵלִיָהוּ הַנָביא, אַן אַלטער מאַן. אַ זָקן מיט אַ גרייז־גרויער באָרד ביז די קני, דאָס פָּנים אַלט, געל, געקנייטשט, נאָר שיין און גוט איז ער אָן אַן עק. און אויגן, אַך אויגן! גוטע, ווייכע, פריינדלעכע, ליבע, געטרייע אויגן. איינגעבויגן, אָנגעלענט אויף אַ גרויסן, גרויסן שטעקן מיט אַ זאַק אויף די פּלייצעס, און שאַ, שטיל, אָן ווערטער — און גלייך צו מיר.

— נו, יינגעלע, אַריין צו מיר אין זאַק אַריין און קום! — אַזוי זאָגט צו מיר אָט דער אַלטיטשקער און דַווקא מיט גוטן, און דַווקא אַזוי ווייך, אַזוי זיס.

פרעג איך אים: ווּוהין? מאַכט ער צו מיר: „וועסט שוין נאָכדעם זעען״... וויל איך ניט. זאָגט ער מיר נאָכאַמאָל. בעט איך מיר ביי אים: „ווי קען איך מיט דיר גיין, אַז איך בין אַ נָגידס אַ יינגל?״ זאָגט ער: „און אַז אַ נָגידס אַ יינגל, וואָס ביסטו פאַר אַ מיוּחָס?״ זאָג איך: „איך בין ביי טאַטע־מאַמע אַ בֶּן־יָחיד״... זאָגט ער: „ביי מיר ביסטו ניט קיין בֶּן־יָחיד״. זאָג איך: „אַ ציטעריקער, פון זיבן איינער געבליבן. זיי וועלן, זאָג איך, דערזעען, אַז איך בין ניטאָ, וועלן זיי דאָס ניט אויס־האַלטן, זיי וועלן שטאַרבן און דערהויפּט די מאַמע״... קוקט ער אויף מיר, דער אַלטיטשקער, מיט גוטן און מאַכט צו מיר ווייך און זיס

ווי פריער: „גייסטו ניט מיט מיר, טאָ שלאָף געזונט, נאָר ווער אַנט־שלאָפן אויף אייביק"... הייב איך אָן צו וויינען: „הייסט דאָס, אַז איך זאָל שטאַרבן? זיי וועלן דאָס ניט אויסהאַלטן... איבערהויפּט די מאַמע"... ווילסטו ניט שטאַרבן, טאָ קום מיט מיר, געזעגן זיך אָפּ מיט טאַטע־מאַמע און קום"... „סטייטש, ווי קען איך גיין, אַז איך בין אַ בֶּן־יָחִיד, פון זיבן איינער געבליבן?" מאַכט ער צו מיר שוין שטאַרקער: „צום לעצטן מאָל, ייִנגעלע, קלייב זיך אויס איינס פון די צוויי: אָדער געזעגן זיך אָפּ מיט טאַטע־מאַמע אויף שטענדיק און קום מיט מיר, אָדער בלייב דאָ און ווער אַנטשלאָפן אויף אייביק, אויף אייביק"...

אָפּגעזאָגט די דאָזיקע ווערטער, טרעט ער אָפּ פון מיר אויף איין שפּאַן און וויל שוין אויסקערעווען זיך צו דער טיר. וואָס טוט מען דאָ? אַוועקגיין מיט דעם אַלטן גאָט ווייס ווּהין, פאַרפאַלן ווערן,— וועלן טאַטע־מאַמע שטאַרבן: אַ בֶּן־יָחִיד, פון זיבן איינער געבליבן... בלייבן דאָ און אַנטשלאָפן ווערן אויף אייביק, הייסט דאָך דאָס איך אַליין זאָל שטאַרבן... צי איך אויס צו אים ביידע הענט מיט טרערן אויף די אויגן. „אֵלִיָהוּ הַנָבִיא! גוטער, ליבער, האַרציקער אֵלִיָהוּ! גיב מיר איין מינוט צו באַטראַכטן זיך!" דרייט ער אויס צו מיר דאָס שיין, אַלט, געל, געקנייטשט פּנים מיט דער גרייז־גרויער באָרד ביז די קני, קוקט אויף מיר מיט זיינע שיינע, ליבע, געטרייַע, אויגן און מאַכט צו מיר מיט אַ שמייכל: „איין מינוט אויף צו באַטראַכטן זיך— גיב איך דיר, מיין קינד, אָבער ניט מער אַז איין מינוט"...

דער אַלטיטשקער לעענט זיך אָן אויף זיין גרויסן, גרויסן שטעקן און וואַרט.

— — — — — — — — — — — — — — —

פרעגט זיך: וואָס האָב איך באַדאַרפט אין דער מינוט צוטראַכטן אַזעלכעס, אַז איך זאָל ניט דאַרפן ניט גיין מיטן אַלטן און ניט אַנט־שלאָפן ווערן אויף אייביק? אַנו, ווער וועט טרעפן?

שלום־עליכם.



# אונטערטעפּלעך.

(שפּיל אין ניס).

אונטערטעפּלעך, אונטערטעפּלעך,
גיט אַ נוס אין קאָן,
און אַרויס אין צווייטן חֶדֶר
ביז מען זאָגט אַייך אָן.

פּאַרטיק, פּאַרטיק, קומט שוין נעמען
רויִק ניט געקלאַפּט,
און ניט רוקט פון אָרט די בֵּלים,
איינציקווייז, ניט כאַפּט...

שמואליק לויפט צום טיש דער ערשטער,
בלייבט אַ ווײַלע שטיין!
וועלכע בֵּלי אויפצוהויבן,
ווייס ער ניט אַליין:

אַלע בֵּלים אומגעקערטע—
און ס'איז ניט באַוווּסט,
ווּ איז ערגעץ „פּאָר" באַהאַלטן
און אַוווּ איז פּוסט.

אויפהייבן דעם קרוג אין בלימלעך?
אוי, ווי שיין ער איז!
אָדער גאָר דעם טאָפּ דעם שוואַרצן,
דאָרט איז „פּאָר" געוויס...

נאָר מע קאָן ניט קיין זאַך וויסן
ביז מע ציילט ניט אויס.
הייבט ער אָן די בֵּלים ציילן,
וועלכע ווערט אַרויס.

איינס, צוויי, דריי, פיר,
גוטע קינדער זיינען מיר,
אויס מיט שטיינדלעך, אויס מיט טעפּלעך,
פֶּסַח שפּילט מען אונטערטעפּלעך,
און פון אַלע בֵּלים האָפּ,
כאַפּ איך מיר מיין פּאָר אַראָפּ,

אויסגעפאַלן ווּ עס האָט זיך
טאַקע אים געגלוסט.
הייבט ער האַסטיק אויף דעם קריגל,
לאַכן אַלע—פּוסט!...

נחום י.





יצחק לייבוש פּרץ.

# דער דין־תּורה מיטן ווינט.

אין די צייטן פון מלך שלמה האָט געלעבט אַן אַלמנה, אַן אָרעמע, מיטן נאָמען שונמית.

און געלעבט האָט די אַלמנה שונמית אין אַ סוכּה פון אַלטע ברעטער, באַדעקט מיט סכך פון צווייגן און בלעטער פון פּאַלמען־ביימער, אין אַ פישער־דאָרף, ביים ברעג פון ים הגדול.

און געשפּייזט האָט זיך די אַלמנה מיט שטריקן און פאַרריכטן די נעצן, פאַר די פישער אין פישער־דאָרף.

ויהי היום—איז געקומען די צייט פון ווינטן און שטורעמווינטן. קיין שיפל גייט נישט אין ים אַריין, קיין נעץ ווערט נישט פאַרשפּרייט, איז די אַלמנה געבליבן אָן אַ ביסן ברויט.

ווערט זי דאָך נישט גיין אין די אָרעמע פישער־הייזלעך אַריין בעטן ברויט; עס פעלט אומעטום. ווענדט זי זיך ווייטער פון דאָרף.

עטלעכע מײַל פון דאָרף, אין אַ גרויסן הויז מיט אַ גרויסן געהויף, האָט געוווינט אַ רײַכער ייד, וואָס איז געבענטשט געוואָרן פון זיין ליבן נאָמען מיט פעטע פעלדער, פרוכטבאַרע גערטנער און גאַנצע וועלדלעך איילבערטן, און מיט הערטן שאָף און רינדער, און מויל־טירן, און קעמלען.

הייבט זיך איינמאָל אויף די אַלמָנָה שונַמית אינדערפרי, זעט, אַז דער הימל איז אַ בייזער, די לופט—ווינטיק, פאַרשטייט זי, אַז זי מוז שוין אָנקומען צו מַתּנַת בָּשָׂר וָדָם. באַדעקט זי זיך מיט אַן אַלטער שאַל, וואָס זי טראָגט בײַטאָג און דעקט זיך מיט איר צו בײַנאַכט, און לאָזט זיך פון דאָרט אַרויס אין וועג אַריין, צום רײַכן ייד.

קומט זי קעגן מיטאָג צום געהויף, טרעפט זי דעם רײַכן ייד פאַר דער טיר. גייט זי צו, בוקט זיך דריי מאָל, רירט דריי מאָל אָן מיטן שטערן די ערד פאַר זײַנע פיס.

פרעגט ער זי:

— וואָס בוקסטו זיך פאַר מיר, אִשָּׁה? שטיי אויף און זאָג, ווער דו ביסט און וואָס איז דײַן פאַרלאַנג.

זאָגט זי אים:

— „איך בין די אַלמָנָה שונַמית פון פישער־דאָרף ביים ברעג פון יַם“. און דערציילט אים וועגן איר נויט: שוין לאַנג קיין ביסן ברויט נישט געהאַט, און בעט אַ לעבל ברויט —

„די נשָמָה צו דערהאַלטן!“

ווייזט ער איר, וואָס אין געהויף טוט זיך.

— זע, אִשָּׁה, אַט שפּאַנט מען ערשט מײַנע קעמלען און מויל־טירן אויס. פון ירושָלַיִם קום איך... מײַן קאַמער איז ציגנד לער. די הונדערט זעק מיטן ווײַסן ווייצן־מעל ווי שניי האָב איך קיין ירושָלַיִם אָפּגעפירט, צום מֶלֶך שלמה אין פּאַלאַץ אַריין, און די ברעטער, וואָס האָבן זיך אונטער די זעק געבויגן, זײַנען פריי, אָבער ווײַס, גאַנץ ווײַס זײַנען די ברעטער, באַדעקט מיטן שטויב, וואָס מיט אים האָבן די זעק געשוויצט. דער שטויב איז הֶפקֵר. גיי אין קאַמער אַריין, ווישׁ דיר די ברעטער אָפּ, זאַמל דעם שטויב פון ווייסן ווייצן־מעל ווי שניי, נעם אַהיים, לייג אָן פייער, קלייב שפּענדלעך אויפן וועג — און באַק דיר דײַנע קיכלעך אָפּ, זאָל זיין ליבער נאָמען אַרײַנשיקן די בְּרָכָה אין דײַן שטויב פון מעל, און עס, און דערקוויק דיך, און לויב גאָט...

האָט די אַלמָנָה שונַמית געטאָן, ווי דער רייכער מאַן האָט איר געראָטן. האָט זי אָפּגעשאַרט און אָפּגערייניקט דעם שטויב פון מעל פון די ברעטער אין עושֶרס קאַמער; צוריק־צו־וועגס האָט זי פון הינט פאַריאָגטע צווייגלעך אויפגעזוכט; אַהיים געקומען, — שוין נאַכט געווען, — האָט זי פון די צווייגלעך פייער געמאַכט, די מעל מיט וואַסער געמישט און געקנאָטן; זיינען דריי קליינע ברייטלעך אַרויס. האָט זי די דריי ברייטלעך ביים פייער קוים אָפּגעבאַקן און גאָט לויבנדיק, וויל זי נעמען דעם ערשטן ברויטל צום מויל, — עפנט זיך מיט אימפעט פלוצלונג פון דרויסן די טיר, איןביידל פאַלט אַריין אַ מענטש מיט אַ געשריי:

— ראַטעוועט אַ מענטשן פון טויט! שוין דריי טעג און דריי נעכט אין מויל נישט געהאַט...

און ער פאַרציילט אין שרעק און אייַלעניש:

אַ שׂרֵפָה איז אויסגעבראָכן אין זיין דאָרף. אין מיטן דער נאַכט, ווען אַלע זיינען געשלאָפן, האָט אויסגעבראָכן די בראַנד. אַ פייער איז פון הימל געפאַלן... און דער שטורעם האָט דעם פייער איבערן גאַנצן דאָרף צעיאָגט... אַלץ איז פאַרברענט, ער איינער איז פון די פלאַמען פייער און די זיילן רויך מיטן לעבן אַרויס. אַלץ איז געוואָרן אַ רויב פאַר דער בראַנד: מאַן, ווייב און קינד, און שאָף, און רינד, און האָב, און גאָב. און דריי טעג און דריי נעכט לויפט ער אַרום, פון פייער געיאָגט, פון שרעק געטראָגן און אָן אַ ביסן ברויט. .

דערלאַנגט אים די אַלמָנָה דעם ברייטל און זאָגט אים:

— נאַ... עס... און דערהאַלט דיין נשמה...

גייט דער אָנגעקומענער אַרויס און פאַרשווינדט אין דער פינס־טערניש פון דער צוגעפאַלענער נאַכט.

דאַנקט די אַלמָנָה זיין ליבן נאָמען, וואָס האָט איר ברויט געשענקט; און נאָך אַ מִצוָה, אַ מענטש ביים לעבן צו דערהאַלטן, באַשערט. און וויל דעם צווייטן ווייכן ברויטל נעמען צום מויל.

עפנט זיך נאָכאַמאָל מיט אימפעט די טיר, און אַ צווייטער מאַן פאַלט אין דער אַלמָנָהס ביידל אַריין, מיט דעם זעלבן געשריי:

— ראַטעוועט אַ מענטשן פון טויט...

ער איז אַ רייכער מאַן געווען, הערטן שאָף און רינדער אין סטעפּ געפּאַשעט, אין רייכע געצעלטן מיט ווייב און קינדער געוווינט; און יונגען געזונטע ביים שאָף און רינד געהאַלטן... פלוצלונג זיינען בע־

דויִנען, ווי אויף די פליגלען פון ווינט, אַנגעפלויגן אויף זייערע פערד, מיט בויגן געשפּאַנטע אין די הענט. פון אַלע זייטן זיי אַרומגערינגלט, מיט אַ האָגל פייַלן באַשיט, די יונגען מיט ווייַב און קינד געטויט, די הערטן אָפּגעפירט און מיט זיי אין ווייטן ברייטן סטעפּ פאַרשוווּנדן...
און אַז דער סטעפּ האָט אויפגעהערט אָפּצוקלינגען זייערע טריט, האָט ער זיך איינער אַ לעבעדיקער פון צווישן די טויטע אויפגעהויבן, און בלאָנדזשעט שוין דריי טעג און דריי נעכט אַרום אָן אַ ביסן ברויט, איידער ער איז צו איר ביידל געקומען —
— דערקאַנג, האָב רַחמָנות, אַ ביסן צום מויל, אַנישט, פאַל איך אַ טויטער צו דייַנע פיס...
דערלאַנגט אים די אַלמָנָה שונַמית דעם צווייטן ברייטל, גאָט לויבנדיק און דאַנקענדיק פאַר דער צווייטער גרויסער מִצוָה, וואָס ער האָט איר באַשערט.
נעמט זיך די אַלמָנָה שונַמית צום דריטן ברייטל און וויל עס שוין נעמען צום מויל. רייסט זיך פלוצלונג אויס מיט באַנייטע כּוחות פון צָפון דער ווינט און רייסט איר ביידל אייַן. צעפאַלן זיך רעכטס און לינקס די ווענט... פליט ערגעץ אַוועק דער סכַך. און דער ווינט רייַסט דער אַלמָנָה דעם דריטן ברויטל פון דער האַנט אַרויס און שלייַדערט עס אין יַם אַרייַן...
און ערשט דעמאָלט שטילט זיך דער ווינט.
שטייט די אַלמָנָה און טראַכט...
דער ווינט האָט זיך געלייגט, שטיל — דער יַם. איבער זיין וואַסער, ווי איבער אַ שפּיגל, גליטשן זיך די ערשטע שטראַלן פון דער אויפ־גייענדיקער זון. באַלד וועט זיך אויפכאַפּן דער דאָרף, אָפּבינדן מיט פרייד די שיפלעך ביים ברעג, פאַרשפּרייטן נעצן... קינד און קייט וועט אַרויסלויפן באַגלייטן די פישער. און מיט פרייד־געשרייען רופן: אויס הונגער, געלויבט זיין ליבער נאָמען! עס וועט זיין ברויט.
אָבער נישט וועגן דעם טראַכט די אַלמָנָה.
אַן אַנדער געדאַנק עקבערט איר מוח.
— וואָס האָט גאָט פון איר געוואָלט? וואָס האָט גאָט מיט איר, דער אַלמָנָה, געטאָן?
— וואָס האָט מיר גאָט געטאָן? עקבערט איר אין מוח.
— איין ברייטל האָט ער איר צוגענומען פאַר אַן אַנטלאָפענעם פון פייער, רעכטס! זאָל זיין געלויבט זיין נאָמען!

— דעם צווייטן—פאַר אַ גרעאַטעוועטן פון גַזלָנים. אויך—געלויבט זיין ליבער נאָמען! ער האָט געגעבן, ער האָט גענומען, פאַר אַ ביל־כערן פון איר...

— אָבער דעם דריטן ברייטל? אויסצורייסן ביי אַן אַלמָנָה פון מויל און שליַידערן אין יַם אַריין?!—

דאָס איז איר אומעגלעך צו פאַרשטיין,

און עס פאַלט איר איין, אַז גאָט ווייס גאָרנישט דערפון... אַז דאָס האָט דער ווינט אַליין, מיט זיין אייגענעם ווילן, אָן גאָטס וויסן און קעגן זיין רָצון געטאָן; לְהַכעיס זיין ליבן נאָמען, וואָס שפּייזט אַלמָנות און יתומים.

אַנדערש קען נישט זיין!

און זי וועט עס דעם ווינט, דעם גַזלָן, נישט שענקען; זי וועט דעם ווינט פאַרקלאָגן...

פאַר וועמען?

פאַר דעם מֶלֶך שלמֹה.

פאַר אים וועט זי האָבן אַ דין־תּוֹרָה מיטן ווינט, קיין ירושָלַיִם וועט זי גיין!

קלערט זי נישט לאַנג, פאַרדעקט דעם פּנים מיט דער צעריסענער שאַל און לאָזט זיך אין וועג אַריין.

פאַרהונגערט איז זי און פאַרשמאַכט, נאָר דער גערעכטער צאָרן טראָגט זי אויפן ווייטן וועג, און זי איז געקומען—קיין ירושָלַיִם.

קומט זי, פרעגט זיך נאָך, ווייזט מען איר, ווו דער מֶלֶך שלמֹה הויזט, לאָזן זי די שומרים אַריין. שלמֹה הַמֶלֶכס טירן זיינען אָפן פאַר אַלעמען. בּפרַט פאַר אַלמָנות. קומט זי אין זאַל אַריין און פאַלט פאַרן מֶלֶך שלמֹה, וואָס זיצט אויף זיין שטול, אויפן פּנים.

— אַדוני הַמֶלֶך—זאָגט זי—אַ דין תּורָה האָב איך.

— מיט וועמען? איך זע, דו קומסט אַליין.

— מיטן ווינט,—ענטפערט די אַלמָנָה; און הייבט צו אים דעם פּנים אויף און פאַרציילט אים איר טַעֲנָה.

— גוט—ענטפערט דער מֶלֶך שלמֹה—דיין פּנים איז דיין עֵדות: ער איז מיד, און אין דיינע אויגן בּרענט דער הונגער. וועסטו דיך קודֶם־כָּל דערפרישן. זעץ זיך דערווייל, אִשָה, אין אַ ווינקעלע, מע וועט דיר דערלאַנגען בּרויט און ווייַן... עס, טרינק און דערהאַלט דיין נשָמָה, דערנאָך וועסטו הערן דעם פּסַק.

גייט זי אָפּ אין אַ ווינקעלע. דערלאַנגט מען איר ברויט מיט ווײַן און דערווײַל קומען דרײַ פרעמדע מענער אַרײַן. דרײַ פרעמדע מענער מיט זעקלעך אויף די אַקסלען. צום מֶלֶך שלמֹה דאַרפֿן זיי.

— וואָס איז אײַער פֿאַרלאַנג, פרעמדע מענער? און וואָס טראָגט איר אין די זעקלעך אויף אײַער אַקסל?

דערציילן די מענער אַזאַ געשיכטע:

יִשמָעאֵלים סוחרים זײַנען זיי. האַנדלען מיט צירונג טײַערע און כֵּלים, און בְּשָׂמים די טײַערסטע. זײַנען זיי זאַלבעדריט געפֿאָרן אין אַ שיפֿל איבערן יַם... ווינטן זײַנען געווען, אומרויִק איז געווען דער יַם, זײַנען זיי אָבער שטאַרקע און גענִיטע לײַט, שרעקן זיך פֿאַר קיין ווינטן נישט, שווימען זיי וואַל־אַרויף, וואַל־אַראָפּ...

האָט אָבער אײנמאָל פֿאַרנאַכט אָנגעהויבן דאָס שיפֿל צו נעצן... געלעכערט איז ערגעץ געוואָרן, און מיט וואָס צו פֿאַרשטאָפּן איז נישטאָ. שרײַען זיי, אֶפשר וועט מען דערהערן פֿון ברעג און קומען צו הילף. הערט קיינער נישט. דער ווינט כאַפּט זייערע געשרייען און צעוואַרפֿט איבערן יַם, די וואַלן כאַפּן אויף די קולות און אַנטלויפֿן מיט זיי אין דער נאַכט אַרײַן...

און דאָס שיפֿל נעצט און הייבט אָן זינקען...

שרײַען זיי צו גאָט. צו זייער גאָט; ער הערט נישט! רופֿן זיי צו אַנדערע געטער, צום גאָט פֿון מואָב, צום גאָט פֿון פְּלִשתּים, צו אַנדערע געטער. קיינער ענטפֿערט נישט. האָבן זיי זיך דערמאָנט, אַז עס איז דאָ נאָך אַ גאָט, אַ גאָט פֿון יִשׂרָאֵל... פּרוּוון זיי:

— גאָט פֿון יִשׂרָאֵל, ענטפֿער אונדז אין דער נויט!

און אַ נֶדֶר טוען זיי:

— דאָס גאַנצע גאָלד און זילבער, וואָס מיר האָבן געלייזט, גיבן מיר דיר אַוועק פֿאַר אונדזערע נפָשות, נאָר ראַטעווע אונדז! ראַטעווע, גאָט פֿון ישׂרָאֵל...

און אין דער רֶגע האָט זיך אַ שטאַרק געטאָן דער ווינט, עפּעס פֿון בּרעג אין שיפֿל אַרײַן, מיט אַ גוואַלדיקן כּוח, אַרײַנגעשליידערט: פּונקט אין לאָך פֿון שיפֿל אַרײַן, און האָט עס פֿאַרשטאָפּט...

און באַלד האָט זיך געלייגט דער ווינט, און מיר זײַנען בשָלום צוגעשווומען צום ברעג...

האָבן מיר בײַ לײַטן זיך נאָכגעפֿרעגט:

— ווו הויזט דער יידישער גאָט? מיר ווילן אונדזער נֶדֶר מְקַיֵם זײַן!

האָט מען אונדז אָנגעוויזן ירושָלַים...

זיינען מיר מיט אונדזערע זעקלעך קיין ירושָלַים געקומען און אין די גאַסן די מענטשן אויסגעפרעגט: ווו איז אייער גאָט? מיר ווילן אים זען! האָבן לייט אונדז געענטפערט, אַז דעם גאָט פון יִשרָאֵל זעט מען ניט...

— מיר דאַרפן אים דאַנקען, כָּבוד אָפּגעבן, און אַ מַתָּנָה דערלאַנגען...

האָבן זיי מיט די אַקסלען געדריקט; אַנדערע האָבן אונדז אויסגעלאַכט...

און עלטערע לייט, וואָס מיר האָבן באַגעגנט און זיי זיך פאַר־טרויט און אַן עֵצָה געפרעגט: וואָס טוט מען מיט אונדזער נֶדֶר? — האָבן זיי קיין באַשייד נישט געוווּסט. נאָר איינער פון זיי, דער עלטסטער, האָט אונדז געראָטן, מיר זאָלן זיך ווענדן, גרויסער האַר און מֶלֶך, מיט דער שאַלֶה צו דיר; דו ביסט, האָבן זיי געזאָגט, דער קליגסטער אויף דער גאַנצער וועלט, און דו וועסט וויסן אונדז צו ראָטן, ווי אַזוי אונדזער נֶדֶר מקַיֵים צו זיין, צו טון מיטן גאָלד און זילבער לויט דעם ווילן פון גאָט פון ישרָאֵל.

האָבן זיי געענדיקט און געבוקט זיך, און דער מֶלֶך שלמֹה פרעגט:

— האָט איר, פרעמדע לייט, באַטראַכט, וואָס דער ווינט האָט אייך פון ברעג אין שיפל אַריינגעשליידערט? מיט וואָס ער האָט די לעכל פאַרשטאָפּט, איר זאָלט נישט אונטערגיין?

— מיר האָבן געזען, גרויסער מֶלֶך! אַרויסגענומען און גוט באַ־טראַכט; אַ קליין ברייטל איז עס געווען, אַ ווייך, נישט דערבאַקן ברייטל. מיר האָבן עס געבראַכט דיר צו ווייזן, מֶלֶך...

און דער עלטסטער נעמט דאָס ברייטל פון בוזעם אַרויס און ווייזט עס —

רופט צו דער מֶלֶך שלמֹה די אַלמָנָה שוּנַמית און פרעגט, צי זי דערקענט נישט, צי איז עס נישט איר ברייטל?

דערקענט זי: מיין ברייטל. —

פּסקנט דער מֶלֶך שלמֹה, מע זאָל איר געבן די דריי זעקלעך גאָלד און זילבער. טוען אַזוי די לייט, דאַנקען און גייען.

און צו דער אַלמָנָה ווענדט זיך דער מֶלֶך שלמֹה:

— נעם דאָס גאָלד מיטן זילבער! עס איז דיין! דאָס האָט דיר גאָט פאַר דיין דריט ברייטל באַצאָלט, און זיי וויסן, אַז קיינער טוט נישט גאָט לְהַכעיס; אַז אַלץ געשיט לויט זיין ווילן. און אַז נאָר זיין שליחות טוט דער ווינט.

י. ל. פּרץ.



# דער ווינט.

עס בויגן זיך די ביימער,
ווען ס׳פליט פאַרביי דער ווינט.
וואָס איילט אַזוי דער ווינט זיך
און לויפט אַזוי געשווינד?

איך וואָלט געוואָלט אים כאַפּן,
אַ קוק טאָן, ווער ער איז:
צו איז ער בלויז אַ פעכער
צו גאָר אַזאַ מין ריז.

ער מוז זיין גאָר אַ גרויסער,
ווייל ער איז אומעטום.
ער קריכט אויף אַלע ביימער
און טאַנצט אויף זיי אַרום.

ווי גרויס קען זיין זיין מאַמע,
אויב ער איז אַזוי גרויס?
און וואָס דאַרף זי אים לאָזן
אַליין אין גאַס אַרויס?

ער איז אַ גרויסער שטיפער,
ער פייפט און טומלט שטאַרק!
ער לאָזט ביינאַכט ניט שלאָפן,
און לויפט אַרום אין פאַרק.

ווען איך וואָלט זיין זיין מאַמע,
וואָלט איך דאָס ניט געלאָזט,
ווייל אַלע ביימער שרייען,
ווען ער לויפט אום און בלאָזט.

לאה האָפמאַ.



# פריילינגס־שבָתים.

עס קומט פון גַן־עֵדן צופליען
אַ זיס, אַ מחַיֶהדיק ווינטל...
הייב אונטער די הענט פאַר די אויגן,
בענטש, באָבעשי, אונדזער געזינטל:

קום רויִק אַרויס אויפן גאַניק,
הער, זיידעשי, אויף זיך צו פעלצן —
דער ווינט האָט היינט מורֶא צו בלאָזן,
די שַבָת־ליכט זאָלן נישט שמעלצן.

מרים אולינאָווער.



# עק־וועלט.

דאָרט, אויף יענער זייט בּית־עולם, הינטער דער שטאָט, גייט זיך צונויף דער הימל מיט דער ערד.

דאָרט, אויף יענער זייט בּית־עולם, הינטער דער שטאָט, איז עק וועלט. אַזוי האָבּן מיר אַלע אין חדר אָפּגעפּסקנט און האָבּן אָפּגערעדט צווישן זיך צונויפצוזאַמלען זיך שבּת בּייטאָג, ווען דער עולם, ווען אַלע יידן, ווען די גאַנצע שטאָט שלאָפן מיטן זיסן שבּתדיקן שלאָף, און זיך לאָזן גיין און גיין בּיזן עק־וועלט.

שבּת בּייטאָג, ווען דער עולם, ווען אַלע יידן, ווען די גאַנצע שטאָט זיינען געשלאָפן מיטן זיסן שבּתדיקן שלאָף, האָבּן מיר זיך צונויפגעזאַמלט און זיך געלאָזט גיין און גיין בּיזן עק־וועלט.

און מיר זיינען געגאַנגען — צי אַ שעה, צי צוויי, צי דריי — ווייס איך נישט; נאָר מיר זיינען ב״ה מיט גאָטס הילף, געקומען בּשלום בּיז דער מיל, בּיז דער ווינטמיל.

דאָ, בּיי דער ווינטמיל, האָבּן מיר זיך געזעצט רוען; זיך צוגע־זעצט, צוגעלייגט: צוגעלייגט זיך, אויסגעצויגן זיך אויפן גרינעם גראָז, אויפן שמעקנדיקן גראָז און געכאַפּט אַ דרעמל.

יעדער פון אונדז איז פאַרנומען מיט זיין זאַך, מיט זיינע געדאַנקען, מיט זיין פאַרגעניגן; ס׳איז שטיל. קיינער זאָגט ניט קיין וואָרט; קיינער וויל מע זאָל אים איבּערשלאָגן, קיינער וויל יענעם איבּערשלאָגן.

ווו זשע איז עק וועלט? — האָט זיך אָפּגערופן איינער פון אונדז.

— אָט דאָס איז דאָך עק־וועלט, נאַרעלע! — האָט אים דער אַנדערער געענטפערט.

און ס׳איז בּיי אונדז אַלעמען געבּליבּן דער הסכּם, אַז דאָ, הינטער דער ווינטמיל, איז עק־וועלט; אַז ווייטער פון דער מיל איז הרי־חושך, די פינסטערע בּערג, וואָס זיינען בּאַדעקט מיט אַ שוואַרצן גראָז, און דאָרט, אויף די בּערג געפינען זיך עד־היום קליינע יידעלעך מיט לאַנגע בּערד בּיז די שפּיץ פינגער פון די פיס, די קליינע יידעלעך, וואָס גאָט האָט זיי אַהער פאַרטריבּן פאַר זייערע צינגער, פאַר זייערע לאַנגע צינגער, דערפאַר, וואָס זיי האָבּן געהרגעט איינער דעם אַנדערן מיט די צינגער; און אויף יענער זייט בּערג איז דער פאַרגליווערטער ים, וואָס דער שטורעמווינט פאַרטרייבּט אַהין אַלע אָקרענטן מיט אַלע שיפן און וואָס קיינער קומט שוין צוריק...

—אין בֵּית־מֶדרֶש אַריין! ווייסע חֶברֶהניקעס! אין בֵּית־מֶדרֶש אַריין! לייטישע בָּחורימלעך! דאַכט זיך שענער צו זיצן אין בֵּית־מֶדרֶש שַׁבָּת ביי טאָג, צו לערנען „פֶּרֶק“, איידער וואַלגערן זיך מיט אַלע שקָצימלעך אונטער דער מיל. אין בֵּית־מֶדרֶש אַריין, גוֹיִם, עַם־הָאָרָצים, אין בֵּית־מֶדרֶש אַריין!...

שלום־עליכם.



# ווּ וואוינט די זון?

אין וואַלד צווישן ביימער
האָב איך די זון געזען:
זי איז געגאַנגען שלאָפן,
עס איז פאַרנאַכט געווען.

און איינמאָל, איך דערמאָן זיך,
איז זי אַרײַן אין טאָל.
און אויף אַ באַרג אַ הויכן
איז זי אַרויף אַמאָל.

כ'האָב אויך געזען, ווי זי איז
אַמאָל אין יַם אַריין,
האָב איך געמיינט אויף זיכער,
איר היים מוז דאָרטן זיין.

און איך האָב זיך געוואונדערט:
ווּ קען זי וווינען פאָרט,
אַז אימ'ער גייט זי שלאָפן
אין גאָר אַ נייעם אָרט?...

לאה האָפמאַן.



## חֲ רָ טָ ה.

### א.

פריידיק האָבן זיך די קינדער צוזאַמענגעטראָפן אויפן ראָג.

— העלאָ, סעמקע! האָט נאָך פון דער ווייטן געשריען דער מורזעוואַטער, אויסגעשמירטער קאַמילאָ, שוין זומערדיק אָנגעטאָן און פאָכנדיק מיט אַ ביקסל אין האַנט.

סעמקע, מיט רויטע בעקלעך און גלאַנציקע קאַרשן־אויגן, נאָך אין די ווינטערדיקע בגָדים מיטן ברוינעם סוועטער פון אונטן, האָט צופרידן אָפּגעוואַרט קאַמילאָן, זיך געוואונדערט אויף זיין זומערדיקן הילוך, און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— קום אַהער, ווייַז דאָס ביקסל.

— אָט איז דזשימי!—האָבן זיךביידע אַ כאַפּ געטאָן.

— דזשימי, קום אַהער!

דזשימי — אַ דאַרער, אַ געלער, אינגאַנצן אין זומערשפּרענקלעך, מיט אַ דינעם פּאַרריסענעם נעזל, פונקעלעך אין די העלע אויגן, —איז זיך געגאַנגען פּאַמעלעך, פאַררוקט די הענט אין די הויזן־קעשענעס, דעם קאָפּ אַיינגעצויגן אין די אַקסלען, ווי ס׳וואָלט אים קאַלט געווען.

— גיכער, קום אַהער! —האָט סעמקע געריפן.

— לילי קומט, קוק, לילי קומט! — איז אונטערגעשפּרונגען קאַמילאַ.

— אָ, העלאָו, לילי! —האָט סעמקע זיך אַ כאַפּ געטאָן און אינגאַנצן אויפגעשײַנט.

— העלאָו, סעמי! —איז זיך לילקע געלאָסן צוגעקומען, אינגאַנצן אַ פרימאַרגנדיקע אין איר ראָזן סוועטער, און חנוודיק פאַרשאַרט מיטן הענטל אירע יינגלש־אונטער־געשאָרענע האָר.

באַלד איז צוגעקומען ביטריס מיט אַ שפּרונג־שטריק אין האַנט.

און נאָך און נאָך פון אַלע זייטן זייַנען געקומען קינדער, אַפילו דער פיר־יאָריקער הערעלע, דעם הויז־וועכטערס יינגעלע, אין גרויסע ניט צוגעפּאַסטע קאַמאַשן, און נאָך אַ גרעסערן היטל, מיט עפּעס פרעמדע מעשענע קנעפּ אין זיין פאַרשמאָדערט מאַנטעלע, איז אויך געקראָכן פון קעלער־שטוב. די היטל—די גרויסע טשאַפּורע—האָט זיך אים אַראָפּגערוקט איבערן נעזל, האָט ער שווער געסאָפּעט, נישט פאַרשטאַנען זי אויפצוהייבן און בלינד אויף אַלע פיר זיך געדראַפּעט אויף די טרעפּ פון קעלער אַרויס.

באַלד איז דער טראָטואַר צעקעסטלט געוואָרן פון ווייסן קרייט. די מיידלעך טאַנצן, שפּרינגען אויס פיגורן. די יינגלעך שפּילן באָל און לויפן מיט אַ טומל פון איין טראָטואַר אויפן צווייטן.

נאָר דער קליינער הערעלע שטייט מיט פאַרקוקטע אויגן, צוגעשפּאַרט צום אײַזערנעם צוים פון קעלער, גיט זיך קיין ריר ניט, נאָר וואַרעמט זיך אויף דער זון און קוקט נאָך יעדע באַוועגונג פון די קינדער.

— דזשי, היינט איז וואַרעם—זאָגט דער דיקער סעמקע, אַ פאַרשוויצטער פון באָל.

— לאָמיר גאָר גיין אין פּאַרק צו די קוואַלן—כאַפּט זיך אַרויס קאַמילאַ.

— טאַקע אין פּאַרק,— כאַפּט אונטער סעמקע.

— זאָל זיין אין פּאַרק—זאָגט דזשימי.

אין פּאַרק, אין פּאַרק! —ווערט אַ גערודער צווישן די קינדער.

— ניין, ס׳איז נאָך קאַלט, די מאַמעס וועלן ניט לאָזן! —רופט זיך אָפּ אַ סטאַטעטשנע מיידל, מיט אַ געלאַסענעם פּנימל און אַ שאַל אויפן האַלדז.

— וואָס איז דיין דאגה? —שפּרינגט צו קאַמילאַ אַ צעקאָכטער.

סעמקע דרייט זיך דערווייל צווישן דער גאַנצער כאַפּטע יינגלעך. יעדערן שטורכעט ער מיטן פינגער אין ברוסט.

— דו וועסט גיין! דו וועסט גיין!

יעדער יינגל נעמט צו דעם שטורך שווייגנדיק־ערנסט. אַלע פאַרריכטן נאָר ד׳ היטלען און קוקן מיט אַ מינע, ווי זיי וואָלטן געווען גרייט צו גיין אין פייער און אין וואַסער. דער קליינער הערעלע האָט זיך דערווייַלע צוגעשאַרט מיט די גרויסע קאַמאַשן און זיך צוגעשטעלט צו אַלע יינגלעך. זעענדיק, אַז סעמקע שטורכעט אים ניט אין האַרצן, האָט ער פאַרריסן דעם קאָפּ צו סעמקען, אויף זיך אַליין געטײַטלט מיטן פינגער און געריפן—מיך אויך.. סעמקע האָט אויף אים מיט פאַראַכטונג אַ קוק געטאָן:

— נאָך צו קליין, סט׳גיין מיט דיין מאַמען.
לילקע איז צוגעשפרונגען אַ פאַרפלאַמטע:
— מיר, מיידלעך, גייען אויך...
— גוט, האָט סעמקע געזאָגט.
— ניין, האָט דזשימי צונויפגעזשמורעט אין שמאָלע פּאַסיקלעך זיינע העלע אויגן,—דו וועסט זיי מיטנעמען, זייערע מאַמעס וועלן שרייַען און מירן זיין שולדיק.
— ניין, מ׳דאַרף ניט!—האָבן די יינגלעך אויפגעהויבן אַ געשריי.
— מירן יע גיין—האָבן געשריען די מיידלעך און אויסגעמישט זיך מיט די יינגלעך.
— ניין, איר׳ט ניט גיין... האָבן זיך די יינגלעך אָפּגעטיילט פון זיי.
— דו, סעמקע, ביסט אַ שלעכטער יינגל—האָט לילקע געמאַכט אַ קאַפּריזנעם פּנים.
— דו אליין אפשר יאָ,—האָט אָנגעהויבן סעמקע.
— ניין, קיין אייגע ניט,—האָט קאַלט און פאַרביסן געזאָגט דזשימי.
קאמילאָ האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אָפּשטופּן די מיידלעך. ס׳איז געוואָרן אַ שפּאַרעריי, אַ קריגערײַ. פאַרבייגייערס האָבן זיך אָפּגעשטעלט קוקן, וואָס דאָ טוט זיך, און שמייכלענדיק געגאַנגען ווייטער.
נאָר דער קלייִנער הערעלע איז זיך געשטאַנען רויִק מיט דעם פּוזעוואַטן בײַכל אַרויסגעשטעלט, מיט דער גרויסער ווינטערדיקער היטל איבערן שטערן, פונוואַנען ס׳האָבן אַרויסגעקוקט, ווי פון אַ באַהעלטעניש, זיינע שוואַרצע פאַרקוקטע אויגן.
אָפּגעשטופּט אָן אַ זייט, האָט ביטריס געשריען:
— מיר דאַרפן זיי ניט, מירן פונקט אַזוי טרעפן ווי זיי.
— אָבער ווו די קוואַלן זײַנען ווייסט איר ניט,—האָט קאַמילאָ אַרויס-געשטעלט אַ צונג...
די יינגלעך האָבן זיך מיטאַמאָל אַ לאָז געטאָן לויפן צום פּאַרק, און דער קלייִנער הערעלע פון הינטן נאָך זיי.
ב.
אין פּאַרק זיינען דורך נאַכט גרין געוואָרן גאַנצע שטיקער פון די לאָנקעס.
אויף די אַקאַציען-ביימלעך האָבן זיך שוין אויסגעשאָטן יונגינקע, העל-גרינע קנאָספּעלעך, ווי קרייזעלעך אויף קינדערשע קעפּלעך. נאָר ערטערווייז האָבן נאָך געגלאָט שטיקער ערד און דערמאָנט אָן פאַרלאָפּענעם האַרבסט און ווינטער.
פון דער קלייִנער צעפּלאַצטער, אָנגעוואַרעמטער ערד האָבן זיך גלייך פון באַגינען אַ לאָז געטאָן אָן אַ צאָל רעגן-ווערים און פאַרפלייצט די נאַסע שטעגלעך, די פּייכטע אַלעעס.
ווי אַ מחנה שפּערלעך האָבן זיך די קינדער אַ לאָז געטאָן מיט אַ פלאַפּלערײַ, מיט אַ געבריַיעריי איבער לאָנקע און שטעג, דורך אַלעעס און קוסטעס. באַלד זײַנען זיי שוין געקראָכן אויף די פעלזן פון פּאַרק, זיך געדראָפּעט אויפן „אינדיאַנער שטיין", וואָס קוקט אויפן סאַזשלקע. סעמקע, דזשימי און קאַמילאָ און נאָך יינגלעך האָבן זיך אַרונטערגעלאָזן צו די קוואַלן אין זומפּיקן טאָל, ווו דער פּאַראַיאַריקער שטײַפּער טשערעפּ איז געווען פאַרטרונקען ביזן האַלדז אין וואַסער.
ס׳שלאָגן קוואַלן; ס׳שנירלען זיך גאָלד-געלע ליימיקע רינעלעך, ס׳פּלייצט איבער די רינעלעך אַ קלאָר וואַסערל און זינגט צו מע׳אָדיש, קאַטשענדיק זיך איבער שטיינ-דלעך און וואָרצלען.

עס שלענגלען זיך די פרישע פרילינגס-וואַסערלעך, קריכן אַרײַן אין דער ערד און קומען אַרויס צוריק נאָך מער געלײַטערט, און ציען זיך שוין אין אַ טײַכל.

קאַמילאָ שפרינגט, לויפט איבער די שטאַמען פון די אויסגעהאַקטע ביימער, וואָס ליגן אויף אַ זייט און וואָס מע האָט נאָך ניט באַוויזן אַוועקצונעמען.

סעמקע לויפט זוכן אַ ברעט אויף אַ הוידע — און דזשימי רייסט אַ צווייגל פון אַ נוס-בוים, כאַטש ער ווייס, אַז מע טאָר ניט.

די קינדער שפּרינגען אויף די קלעצער, זעצן זיך רײַטנדיק, קריכן אין די זומפּן, געמען ליים און בויען פאַרצאַמונגען אין טייכל און האַלטן אָפּ דאָס וואַסער. קומט אָן דאָס וואַסער הויך-הויך, בויען זיי נאָך העכער, הייבט עס זיך אַלץ, און מיטאַמאָל גיט עס זיך אַ ריס דורך...

ווערט אַ פרייד, אַ געשריי, צעגלאַנצן זיך די אויגן, און מע לויפט ווידער נאָך ליים.

נאָר הערעלע האַלט זיך פונדערווייטן. ער איז זיך אַ מענטש פאַר זיך. די ערשטע זאַך איז ער אַרײַן מיט די גרויסע קאַמאַשן אין ריטשקעלע און זיך דורכגעשפּאַצירט אין וואַסער הין און צוריק. געזען, אַז דאָס וואַסער ווערט אַזוי שיין, גאָלדיק-געל, איז ער אַרויס מיט פולע שיך מיט וואַסער, געפונען אַ פּאַפּירן צעריסן קעסטעלע און מיט די הייפלעך געשעפּט דאָס געלע וואַסערל און געגאָסן אין פּאַפּירענעם קעסטעלע און געוווּנדערט זיך, פאַרוואָס עס ווערט ניט פול...

— מיר האָבן אַ ברעט! — האָט סעמקע און נאָך אַ פּאָר ייִנגלעך געשריען, שלעפּנדיק אַ ברעט, — דזשימי, קאַמילאָ קומט זיך הוידען! —

## ג.

הוידען זיך די קינדער אַרויף-אַראָפּ, סעמקע פון איין זייט, דזשימי פון דער צווייטער זייט, און קאַמילאָ אינמיטן, — אַ פוס אַהער, אַ פוס אַהין, וויגט און באַלאַנסירט אַרויף-אַראָפּ — דאָס ערשטע מאָל הײַ-יאָר. דאָ הייבט מען זיך אויף אַזוי הויך-הויך, אַז עס ווערט אַזש קיל אין האַרצן און אָט פאַלט מען, דוכט זיך, נאָר געשעדיקט צו ווערן...

— די מיידלעך גייען! — הייבט זיך פלוצלונג אויף אַ געשריי. מיט אַ טראַך פאַלט די ברעט צו דער ערד. דזשימי, סעמקע, קאַמילאָ, אַלע, אַלע שטייען און קוקן, ווי די מיידלעך קומען אָן מיט לילקען און ביטריסן בראָש.



די קינדער וויגן זיך.

זיי גייען עפּעס ניט דרייסט, אַנדערע האַלטן זיך פאַר די הענט.

— ניט צולאָזן זיי צו די קוואַלן! — האָט דזשימי אַ זאָג געטאָן צו די ייִנגלעך.

די מיידלעך האָבן עפּעס ווי דערפילט די קריגערישע שטימונג פון די ייִנגלעך, זיך אָפּגעשטעלט און אויפגעהויבן אַ געשריי: — בע, בע! מיר האָבן געפונען!

— לאָמיר זיי גאָר פאַרטרײַבן! — האָט זיך אויפגעקאָכט קאַמילאָ.

די ייִנגלעך האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אויף די מיידלעך. יענע האָבן אויפגעהויבן אַ געשריי.

קאַמילאָ האָט אַ כאַפּ געטאָן ביטריסן; דזשימי האָט געוואָלט אַ כאַפּ טאָן אַן אַנדערע, האָט ער זיך דערוויייל אויסגעגליטשט און נאָסן ליים. ביי די מיידלעך איז געוואָרן אַ געלעכטער. סעמקע האָט זיך געיאָגט נאָך לילקען, וואָס האָט זיך אַרויס־געדרייט פון זײַנע הענט און געלאָפן ווילד.

ביי די מיידלעך האָט זיך אויפגעהויבן אַ פרײדיקער געשריי. ביטריס האָט זיך אַרויסגעריסן פון קאַמילאָס הענט און אים אַליין אומגעשלײַדערט. די איבעריקע האָבן זיך אַרומגעקליבן אַרום איר. לילקע איז אויך צוגעלאָפן מיט סעמקען.

— ס'איז דיין פּאַרק? ס'איז אייער פּאַרק? האָט ביטריס אָנגעהויבן שרייען, און עטלעכע מיידלעך האָבן אַ כאַפּ געטאָן סעמקען, וואָס איז אַרייַנגעפאַלן צווישן זיי, און זיי זיינען אים באַפאַלן.

סעמקע איז געבליבן אָפּהענטיק שטיין און ניט געוווסט, וואָס צו טאָן.

די מיידלעך זייגען געוואָרן נאָך דרייסטער.

— איר, שלעכטע ייִנגלעך, מירן דערציילן אייערע לערער.

דו ביסט אַ שלעכטער, — האָט לילקע ברוגז געקוקט אויף סעמקען.

דאָס איז דאָך אויף צופלײַסן, — האָט סעמקע זיך געפּרווט פאַרענטפערן.

די מיידלעך האָבן געזיגט. צוערשט האָט מען זיך נאָך געשפּילט באַזונדער — באַלד האָט מען זיך שוין געשפּילט צוזאַמען און די הוידע האָט זיך געהוידעט איבערן קלאָץ אַרויף־אַראָפּ.

אויף איין עק ברעט זיינען שוין געזעסן לילקע מיט ביטריסן, אויף דעם צווייטן עק — סעמקע מיט דזשימין און קאַמילאָ שטייענדיק אין באַלאַנס.

— לאָמיר זיי אָפּטאָן, — האָט שטיל אַ זאָג געטאָן צו סעמקען דער נאָך אויס־געשמירטער דזשימי און פאַרזשמורעט די העלע אויגן — מירן אַראָפּשפּרינגען פון ברעט, — זאָלן זיי זיך קײַקלען...

— גוט, — האָט צוגעשטימט צו דער חכמה סעמקע.

זיי האָבן אַראָפּגעוויגט די ברעט צו דער סאַמער ערד און באַלד אַראָפּגעלאָזן. די ערשטע איז געפאַלן לילקע און אויף איר ביטריס...

אַ צעבלוטיקטע האָט זיך לילקע אויפגעהויבן; פאַלנדיק, האָט זי זיך אָפּגעקלאַפּט און זיך אָפּגעריבן אָן אַ בוים.

די מיידלעך האָבן אויפגעהויבן אַ געשריי:

— בלוט, בלוט! גיכער וואַסער אַהער!

קאַמילאָ האָט זיך אַזוי דערשראָקן, אַז ער איז גלייך אַנטלאָפן. דזשימי איז געשטאַנען מיט די הענט אין די הויזן און תמעוואַטע געשמייכלט, נאָר סעמקע איז אַרומגעלאָפן אַ דערשראָקענער. געזען ווי לילקע זיצט אונטער אַ בוים מיט אַ פאַררויטיקט טיכעלע ביים מויל און וויינט, איז אים אונטערגעגאַנגען אונטערן האַרצן. — ער איז געקראָכן צו איר און זיך געשוואָרן:

— ס'איז געווען אויף צופלײַסן, אויף מיין וואָרט, ס'איז געווען אויף צופלײַסן!

— אַוועק! — האָט אים ביטריס געטריבן.

ער האָט אַלץ זיך געדרייט אַרום לילקען, געקוקט איר אין די אויגן און מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ געפרעגט:

— ס'טוט וויי?

לילקע האָט נאָך מער געוויינט.

— וואָלסטו זיך אַזוי צעקלאַפּט דעם קאָפּ—האָט געשריען ביטריס.

— ווייַן ניט, אויף מייַן וואָרט, ס'איז געווען אויף ·צופלייסן—האָט אַלץ געריעדט סעמקע.

— זעסט, איך וועל מייַן קאָפּ אויך אָפּקלאַפּן,—האָט ער זיך אוועקגעשטעלט אונטערן זעלביקן בוים, וואָס לילקע, און זיך גענומען קלאַפּן מיטן קאָפּ אָן אים און פרעגן לילקען:

— גוט, אַ?

לילקע האָט אויפגעהערט צו ווייַנען.

יעקב קרעפּליאַק.



# דאָס נייַע קליידל.

אין מייַן נייַע ווייַסע קליידל
טוט די מאַמע הייַנט מיך אָן;
טאָר איך עס דאָך ניט פאַרפלעקן,
קען איך זיך קיין ריר נישט טאָן.

וויל איך זיך אין דרויסן שפּילן,
באַקן קיכעלעך פון ליים;
לאָזט די מאַמע ניט אַרויסגיין,
מוז איך זיצן אינדערהיים.

אויף אַ שטול אַזוי ווי מאַמע
מוז איך זיצן שטאָלץ און גלייַך;
און איך טאָר אין וואַנע וואַסער
זיך ניט שפּילן אין אַ טייַך...

אויף דער ערד וויל איך זיך זעצן
מיט דער קאַץ זיך שפּילן פייַן;
„ניטע ניטע! זאָגט די מאַמע—
זע, דו שמירסט דיין קליידל אייַן".

נעם איך אויף מיין קני דאָס קעצל,
און איך גלעט אַזוי איר קאָפּ,
זאָגט די מאַמע—דו קנייטשסט
דייַן קליידל,
גיכער לאָז די קאַץ אַראָפּ!

קען איך זיך מיט גאָרניט שפּילן,
גיי איך נאַשן שטילערהייט;
נעם איך זופּן מילך פון קריגל,
און באַגיס די נייע קלייד...

האָב איך מורא פאַר דער מאַמען,
טו איך גאָר מיין קליידל אויס,
און די מאַמע זאָל ניט זעען,
גיי איך שטיל פון הויז אַרויס.

כ'וויל ניט מער די נייַע קליידל,
כ'טו מיין אַלטע קליידל אָן,
וועל איך קענען גיין אין דרויסן,
שפּילן זיך, און אַלצדינג טאָן...

לאה האָפמאַן.



# דאָס בלינדע ייִנגעלע און זײַן חבֿרטע.

## א.

איינמאָל איז פּעטריק געזעסן איינער אַליין אויפֿן בערגל בײַם ברעג טײַך. די זון האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אַלץ נידעריקער. אַרום איז געווען שטיל, נאָר פֿון דער ווייטנס האָט זיך געהערט דאָס רעווען פֿון דער טשערעדע, וואָס איז צוריקגעגאַנגען אין דאָרף אַרײַן.

דאָס ייִנגל האָט נאָרוואָס אויפֿגעהערט צו שפּילן און צוגעלייגט זיך אויפֿן גראָז זיך אָפּרוען. און ליגנדיק אַזוי איז ער אַנטדרעמלט געוואָרן. פּלוצלונג האָבן עמיצנס לייכטע טריט אים אויפֿגעוועקט. אַן אומצופֿרידענער האָט ער זיך אויפֿגעהויבן אויפֿן איילנבויגן און געמומען זיך אײַנהאָרכן. עמיצער האָט זיך אָפּגעשטעלט אונטן, צופֿוסנס פֿון בערגל. די טריט זײַנען אים געווען אומבאַקאַנט.

—ייִנגל!—האָט ער פּלוצלונג דערהערט אַ קינדערשן קול—דו ווייסט ניט, ווער האָט דאָס דאָ אָקאָרשט געשפּילט?

דער בלינדער האָט ניט ליב געהאַט, ווען מ'האָט געשטערט זײַן אײנזאַמקייט און ער האָט געענטפֿערט מיט ניט קיין פֿרײַנדלעכן טאָן:—דאָס האָב איך!..

עס האָט זיך דערהערט אַ לייכט פֿאַרוווּנדערט אויסגעשריי און דאָס מיידל האָט גלייך צוגעגעבן:—„אַך, ווי שיין”!... דער בלינדער האָט געשוויגן.

—פֿאַרוואָס גייט איר ניט אַוועק?—האָט ער געפֿרעגט אין אַ ווײַלע אַרום, הערנדיק, אַז דאָס מיידל איז נאָך אַלץ געבליבן שטיין.

—פֿאַרוואָס טרייבסטו מיך?—האָט זי פֿאַרוווּנדערט געפֿרעגט.

די טענער פֿון דעם העלן געלאַסענעם קינדערשן קול האָבן אָנגענעם אָפּגע־קלונגען אין דעם בלינדנס אויערן, דאָך האָט ער געענטפֿערט:—איך האָב ניט ליב, אַז מ'קומט צו מיר... דאָס מיידל האָט זיך פֿונאַנדערגעלאַכט.—אָהאָ!—האָט זי געזאָגט—זעט נאָר אַ ביסל!.. דו מיינסט מסתּמא, אַז די גאַנצע וועלט איז דײַנע און דו קענסט עמיצן פֿאַרווערן גיין וווּהין ער וויל?

—די מאַמע האָט אַלעמען פֿאַרזאָגט, מע זאָל צו מיר אַהער ניט קומען.

—די מאַמע?—האָט דאָס מיידל פֿאַרטראַכט איבערגעפֿרעגט.—און מײַן מאַמע האָט מיר דערלויבט צו גיין בײַם טײַך....

דאָס ייִנגל, וואָס איז געוויינט געווען, אַז אַלע זאָלן אים אין אַלץ נאָכגעבן, האָט ניט געוואָלט לײַדן, וואָס מ'ענטפֿערט אים אַזוי. ער איז געוואָרן אין כּעס און עט־וואָס זיך אויפֿהייבנדיק האָט ער אויסגערופֿן גיך און מיט אויפֿרעגונג:—„גייט, גייט פֿון דאַנען”... מ'קען ניט וויסן, מיט וואָס די סצענע וואָלט זיך געענדיקט, נאָר גראָד האָט זיך דערהערט פֿון הויז יאַכימס קול, וואָס האָט גערופֿן דעם ייִנגל טיי טרינקען. דאָס ייִנגל איז שנעל אַראָפּגעלאָפֿן פֿון בערגל.—ס'איז אַ שלעכטער ייִנגל!—האָט ער דערהערט הינטער זיך אַ צערנדיקע באַמערקונג פֿון דער מיידל.

## ב.

אויף מאָרגן איז פּעטריק ווידער געזעסן אויפֿן זעלביקן בערגל. ער האָט זיך דערמאָנט אָן נעכטיקן צוזאַמענשטויס. איצט האָט אים שוין ניט פֿאַרדראָסן, וואָס דאָס מיידל איז געקומען. פֿאַרקערט, ס'האָט זיך אים געוואָלט ווידער הערן די אָנגענעמע

רוּיִקע שטימע, וואָס ער האָט נאָך אַזאַ קיינמאָל ניט געהערט. זיינע באַקאַנטע קינדער האָבן אַזוי הויך געשריען, געלאַכט, זיך געשלאָגן און געוויינט. קיינער פון זיי האָט אָבער אַזוי אָנגענעם ניט גערעדט. ס'האָט אים געגומען פאַרדריסן, וואָס ער האָט באַליידיקט די אומבאַקאַנטע. איצט וועט זי שוין געוויס מער ניט קומען.

אין מֶשֶך פון דריי טעג איז דאָס מיידל טאַקע ניט געקומען. אויפן פערטן טאָג האָט פעטריק ווידער דערהערט אונטן ביים טייך אירע טריט. זי איז געגאַנגען שטיל. די שטיינדלעך פון ברעג האָבן לייכט געראַשט אונטער אירע פיס. זי האָט אונטערגעמורמלט אַ לידל.—הערט זיך איין!—האָט ער אויסגעשריען, ווען זי איז דורכגעגאַנגען פאַרביי אים—דאָס זייט איר ווידער?

דאָס מיידל האָט ניט געענטפערט. פעטריק האָט געמיינט, אַז דאָס מיידל האָט נאָך געוויס ניט פאַרגעסן די פריערדיקע באַליידיקונג.

פונדעסטוועגן האָט זי זיך באַלד אָפּגעשטעלט. אַ צוויי-דריי סעקונדעס זיינען אַריבער אין שווייגן. זי האָט איבערגעקליבן אין די הענט אַ בוקעט פון פעלדבלומען. ער האָט געוואַרט. ענדלעך האָט זי אים געענטפערט:

—איר זעט ניט, אַז דאָס בין איך?

די איינפאַכע פראַגע האָט זיך אָפּגערופן מיט אַ ווייטאָק ביים בלינדן אין האַרצן. ער האָט גאָרנישט ניט געענטפערט, נאָר די הענט זיינע, מיט וועלכע ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט, האָבן זיך ציטערנדיק געכאַפּט פאַרן גראָז.

דאָס מיידל האָט דאַן ווידער געפרעגט:—ווער האָט דאָס דיר אויסגעלערנט אַזוי שיין צו שפּילן אויפן פלייט?

—יאָכים—האָט פעטריק געענטפערט.

—זייער גוט!.. פאַרוואָס אָבער ביסטו אַזאַ בייזער?

זי האָט גערעדט מיט אַ רוּיִקן געלאַסענעם טאָן. דאָס יינגל האָט דערהערט ווי זי האָט אַריינגעוואָרפן צו זיך אין שויס די בלומען.

—ווו האָט איר גענומען די בלומען?—האָט ער געפרעגט.

—דאָרטן!—האָט זי אַ מאַך געטאָן אויף הינטער מיטן קאָפּ.

אויף דער לאָנקע?

—ניין, דאָרטן!

—מסתּמא אין וועלדל?.. וואָס זיינען דאָס פאַר אַ בלומען?

—צי דען קענסטו נאָך ניט דערקענען קיין בלומען; סאַר אַ מאָדנער דו ביסט... עפּעס גאָר אַ מאָדנער.

פעטריק האָט גענומען אַ בלום אין האַנט. זיינע פינגער האָבן לייכט און שנעל באַרירט די בלעטלעך און דאָס קרוינדל.

—דאָס איז אַ ראַנונקל—האָט ער געזאָגט—און דאָס איז אַ פיאַלקע.

דערנאָך האָט ער אויפן זעלביקן אופן אויך געוואָלט זיך באַקאָנען מיט דער נייער חַבֶרטע. ער האָט אַרויפגעלייגט זיין לינקע האַנט צו איר אויפן אַקסל און מיט דער רעכטער האַסטיק אַרומגעטאַפּט אירע האָר, די ברעמען, דאָס גאַנצע פּנים אירס.

דאָס אַלץ איז געמאַכט געוואָרן אַזוי אומגעריכט און האַסטיק, אַז דאָס פאַרוואונדערטע מיידעלע האָט קיין וואָרט ניט געקאָנט אויסריידן. זי האָט געקוקט אויף אים מיט ברייט פונאַנדערגעעפנטע אויגן, אין וועלכע ס'האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אַ געפיל פון שרעק.

ערשט איצט האָט זי באַמערקט, אַז דער נײַער באַקאַנטער אירער קוקט ניט ווי אַלע מענטשן. די דינע און בלייכע שטריכן פון זיין פּנים האָבן זיך אָנגעשטרענגט צו עפּעס צוגעהאָרכט. זיינע אויגן האָבן געקוקט ערגעץ ווייט און אין זיי האָבן עפּעס מאָדנע זיך אָפּגעשפּיגלט די שטראַלן פון דער פאַרגייענדיקער זון.

דאָס מיידל האָט זיך האַסטיק אַנידערגעשטעלט און זיך פונאַנדערגעוויינט.

— וואָס שרעקסטו מיך, דו... דו שלעכט ייִנגל! — האָט זי געזאָגט מיט טרערן אין די אויגן — וואָס האָב איך דיר געטאָן?

פּעטריק איז געבליבן זיצן אויפן זעלביקן אָרט. ער האָט נידעריק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געפילט אַ שאַרפע באַליידיקונג און אַ ווייטאָק.

צום ערשטן מאָל איז אים אויסגעקומען צו דערפילן, אַז זיין מום קען אַרויס־רופן ניט נאָר רחמנות, נאָר אויך שרעק.

באַליידיקט און פאַרביטערט איז ער ווידער געפאַלן אויפן גראָז און הויך אויפן קול זיך פונאַנדערגעוויינט. דערהערנדיק דאָס געוויין, איז דאָס מיידל אַ פאַרוווּנ־דערטע צוריק אַרויף אויפן בערגל. דאָס ייִנגל איז געלעגן מיטן פּנים צו דער ערד זי האָט אויף אים שטאַרק רחמנות געקראָגן.

— הער, וואָס וויינסטו? — האָט זי שטיל געפרעגט — דו מיינסט אפֿשר, אַז איך וויל דיך פאַרמסרן? וויין ניט, איך וועל קיינעם ניט דערציילן.

דער פריינדלעכער צאַרטער טאָן האָט דעם ייִנגל נאָך מער אויפגערעגט און דאָס געוויין זיינס איז נאָך גרעסער געוואָרן. דאַן האָט זיך דאָס מיידל אַנידערגעזעצט לעבן אים, גענומען אים גלעטן די האָר און ווי אַ מאַמע, וואָס באַרויִקט אַ באַשטראָפטן קינד, האָט זי אויפגעהויבן זיין קאָפּ און גענומען מיט איר טאַשנטיכל אויסווישן אים די אויגן.

— נו, הער שוין אויף — האָט זי פריינדלעך געזאָגט — איך בייזער זיך שוין לאַנג ניט אויף דיר. איך זע דאָך, אַז דיר פאַרדריסט, וואָס דו האָסט מיך איבערגעשראָקן.

— איך האָב דיך ניט געוואָלט איבערשרעקן — האָט ער געענטפערט, איינהאַלטנדיק דאָס געוויין.

זי האָט אים אויפגעהויבן פון דער ערד און אַוועקגעזעצט לעבן זיך. ער האָט זיך געלאָזן. איצט איז ער געזעסן ווי פריער מיטן פּנים צו דער זון.

דאָס מיידעלע האָט ווידער אַריינגעקוקט אים אין פּנים אַריין און עס איז איר נאָך אַלץ פאָרגעקומען מאָדנע. אין זיינע אויגן זיינען געשטאַנען טרערן, נאָר זיי זיינען ווי פריער געווען אומבאַוועגלעך. זיין פּנים האָט אויסגעדריקט אַ טיפן און שווערן צער.

— דו ביסט פאָרט עפּעס אַ מאָדנער ייִנגל — האָט זי געזאָגט מיט מיטגעפיל.

— ניין, איך בין ניט קיין מאָדנער — האָט ער געענטפערט, קרימענדיק מיט ווייטאָק דאָס פּנים — איך בין ניט קיין מאָדנער, איך... איך בין אַ... בלינדער...

— אַ בלינדער? — האָט זי אויסגערופן מיט אַ ציטערדיקער שטימע. — אַ בלינדער? — האָט זי נאָכאַמאָל איבערגעפרעגט און איר קול האָט נאָך מער געציטערט. און אַרומ־נעמענדיק אים פאַרן האַלדז, האָט זי זיך צוגעטוליעט צו אים מיטן פּנים. די שרעק־לעכע אַנטדעקונג האָט זי שטאַרק אויפגערעגט. זי האָט זיך זייער צעקלעמט און ביטער טרייסטלאָז זיך פונאַנדערגעוויינט.

עטלעכע מינוט זײַנען אַריבער אין שווײַגן. דאָס מײדל האָט אױפֿגעהערט צו װײנען, נאָר צײַטנװײַז שטיל געכליפּעט. מיט פֿאַרטרערטע אױגן האָט זי געזען װי די זון פֿאַרגײט הינטער דעם שװאַרצן פּאַס פֿון האָריזאָנט. נאָכאַמאָל האָט אַ פֿינקל געטאָן אַ גאָלדענער ראַנד פֿון דער פֿײַערדיקער קױל. באַלד האָבן אַ שפּריץ געטאָן אַ צװײ־דרײַ הײסע פֿונקען און דער װאַלד האָט זיך צונױפֿגעגאָסן אין אײן בלאָלעכן פּאַס.

פֿון טײַך האָט געגומען ציען אַ לײַכטע קעלט און די פֿרידלעכע שטילקײט פֿון דעם קומענדיקן אָװנט האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אױף דעם בלינדנס פּנים. פּעטריק איז געזעסן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, װײַזט אױס, פֿאַרװוּנדערט פֿון דעם מיטגעפֿיל, װאָס דאָס מײדל האָט צו אים אַרױסגעװיזן.

— עס פֿאַרדריסט מיר אַזױ!—האָט זיך דאָס מײדל גענומען פֿאַרענטפֿערן און אָנגעהױבן רײדן פֿון אַנדערע זאַכן, װעגן װעלכע מ׳האָט געקענט רײדן רויִק.

— די זון איז פֿאַרגאַנגען!—האָט זי פֿאַרטראַכט געזאָגט.

— איך װײס ניט, װי אַזױ זי זעט אױס—האָט ער טרױעריק געענטפֿערט. — איך קען זי נאָר... פֿילן...

— דו װײסט ניט װי די זון זעט אױס?

— נײן!

— און די מאַמען דײַנע קענסטו?

— די מאַמען קען איך, פֿונדערװײַטן דערקען איך שטענדיק איר גאַנג.

— יאָ, יאָ, דאָס איז אמת, איך דערקען מײַן מוטער אױך מיט פֿאַרמאַכטע אױגן. דאָס געשפּרעך איז געװאָרן רויִקער.

— דו װײסט—האָט פּעטריק זיך אָפּגערופֿן אַביסל אױפֿגעמונטערט — איך פֿיל דאָך די זון און װײס, װען זי גײט אונטער.

— װי אַזױ װײסטו דאָס?

— דערפֿאַר... פֿאַרשטײסטו, װײַל, װײַל... איך װײס אַלײן ניט װי אַזױ.

אָ—אָ! האָט דאָס מײדעלע אױסגערופֿן װי גאַנץ באַפֿרידיקט מיטן ענטפֿער. בײדע זײַנען אַנטשװיגן געװאָרן.

— איך קען שױן לײענען—האָט דער ערשטער װידער גענומען רײדן פּעטריק— און אינגיכן װעל איך זיך אױסלערנען שרײַבן אױך...

— װי אַזױ?—האָט זי אָנגעהױבן פֿרעגן און באַלד שעמעװדיק אַנטשװיגן געװאָרן, ניט װעלנדיק רײדן װעגן זײַן מום. ער האָט זי אָבער פֿאַרשטאַנען.

איך לײען אין מײַן בוך—האָט ער דערקלערט—מיט די פֿינגער.

— מיט די פֿינגער? איך װאָלט זיך קײנמאָל ניט אױסגעלערנט לײענען מיט די פֿינגער. איך לײען מיט די אױגן אױך שלעכט.

— איך קען שױן לײענען אַפֿילו פֿראַנצױזיש!

— פֿראַנצױזיש? אױך מיט די פֿינגער? אָהאָ!—האָט זי אױסגערופֿן אַן אַנטציקטע...

—װײסט, פּעטרוס, איך האָב מורא דו זאָלסט זיך ניט פֿאַרקילן—האָט זי צוגעגעבן— אױפֿן טײַך איז אַ גרױסער נעפּל.

— און דו?

— איך האָב קײן מורא ניט.

— איך אױך ניט! צי דען קען אַ מאַנסביל גיכער זיך פֿאַרקילן פֿאַר אַ פֿרױ?

דער פעטער מאַקסים זאָגט, אַז אַ מאַנסביל דאַרף זיך פאַר קיין זאַך ניט שרעקן, ניט פאַר הונגער, ניט פאַר קעלט, ניט פאַרן דונער, ניט פאַר וואָלקנס.

— מאַקסים? דאָס איז דער, וואָס אויף די קוליעס? איך האָב אים געזען. ער וואַרפט אַרויף אַזאַ שרעק!...

— ניין, מע דאַרף זיך פאַר אים ניט שרעקן, ער איז אַ גוטער.

— ניין, ער איז שרעקלעך! האָט זי איבערגעחזרט — דו ווייסט ניט, ווייל דו האָסט אים ניט געזען.

— איך ווייס גאַנץ גוט, ער לערנט דאָך מיט מיר.

— און שלאָגט?

— קיינמאָל ניט, ער שרייט אַפילו ניט, קיינמאָל ניט.

— דאָס איז גוט. אַ בלינדן ייִנגל טאָר מען דאָך ניט שלאָגן. ס׳וואָלט דאָך זיין אַן עבֿירה.

— ער שלאָגט קיינעם ניט.

די לעצטע ווערטער האָט ער אַרויסגערעדט ניט דייטלעך, ווייל זיין שאַרפער אויער האָט דערהערט יאָכימס טריט.

באַלד האָט זיך באַוויזן יאָכימס הויכע פיגור און זיין קול האָט זיך פונאַנדער־געקײַקלט אין דער שטילקייט פון אָוונט:

— פעע—טרוס!

מע רופט דיך—האָט געזאָגט דאָס מיידל זיך אויפהייבנדיק.

— יאָ, אָבער מיר וואָלט זיך ניט וועלן גיין.

— גיי, גיי, איך וועל מאָרגן צו דיר ווידער קומען. איצט וואַרט מען אויף דיר און אויף מיר אויך.

---

דאָס מיידל האָט געהאַלטן וואָרט און איז געקומען נאָך פריער ווי פעטריק האָט געוואַרט. אויף מאָרגן, זיצנדיק ביי זיך אין צימער מיט מאַקסימען ביי דער לעקציע, האָט ער פלוצלונג אויפגעהויבן דעם קאָפּ, זיך גענומען צו עפּעס צוהאָרכן און האַסטיק אַ זאָג געטאָן צום לערער:

— לאָז מיך אָפּ אויף אַ מינוט, דאָרט איז געקומען דאָס מיידל.

— וואָס פאַר אַ מיידל? — האָט זיך מאַקסים פאַרוווּנדערט און איז נאָכגעגאַנגען נאָכן ייִנגל צו דער טיר.

די נעכטיקע באַקאַנטע איז ווירקלעך נאָרוואָס אַרייַנגעקומען אין טויער, דערזעענדיק אויפן הויף בעטריקס מוטער, איז זי פריי צו איר צוגעגאַנגען.

— וואָס דאַרפסטו, ליבע מיידעלע? — האָט די פרוי געפרעגט, מיינענדיק, אַז מ׳האָט זי נאָך עפּעס געשיקט.

דאָס מיידל האָט איר ווי אַ דערוואַקסענע דערלאַנגט די האַנט און געפרעגט: — דאָס האָט איר אַ בלינדן ייִנגעלע?... יאָ?

— איך, טייערינקע, יאָ — האָט די פרוי געענטפערט, זיך שפּיגלענדיק אין אירע קלאָרע אויגן.

— איר ווייסט, מיין מאַמע האָט מיר דערלויבט צו גיין צו אים. קען איך אים זען?

אין דער מינוט איז פעטריק אַליין אַרויסגעגאַנגען צו איר און אויפן גאַניק האָט זיך באַוויזן מאַקסימס פיגור.

— מאַמע, דאָס איז די נעכטיקע מיידעלע. איך האָב דאָך דיר דערציילט — האָט דאָס ייִנגל געזאָגט, באַגריסנדיק די חבֿרטע — איך האָב אָבער איצט אַ לעקציע.

— דער פעטער וועט דיך דאָסמאָל פריי לאָזן — האָט די מוטער זיך אָפּגערופן — איך וועל אים בעטן.

די קליינע איז דערווייל צוגעגאַנגען צום פעטער מאַקסים, אויסגעשטרעקט אים אַ האַנט און מיט אַ צופרידענער שטימע זיך געווענדעט:

— דאָס איז זייער שיין פון אייער זייט וואָס איר שלאָגט ניט דעם בלינדן ייִנגל, ער האָט מיר דערציילט.

— ווירקלעך, מיין געערטע? — האָט מאַקסים געפרעגט, דריקנדיק דאָס הענטל פון דעם מיידל מיט זיין ברייטער האַנט — איך בין זייער דאַנקבאַר מיין שילער, וואָס ער האָט מיך פאַרלויבט פאַר אייך און געמאַכט איך זאָל געפינען חן אין אייערע אויגן...

וולאַדימיר קאָראָלענקאָ.



# דאָס פייגעלע.

זאָגט דאָס פייגעלע: „טשיר טשיר!“
רעדט זיך אויס דאָס האַרץ פאַר מיר:
„עלנט בין איך דאָ אין שטײַג,
בענק איך נאָך אַ הויכן צווייג,
בענק נאָך הימל, בענק נאָך לופט,
און דער ווייטער וואַלד מיך רופט...
כ'זע אַ פויגל דרויסן פליט,
וויל איך פליען, קען איך ניט.
שרײַ איך, רוף איך! טשיר טשיר טשיר!
הערט זיך קיינער צו צו מיר...“

— „האָסטו גאָר קיין מאַמען ניט?“
— „ערגעץ ווייט מיין מאַמע פליט“...
— האָסטו ניט אַזוי ווי איך
חבֿרטעס צו שפּילן זיך?
— כ'בין אַליין דאָ טאָג און נאַכט,
פון די דראָטן שטרענג באַוואַכט
קוק איך פון דעם שטייג אַרויס —
איז דער דרויסן זייער גרויס...
און איך מוז אין ענגשאַפט זיין,
איינגעשפּאַרט אין שווערן פּיין“.

און עס בעט מיך: „טשיר טשיר טשיר! —
עפן אויף פאַר מיר די טיר!“
קריך איך אויפן טיש אַרויף,
עפן איך דאָס טירל אויף.
זאָגט עס פריילעך: „טשיר טשיר טשיר“
פון מיין האַרצן דאַנק איך דיר!“
— פלי געזונט דאָרט אין דער הויך
און געריס דיין מאַמען אויך!
פליט עס נאָכדעם ווייט און פרײַ,
פליט די וואָלקנדלעך פאַרבײַ.

ווערט עס ווי אַ פינטל קליין,
ביז איך קען עס מער ניט זען,
ס'פליט אין הימל גלייך אַריין,
אַ נשמה מוז עס זיין...
גאָט וועט אין די אָרעמס איר
כאַפּן פונקט ווי מאַמע מיר,
און מיר וועט ער פאַר אַ דאַנק
געבן פליגל אַ געשאַנק,
וועל איך אין די הימלען אויך
פונקט ווי פויגל פליען הויך.

לאה האָפמאַן.



# אין דער קאָלאָניע.

## לייבעלע בענקט.

עפּעס איז אַלץ אַזוי מאָרנע, אַזוי ניי. עפּעס אַזוי נישט ענלעך צו דער גענשע, קראָכמאַלנע און סמאָטשע גאַס.

אַ קליין הייזל אין וואַלד. נישטאָ קיין הויף, נישט קיין רינשטאָק. עפּעס אויס־טערלישעביימער—נישט מיט קיין בלעטער, נאָר מיט נאָדלען. די בעטן שטייען נישט ביי דער וואַנט, נאָר שורות־ווייז, און נישט—אין קיין קליין שטיבל, נאָר אין אַ גרוי־סער, גרויסער שטוב, ענלעך צו יענע, ווו מע מאַכט חתונות. אויף מיטאָג האָט מען געגעבן עפּעס אַן אויסטערלישע, גרינע זופּ, און נאָך מיטאָג—מילך. היטלען פון לייוונט און שעלקעס צו די הויזן. אויסדערנאַכט וואַשט מען די פיס אין אַ לאַנגער, בלעכענער מולטער. שלאָפן דאַרף מען איינער אַליין אין אַ בעט, אויף אַ קישעלע אָנגעשטאָפּט מיט שטרוי. ביינאַכט זיינען גאָר די פענצטער אָפן. אַ גנב קאָן נאָך אַריינקריכן.

און דער טאַטע מיט דער מאַמען זיינען אַזוי ווייט.

האָט טאַקע לייבעלע רעכטלעבן באַלד אין ערשטן אויפדערנאַכט זיך צעוויינט.

אמת, נישט לאַנג האָט געדויערט דאָס וויינען, וואָרן ווי אַזוי ווערט מען נישט אַנטשלאָפן נאָך אַזאַ טאָג און נאָך אַזויפיל וווּנדערלעכע געשעענישן?

צומאָרגנס אָבער, ווען ס'איז געבליבן אַ ביסל פרייע צייט. האָט לייבעלע ווידער אָנגעהויבן וויינען.

— כ'וויל אַהיים.

פאַרוואָס וויל לייבעלע אַהיים? אפשר איז ער הונגעריק? ניין, ער איז נישט הונגעריק.—אפשר איז אים קאַלט?—ניין, ס'איז אים נישט קאַלט.—אפשר האָט ער מורא אַליין צו שלאָפן?—אויך נישט.—אפשר האָט ער אינדערהיים מער שפּילעכלעך? ניין. קיין שפּילעכלעך האָט ער אינגאַנצן נישט.

לייבעלע ווייסט, אַז דאָ איז גוט. ס'האָט אים דערציילט זיינס אַ שוועסטערקינד און די קינדער פון הויף. נאָר אינדערהיים איז דאָך די מאַמע.

נו גוט: לייבעלע פאָרט אַהיים, נאָר ערשט מאָרגן, וואָרן היינט איז שבת און שבת טאָר מען נישט פאָרן.

זונטיק אָבער האָט לייבעלע אויך נישט געקאָנט פאָרן. ס'איז נישט געווען קיין פורל. מאָרגן אָבער וועט ער שוין געוויס פאָרן.

צומאָרגנס האָט שוין לייבעלע נישט געוויינט, נאָר אַהיים פאָרן האָט ער ווייטער געוואָלט.

— גוט, נאָך מיטאָג וועסטו פאָרן. וואָס וועט אָבער זיין? די מאַמע וועט דאָך האָבן עגמת־נפש.

— פאַרוואָס וועט די מאַמע האָבן עגמת־נפש?

— ווייל זי וועט מוזן באַצאָלן פאַרן פאָרן.

און גראָד האָט דער טאַטע נישט קיין אַרבעט—דער מייסטער איז אַוועקגעפאָרן,— און די מאַמע איז קראַנק, ווייל ס'איז געבוירן געוואָרן אַ קליין שוועסטערל און דער דאָקטאָר האָט אַ סך געלט צוגענומען.

לייבעלע האָט טיף אָפּגעזיפצט און מַסכּים געווען צו שפּילן אין דאָמינאָ.

אויפדערנאַכט האָט לייבעלע ווידער אָנגעהויבן אַ ביסל צו וויינען. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז אויפן וואָקזאַל אין וואַרשע האָט ער געהאַט אַ נייעם קאַפּעליוש, האָט דער טאַטע געוואָלט דעם קאַפּעליוש אַהיים נעמען. ווייזט אויס, אַז דער טאַטע האָט אים פאַרלוירן. און דער קאַפּעליוש האָט געקאָסט אַ גאַנצן האַלבן רובל.

פון גרויס צַעַר האָט לייבעלע גענומען דיקטירן אַ בריוו אַהיים, אַז ער וויינט נישט, אַז ער וויל נישט אַהיים קומען, אַז ער בענקט גאָרנישט, ווייל ער וויל זיין געזונט, און דער טאַטע זאָל זיך נישט מצַער זיין. דער עיקר אָבער, וואָס איז געוואָרן מיטן נייעם קאַפּעליוש?

דער טאַטע האָט געענטפערט, אַז דעם קאַפּעליוש האָט ער נישט פאַרלוירן און אַז ער וועט אים מיטברענגען אויפן וואָקזאַל.

לייבעלע האָט אַסך מאָל גענומען דעם בריוו און האָט אים צוריקגעגעבן צו באַהאַלטן; און האָט שוין אינגאַנצן אויפגעהערט צו קלייבן זיך אַהיים, ווייל וואָס אַ טאָג איז אים דאָס דאָרף מער געפעלן.

איינמאָל נאָך האָט לייבעלע געהאַט גרויס עַגמַת־נֶפֶש: ער האָט פאַרלוירן דאָס טיכל פון דער נאָז. ווי אַזוי האָט ער עס נישט געקענט פאַרלירן, אַז ער האָט געהאַט אַ פולע קעשענע מיט שישקעס און מיט שטיינדלעך? נאָר דאָס טיכל איז אינגיכן געפונען געוואָרן.

און נאָך אַמאָל איז לייבעלע געווען פאַרזאָרגט, נאָר דאָסמאָל איז ער שוין אַליין שולדיק געווען. ער האָט געפייפט און צוגעקנאַקט מיט די פינגער אויפדערנאַכט אין שלאָפזאַל.

צומאָרגנס, ביים אָנבײַסן, ווען מע האָט געפרעגט, ווער ס׳האָט נעכטן ביינאַכט געפייפט, האָט זיך לייבעלע גלייך מוֹדֶה געווען.

— און כ׳האָב געקנאַקט מיט די פינגער — האָט ער צוגעגעבן און געוויזן, ווי אַזוי ער האָט עס געטאָן.

לייבעלע האָט זיך אָפּגעבּרענט אויף דער זון און ס׳איז אים צוגעקומען גאַנצע זַייי פונט; און ווען ער איז סוף־כָּל־סוף אַהיים געפאָרן, האָט ער צוגעזאָגט, אַז איבער־איאָר וועט ער ווידער קומען און וועט שוין קיין איין מאָל נישט וויינען.

י. קאָרטשאַק.



# ווען וועט זיין מאָרגן?

מאַמע האָט געזאָגט, אַז מאָרגן
וועט זי אויספּוצן מיך פֵיין.
פֿ־רעג איך פאַפּאַ, ווען איז מאָרגן,
אוּן אויך ווען וועט נעכטן זיין?

„נעכטן איז געווען נעכטן״ —
זאָגט דער פּאַפּאַ און ער לאַכט:
„מאָרגן קומט, ווען דו, מיין קינד,
וועסט איבערשלאָפן גוט די נאַכט.״

בין איך גוט בײַנאַכט געשלאָפן
און די זון אין פענסטער
שײַנט;
גיי איך צו דעם פּאַפּאַ פרעגן:
„פּאַפּאַ, ס'איז שוין מאָרגן הײַנט?"

קושט מיך שטאַרק מיין גוטער
פּאַפּאַ,
און ער נעמט מיך אין זיין שויס;
אויב ס'איז שוין געוואָרן מאָרגן,
זאָגט דער פּאַפּאַ מיר ניט אויס.

לאה האָפמאַן.



# די פעסטונג.

דאָרטן, ווו עס קלייבן זיך צונויף הונדערט פופציק ייִנגלעך, דאָרטן מוז שוין זיין אַ מלחמה, דאָרט, ווו עס קומט פאָר אַ מלחמה, מוז מען האָבן אַ פעסטונג..

די אַלטע פעסטונג איז אַ קליינע און אַ נידעריקע. איצט וועט מען אויפבויען פיר נייע זייטיקע באַפעסטיקונגען. מע וועט אויך מאַכן אַ גוטן שפּיטאָל, אַ לאַגער פאַר געפאַנגענע און קאָפּעס פאַר די אַבאָזן. מע וועט אויפשיטן צוויי הויפּט=בערג, וועלכע זאָלן פאַרטיידיקן דעם צוגאַנג צו דער פעסטונג. די צוויי הויפּט=בערג מוזן זיין לכל הפּחות צו 4 איילן די הייך.

מיר האָבן צוועלף לאָפּעטעס. די ערד=גרעבער נעמען אַראָפּ פון זיך די בלוזקעס, פאַרקאַשערן די אַרבל און שטעלן זיך צו דער אַרבעט. אַלע צען מינוט ווערן געביטן די אַרבעטער.

דער מזיק קאָרצאַזש מיטן עלטערן פרייסמאַן אַרבעטן ביי דער ערשטער באַפעסטיקונג. הערצמאַן מיט פרידזאָנען און פלאָצקי מיט קאַפּלאַנען אַרבעטן מיט צוויי לאָפּעטעס ביי דער צווייטער באַפעסטיקונג. גראַזאָווסקי, מאַרגאָליס, ראָשער און שידלאָווסקי—גראָבן די פעסטונג גופא.

די ייִנגערע און שוואַכערע ייִנגלעך בויען די ווינציקער וויכטיקע זייטיקע פאָרטן, דער קוליאַווער ווייִנרייך גיט אַכטונג אויף דער לינקער זייט פון דער פעסטונג און ער זעט, אַז בעדער זאָל זיך ניט צעשלאָגן מיט די חברים. בעדער קען דאָס טאָן אַפילו ביי דער אַרבעט.

די פורן האָט געמאַכט יוזעף. ער האָט צעשניטן אַ ברעט אויף חלקים, דורכגעלעכערט און אַריינגעצויגן אין די ברעטלעך שטריק. די פורן זיינען געווען ניט קיין שיינע, אָן רעדער, אָבער פעסטע. די קעכין האָט אויך געגעבן עטלעכע פעסלעך אויף זאַמד.

אַלע שישקעס ווערן דערווייל צונויפגעבראַכט אין איין אַלגעמיינער גרוב. שפּעטער וועט מען זיי צעטיילן אויף צוויי גלייכע טיילן צווישן ביידע קעמפנדיקע מחנות.

פון דאָרף זיינען געקומען דער קליינער יאַשעק מיט זאָסיען און מאַניען און מיט דעם וויס=האָריקן סטאַך. זיי העלפן צונויפקלייבן די שישקעס.

— איינס, צוויי!... איינס, צוויי!...

— לעבעדיק!...

אהין, וווּ די אַרבעט ווערט געטאָן לאַנגזאַם, גייט צוהעלפן אַ נייע פּאַרטיע אַרבעטער.

עס הערט זיך דער קול פון טרומייטער און פאַר דער אַרבעט מיט די לאָפּעטעס נעמט זיך די צווייטע ריי.

דער זאַמד ווערט צונויפגעמישט מיט שטיינדלעך און אײַנגעטראָטן. די ריכטונג, די ברייט און לענג פון די גראָבנס ווערט אָנגעוויזן דורך אָנגעצויגענע שטריק, וועלכע זײַנען אָנגעבונדן אָן דרענגלעך, וואָס ווערן אַרײַנגעשטעקט אין דר׳ערד. אַ לאַנגע ברעט דינט אויף צו פאַרגלײַכן די אָנגעשאָטענע בערגלעך. מע טוט אַ פּאַטש, אַ פּליאַש מיט דער ברעט און מע ציט זי גלייך אַראָפּ פון אייבן אַרונטער. זי שנײַדט דעם זאַמד, ווי מיט אַ שאַרפן מעסער. אין אַ צווייטער זייט טאָפּטשעט מען אײַן דעם זאַמד מיט באָרוועסע פיס.

הײַנט איז נאָר די הַתְחָלָה פון דער אַרבעט. די אַרבעט וועט פאַרטיק ווערן אַוודאי אין צוויי וואָכן אַרום.

— איינס! צוויי!

— איינס! צוויי!

די לאָפּעטעס הייבן זיך אויף אַלע גלײַך און לאָזן זיך אַראָפּ אַלע גלייך.

— האַלט!... רו!...

עס פאָרט צו דער לעצטער טראַנספּאָרט שטיינער; אין גרוב וואַרפט מען אַרײַן דעם לעצטן הויפן שישקעס—די אַמוניציע. איצטער טוען זיך די קינדער ווידער אָן די בלוזקעס, זעצן זיך אַרום דער פעסטונג און הערן אַ אינטערעסאַנטע מַעֲשֶׂה—וועגן אַ יונגן איטאַליענער.

באַלד איז שוין פיר אַ זייגער, די אַרבעטער שטעלן זיך פאָרוויז מיט די אַרבעט־מַכשירים אויפן אַקסל און מע קערט זיך אום אַהיים מיט אַ פריילעכן מאַרש. די דעזשורנעס טראָגן אַרויס אויף דער וועראַנדע שיסלען מיט וואַסער, אַרומצווואַשן די הענט, און האַנטיכער.

נאָך דער אַרבעט עסט זיך מיט אַפּעטיט.

אָוונט־צו האָט זיך אָנגערוקט אַ שטורעם.

באַלד נאָכן בליץ איז געקומען דער דונער. דער וואַלד האָט אָפּגעענטפערט מיט אַ ווידערקול. די שויבן פון שלאָפצימער ציטערן. דער ווינט קלאַפּט שטאַרק אין די פענסטער מיט די גרויסע רעגנטראָפּנס.

די יינגלעך האָבן געווּיס מוֹרֶא: דער שטורעם אין וואַלד איז שרעקלעך. נאָר זיי שלאָפן אײַן גאַנץ רויִק. זיי ווייסן, אַז אין דער קאָלאָניע קען זיך ניט טרעפן מיט זיי קיין בייז.

אויף מאָרגן האָט ווידער געשײַנט די זון.

דער גוס רעגן האָט אַביסל אָפּגעשווענקט די אויפגעשאָטענע בערג, ער האָט אָבער אויך זיי שטייפער געמאַכט. גאָר די קלענסטע יינגלעך באַקומען אויך לאָפּעטעס און זיי אַרבעטן אונטער דער הַשְׁגָחָה פון די גרעסערע. קאָרצאַזש גיט אַכטונג אויף די קליינע ווייך, פּראָם און פישביין. פרידזאָן גראָבט צוזאַמען מיטן הוסטנדיקן ביי־מייסטער, צו הילף קומט רויטבערג און קוליק.

עס איז געקומען אין קאָלאָניע אַ מאַמע מיט אירן אַ בלייכן יינגל. זי וווּנדערט

זיך, וואָס די קינדער, גיט קוקנדיק אויף דער שווערער אַרבעט פון בויען די פעסטונג זיינען דאָך פריילעך.

און די קאָלאָניסטן זיינען פריילעך צוליב דעם, וואָס זיי שלאָפן אויף שטרוי, טרינקען מילך, דער וואַלד איז אַזאַ מחיהדיקער און עס לייכט די זון...

אין אַ וואָך אַרום האָבן זיך שוין ווייט אַרויסגערוקט די ערד=אַרבעטן.
מע האָט געמוזט אָנהייבן טראַכטן וועגן מאַכן וועגן.

דער וועג ציט זיך ביזן שאָסיי. ער איז צעמישט מיט שטיינער און ביי די זייטן זיינען אָנגעשטעקט שטיינדלעך. ציקאָר איז דער וועג=וועכטער, ער האָט אַ שוואַך האַרץ און ער קען ניט לויפן. דער לאָקאָמאָטיוו איז צדוק געוויסגאָלד, ווייל ער פייפט ווי אַן אמתער לאָקאָמאָטיוו.

עס האָט זיך צונויפגעקליבן אַ גרויסער בוי=מאַטעריאַל. עס איז מעגלעך, עס זאָל אַמאָל פאָרקומען אַ שריפה, קלייבט מען צונויף אַ חברה פייערלעשער.

די היטלען פאַר די פייערלעשער ווערן געמאַכט פון נאָזטיכלעך. יעדער אָפּטיילונג באַקומט אַ פאָן, אַ טרומייטער. עס איז דאָ אַ לייטער, אַ טאַטשקע, שטריק. מע דאַרף האָבן אַ לאַנגע קישקע, „אַ שלאַנג". עס איז אָבער ניטאָ קיין גומענע, ווערט דאָס פאַרביטן מיט אַ לאַנגן צעדרייטן וואָרצל.

מע האָט אויסגעבויט אויפן מיטן פעלד אַן אויוון מיט אַ הויכן קוימען פון שטיינער, מע האָט דאָרט אָנגעטראָגן טרוקענע האָלץ און געמאַכט אַ שריפה אויף טשיקאַוועסט.

די פינף אָפּטיילונגען פון די פייערלעשער האָבן פאַרנומען פינף באַזונדערע ווינקלען אין פאַרשיידענע עקן. יעדער אָפּטיילונג—אונטער אַ בוים, און אויפן בוים—דער שומר.

דער רויך האָט זיך באַוויזן פון קוימען, עס ברענט דער טרוקענער האָלץ. עס לויפן אַרויס די פייערלעשער—פראַגער אָפּטיילונג, מיראָוואָסקער, נאַלעווקער. פאָרויס—די פייערלעשער העקער, די לויפן מיט די העק, מע פירט די ערשטע פעסל וואַסער, אין די האָלאָבלעס זיינען איינגעשפּאַנט פיר היציקע יינגלעך.

די פּאָליציאַנטן טרייבן פונאַנדער די נייגעריקע ליידיקגייער.

— שטופּט זיך ניט!.. צוריק!.. וואָס דאַרפט איר?...

אַקוראַט ווי ביי אַן אמתער שריפה.

י. קאָרטשאַק.





# אין שטעטל.

טונקל רויט גייט אויף די זון
און צינדט אָן דעם הימל.
ס'רוט דאָס קליינע שטעטעלע
אײַנגעהילט אין דרימל.

לענגער, דוכט זיך, איז די גאַס
און די הייזלעך קלענער.
הייזעריק, פאַרשלאָפענע
קרייען ערגעץ הענער.

טרו=טרו=טרו, דער פאַסטוך קומט
בלאָזנדיק אין האָרן—
איז די שלאָפנדיקע גאַס
פריילעכער געוואָרן.

גייען בהמות שוין אין פעלד,
וואַרפן מיט די עקן,
טרייבט אַ יידינע איר ציג
מיט אַ לאַנגן שטעקן.

גייט אַ פויערטע צום טייך
אָנפילן די עמער.
גייט אַ ייד אין שול אַריין—
און אין קראָם דער קרעמער.

נחום י.



# דאָס געריכט.

—ער שלאָגט זיך—שיט זיך מיט זאַמד—צוגענומען די לעפל—לאָזט ניט שפּילן—ער שטופּט זיך—ער שטערט—זעט נאָר!..

דאָרטן, ווו עס קלײַבן זיך צונויף הונדערט פופציק ייִנגלעך, מוזן זיין אַלע טאָג דרייסיק קריגן, פינף געשלעגן; ווו עס קומען פאָר קריג און געשלעגן, דאָרט מוז זײַן אַ געריכט. דאָס געריכט מוז זיין ערלעך, צו אים דאַרף מען האָבן צוטרוי און דֶרֶך־אֶרֶץ. אַזאַ געריכט איז געווען בײַ אונדז אין מיכאַילאָווקע.

ריכטער זײַנען געווען צוויי, אויסגעקליבענע דורך אַן אָפּשטימונג. די אָפּשטימונג פלעגט פאָרקומען איבעראַנײַס יעדע וואָך.

די זיצונגען פון געריכט זיינען פאָרגעקומען אין וואַלד אָדער אויפן ווערענדע. די ריכטער זיינען געזעסן אויף שטולן ביים טיש. די באַשולדיקטע און עֵדות זיינען געזעסן אויף אַ לאַנגער באַנק. דער עוֹלָם איז געשטאַנען פון הינטן. דער אויפזעער איז געווען דער באַשולדיקער. עס זיינען אויך געווען פאַרטיידיקער. נאָכן אויסהערן און אויספרעגן פלעגן די ריכטער אָוועקגיין זיך באַראַטן. נאָכדעם ווערט דורך אַ קלונג געגעבן צו וויסן, אַז עס ווערט פאַרעפנטלעכט דער פּסַק.

* * *

פישביין האָט געוואָרפן אַ שטיין אין אָלשינען און אים צעשלאָגן די פוס, נאָר ניט זייער שטאַרק. דאָך האָט אָלשין געוויינט.

— האָסטו געוואָרפן אַ שטיין אויף אָלשינען?

— ניין.

—מענטשן האָבן דאָך געזען, ווי אָלשין האָט זיך געהאַלטן ביים פוס און האָט געוויינט.

— ניט אֶמֶת. איך האָב ניט געוואָרפן און אָלשין האָט ניט געוויינט...

עס הייבט זיך אָן די אויספאָרשונג פון די עֵדות. דאָס געריכט איז מַזהיר, אַז פאַר אַ ליגן וועט מען שטרענג באַשטראָפט ווערן. עס ווערט פעסטגעשטעלט די צייט און אָרט פון פאַרברעכן, די צאָל און פאַמיליעס פון די עֵדות.

די אויספאָרשונג באַווייזט, אַז פישביין האָט אָן קיין שום סִיבָּה געוואָרפן אויף אָלשינען שישקעס און קליינע שטיינדלעך.

—האָסטו געוואָרפן אויף אים שישקעס?

— יאָ, שישקעס האָב איך געוואָרפן.

— פאַרוואָס?

— איך האָב געהאַט אַ סך שישקעס און ניט געוווּסט, וואָס מיט זיי צו טאָן.

— פאַרוואָס האָסטו ניט אַוועקגעוואָרפן אויף דער ערד?

— ס׳איז געווען אַ שאָד. (דער עוֹלָם לאַכט).

— און צווישן די שישקעס זיינען געוויס ניט געווען קיין שטיינער?

— איך וויים ניט.

דאָס געריכט האָט גענומען אין אַכט די יונגקייט פון פישביינען און אים פאַר־מִשְפָּט נאָר אויף צען מינוט אַרבעט.

* * *

— עס איז געווען אַזוי: איך האָב געבעטן די בעט, האָט ער מיך אַ שטויס געטאָן, האָב איך אים אָפּגעשטויסן. האָט ער געוואָרפן אויף מיר אַ קישן האָב איך אויפגעהויבן די קישן, האָט ער מיר דערלאַנגט אַ קלאַפּ.

— ניט אמת. איך האָב גאָר געבעטן די בעט. האָט ער געוואָרפן אויף מיר די קישן. האָב איך אים אַ שטויס געטאָן און ער האָט מיר דערלאַנגט דעו׳ ערשטער...

— אַך, דו ליגנער...

— ביסט אַליין אַ ליגנער...

— אין געריכט טאָר מען זיך ניט קריגן.

— האָסט געוואָרפן די קישן?

— ער דער ערשטער...

— ענטפער: יאָ, צי ניין?

— יאָ, נאָר ער דער ערשטער...

— זיינען דאָ עדות?..

— אַלע האָבן געזען...

— אַלע האָבן ניט געקענט זען. רופט אָן די פאַמיליעס פון צוויי עדות: ווער איז געשטאַנען נאָענט און אַלץ געזען?

— איך ווייס ניט.

— האָסט אים אַ שטויס געטאָן?

— ווען איך בין געשטאַנען און געבעטן די בעט...

— מיר ווייסן, ענטפער קורץ יאָ, צי ניין?

— ניין!

— אַך, דו ליגנער!

— שטילער! אין געריכט טאָר מען זיך ניט קריגן! די בעטן פון זייביידן זיינען אין איין שורה. צוליב דעם, וואָס עס זיינען ניטאָ קיין עדות, איז ניט מעגלעך פעסטצושטעלן, ווער האָט אַ שטויס געטאָן דער ערשטער, צי איז דאָס געווען בכיוון אָדער אומגערן, צי איז ניט גלייכער שלום מאַכן צווישן זיך, איידער צו וואַרטן אויף אַ פּסק, וואָס וועט מוזן ביידן באַשטראָפן, ווייל ביידע האָבן זיך דאָך מודה געווען, אַז זיי האָבן זיך געשלאָגן.

פאַרשטייט זיך, אַז אויף אַזאַ אופן איז טאַקע גלייכער צו מאַכן שלום.

* * *

אָט איז אַ בלוטיקע געשעעניש, ביי וועלכער עס קען קיין רייד ניט זיין וועגן דורכקומען צווישן זיך.

די מעדיצינישע אונטערזוכונג זאָגט: ביי דעם באַשולדיקטן פלאַשנבערג איז געשוואָלן די רעכטע באַק; אויף איר זיינען דאָ סימנים פון זיבן גראַבן: איין גראַב ביי דער נאָז, איינער—ביים אויער, דריי—אויף דער באַק, צוויי—אויפן מאָרדע. אויסער דעם—צוויי גראַבן אויף דער לינקער האַנט.

ביי דעם באַשולדיקטן זאַקסנבערג אויפן שטערן איז אַ בלויער סיניאַק די גרייס פון צוויי קאָפּיקעס, די נאָז איז צעגראַבעט און אויף דער לינקער באַק איז אַ לאַנגער גראַב.

דעם אָנהייב פון געשלעג האָט קיינער ניט געזען, נאָר די פאָרזעצונג האָבן געזען אַ סך עדות.

ביידע זיינען פאַרמשפּט געוואָרן צו פופצן מינוט אַרעסט.

* * *

שטיפן און טומלען איז צום ליבסטן אינאָוונט בשעת מע לייגט זיך אין די בעטן. עס קען זיין, אַז דאָס איז ניט באַזונדער אָנגענעם, ווייל די אויגן קלעפּן זיך און מע דאַרף שלאָפן. נאָר פאַרוואָס זאָל מען דאָס ניט פּרובירן, ווען דאָס איז פאַרווערט?

אויב דאָס איז שטרענג פאַרווערט און איך וועל הויך אַ פייַף טאָן, אַ געשריי טאָן, מיאַוקען אָדער קרייען, ווי אַ האָן, וועט דער אויפזעער זיך ברוגזן, אָבער אַלע וועלן לאַכן. דער צימער איז אַ גרויסער, בעטן—אַ סך, דער אויפזעער וועט ניט וויסן, ווער עס האָט דאָס געטאָן.

אַזוי האָבן געקלערט די יינגלעך, ביז זיי האָבן זיך איבערצייגט, אַז דער אויפזעער ברוגזט זיך קיינמאָל ניט און פאָרשט ניט, ווער עס האָט געטומלט ביינאַכט. ער פאַרווערט דאָס נאָר דערפאַר, כּדי מע זאָל קענען אויפשטיין זעקס אינדערפרי פריילעכע און מונטערע.

נעכטן איז געווען זייער טומלדיק אין שלאָפצימער. יעדערער ווערט אַרויסגערופן היינט צום געריכט צו ענטפערן, צי האָט ער דאָס ניט געטומלט, געפייַפט, געפּאַטשט מיט די הענט, געזונגען, געמיאַוקעט.

אַלע לייקענען אָפּ. נעכטן האָט מען נאָר געכאַפּט ביים טומל וויצן און פראַגערן.

זיי זיצן אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק.

—זייער שולד איז אַ גרויסע, גאָר אַ גרויסע, זיי האָבן ניט נאָר זיך, נאָר אַלעמען געשטערט שלאָפן. ווי זאָל מען זיי באַשטראָפן? נאָר מע דאַרף קודם קלאָר מאַכן אַן אַנדער פראַגע: צי האָבן נעכטן אין שלאָפצימער געטומלט נאָר די צוויי? ניין, טומלער זיינען געווען אַ סך מער, גאָר אַ סך.

דער פּראָקוראָר האָט אַוועקגעלייגט אויפן טיש דעם פּלאַן פון שלאָפצימער און האָט לאַנגזאַם געזאָגט:

—מע האָט געטומלט ביים פענסטער, וווּ עס שטייען די בעטן פון קאַפּלאַן, בעדער, פּלאָצקי און שידלאָווסקי. דער טומל איז געווען אין די מיטלסטע שורות, וווּ עס שלאָפן וויינרייך, גראַזאָווסקי, סטריק, פּראָם און זאַוואַזניק...

דער טומל איז געווען אין דער ערשטער שורה, וווּ עס שלאָפן פלאַשנבערג, פישביין, ראַטקעל און פליוואַק. מע האָט געפּאַטשט מיט די הענט ביי די בעטן פון אַלטמאַן, לעוו, וואַלבערג און אַדאַמסקי. צום סוף האָט עמיץ געפייַפט דאָרטן, וווּ עס שלאָפן ביימייסטער, זאַקסנבערג און פרעסמאַן. מיר האָבן ביי אַלעמען געפרעגט און קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופן.

דאָ איז דער פּראָקוראָר אַנטשוויגן געוואָרן. אַ סך פון עולם האָבן אַראָפּגעלאָזן די אויגן, עס איז רויט געוואָרן אויך איינער פון די ריכטער, ווען ער האָט דערהערט אָנרופנדיק אויך זיין פאַמיליע.

—פאַרוואָס איז געלונגען נעכטן צו באַמערקן נאָר וויצמאַנען און פראַגערן?— דערפאַר ווייל זיי האָט זיך ניט איינגעגעבן זיך צו באַהאַלטן. פאַרוואָס האָבן זיי דאָס ניט געקענט זיך באַהאַלטן, בעת אַלע אַנדערע האָבן דאָס יאָ געקענט?—דערפאַר ווייל זיי זיינען ניט קיין שטיפערס, אָדער קליינע ניט קיין געניבטע שטיפערס. אפשר האָבן זיי גאָרניט געוווּסט, אַז ביינאַכט טאָר מען ניט שרייַען אין שלאָפצימער. האָבן מיר

איצט דאָס רעכט נאָר זייביידן צו באַשטראָפן?—שולדיק זיינען אַלע, דער גאַנצער שלאָפצימער, אַלע אַכט און דרייסיק, אפילו די, וואָס האָבן ניט געטומלט און האָבן ניט אָפגעהאַלטן דעם חבֿר פון טומלען. איך לייג דעריבער פאָר פרייַלאָזן ווייצן און פראַגערן און באַשטראָפן די גאַנצע גרופּע: גראַזאָווסקי וועט היינט פאַרן שלאָף ניט שפּילן פאַר אַייך אויפן פידל.

דאָס געריכט האָט זיך לאַנג בּאַראַטן און דער פּסק איז געווען אַזאַ:

„ווייצן און פראַגערן באַשטראָפן, גראַזאָווסקי וועט איף נאַכט יאָ שפּילן, ווייל מער וועט שוין קיינער ניט טומלען"

און מע האָט געהאַלטן וואָרט.

י. קאָרטשאַק.



# אוונט-קאָנצערטן.

אויפדערנאַכט, ווען די יינגלעך ליגן שוין אין די בעטן, נעמט גראַזאָווסקי זיין פידעלע, שטעלט זיך אַוועק אין מיטן שטוב און שפּילט עפּעס אויף „אַ גוטע נאַכט".

קיין נאָטן האָט ער ניט מיטגענומען. ער שפּילט אויסווייניק אַ סך ניגונים.

„רוישן פּיכטן אויף די בערגער,

רוישן אין דער וויַיט"...

אַזוי זינגט דאָס פידעלע. אין זאַל איז שטיל, אַלע יינגלעך הערן זיך איין.

בלויז אונטערן פענסטער סוען זיך די סאָסנעס איינע מיט דער אַנדערער און ריידן שטיל צום הימל.

די סאָסנעס האָבן זיך פון גראַזאָווסקין אויסגעלערנט אַ סך, אַ סך ניגונים, און איצינד זינגען זיי מיט זייערע דינע נאָדעלעך אַזוי שטיל, קוים וואָס מע הערט זיי ווילן נישט שטערן דעם פידלער.

לינקס פון דער קאָלאָניע וואַקסט אַן אַלטע, איינגעהויקערטע סאָסנע. אַ סאָסנע—אַ זקנה.

וואָס זי האָט אויסצושטיין פון די יינגלעך!

דאָ זעצן זיי זיך אויף איר, און הוידען זיך, ווי אויף אַ שיף, דאָ מאַכן זיי פון איר אַ באַן. דאָ—אַ פערד, דאָ אַ טורעם פאַר פייער-לעשער און דאָ—אַ פעסטונג.

די סאָסנע אָבער איז קיינמאָל נישט בייז. זי ווייס, אַז אויפדערנאַכט וועט שפּילן דאָס פידעלע, וואָס וועט זי פאַרוויגן אין אַ שטילן רויִקן שלאָף.

און די יינגלעך ליגן און ס'ציטערן ביי זיי די וויעס.

אָט האָט איינער ברייט אויפגעריסן די אויגן, אַ צווייטער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן קישעלע און האַלב-ליגנדיק קוקט ער אויפן שפּילער.

און יעדער איינציקער טראַכט פון עפּעס אַנדערש. נאָר ווען גראַזאָווסקי וויל שוין באַהאַלטן די פידל, בעטן זיי אים—ער זאָל נאָך עפּעס שפּילן, אָדער ער זאָל איבערחזרן דאָס פריערדיקע.

גראַזאָווסקי קאָן ביַי די יינגלעך אַלץ פּועלן: ער מעג קאָפּען ערד, מער ווי אַלע אַנדערע. אים האָט מאַרגאָליס געשענקט אַ שטעקן, וואָס ער האָט געפונען

גייענדיק אין בזשעזשינע־װעלדל אַריין, און אַפּילו די ריכטער האָבן אויך אַרויסגעגעבן אַ פֿאַלשן פּסק־דין, װען העשל גראָזאָװסקי האָט זיך איינמאָל פֿאַרשולדיקט.

אַלע װילן גיין מיט אים צו דער פּאָר. העשל אָבער קאָן בּכלל נישט גיין צו דער פּאָר: תּמיד האַלט ער אין איין זוכן געלע בלומען אויף לאַנגע שטענגלעך.

איינמאָל האָט אים אַ מיידעלע געשענקט אַ צווייגל יאַשמין; אַ צווייט מאָל האָט אים אַ פֿויער געלאָזט אָפּרייסן אַ ביגטל ווייסע און אַ רויטע מאָנבלום פֿון גאָרטן.

די ווייסע האָט ער אַריינגעלייגט אין אַ שיסעלע צווישן בלומען, און די רויטע מאָנבלום האָט ער אַזוי לאַנג געטראָגן, ביז די בלעטלעך האָבן אָנגעהויבן אָפּפֿאַלן.

אויסער דעם פֿידלער פֿאַרמאָגן מיר נאָך אויף דער קאָלאָניע דריי אייגענע זינגער. אויך זיי זינגען יעדן אויפֿדערנאַכט, איידער די קינדער גייען שלאָפֿן.

דאָס געזאַנג שווימט נידעריק, ביי דער סאַמער ערד, אַזוי ווי אַ שוועלבל, וואָס פּרוּווט ערשט דעם כּוח פֿון אירע פֿליגל.

פּלוצלונג אָבער גיט עס זיך אַ הייב אויף ערגעץ אונטער די וואָלקנס און ציטערט לאַנג, לאַנג אין דער טונקלקייט פֿון הימל.

דערנאָך קומט עס צוריק אַראָפּ—שטיל, מיד און ווערט אַנטשלאָפֿן.

—ווי שיין דער ניגון איז—ריידן צווישן זיך די סאָסנעס—אָבער פֿאַרוואָס פֿאַרשטייען מיר נישט זיינע ווערטער.

—ווייל ס'איז אַן אַלטער, יידישער, אַלטער ניגון, אַ ניגון, וואָס איז באַשאַפֿן געוואָרן מיט טויזנטער יאָרן צוריק.

ווען די דריי זינגערס אונדזערע: פּרעסמאַן, ראָזנצווייג און פֿריד־זאָן זינגען צוזאַמען, דאַכט זיך, אַז נישט דריי זינגען, נאָר איינער. אַזוי גיסן זיך צונויף אַלעמענס שטימען.

דער רום פֿון די אָוונט־קאָנצערטן האָט זיך ווייט צעטראָגן איבער דער וועלט. עס ווייסט פֿון זיי די דינערשאַפֿט פֿון הויף, דער פּריץ און ס'גאַנצע דאָרף.

דעריבער זיינען אונטערן פֿענסטער שטענדיק פֿאַראַן צוהערער.

דאָ שטייען יוזעף און דער אַלטער ר' אַבֿרהם, און די פֿאַראָבקעס און די שיקסלעך און די אַלטע סאָסנע—די זקנה.

—אויף היינט וועט שוין זיין גענוג, אַ גוטע נאַכט, קינדער!

—אַ גוטע נאַכט!...

י. קאָרטשאַק.

# א פרילינג־טאַנץ.

שווימט די זון אין בלויען הימל,
קוקט מיט פֿרייד אויף אַלץ אַראָפּ:
אין דער לופֿט טאַנצט אום דער פֿרילינג,
קושט די זון זיין גאָלדן קאָפּ.

רופֿט ער אַלע פֿון די הייזער:
„ס'איז מיין יום־טובֿ קומט אַרויס!"
און באַגעגנט מיט אַ שמייכל,
גריסט מיט ליבע, קליין און גרויס.

שוויבלען מענטשן אין די גאַסן,
שוויבלען פאַרבן הער און הין,
טאַנצט דער פריילינג מיט די ווינטן,
אין אַ שלייער העל און דין.

רופט אַרויס פון שול די קינדער,
שענקט אויף יעדע באַק אַ בלום,
און באַפליגלט זיי די פיסלעך,
טאַנצן זיי מיט אים אַרום.

שליסן הענטלעך זיך צוזאַמען,
ווערט פון קינדערלעך אַ ראָד,
כאַפּן זיי דעם פריילינג־שלייער,
דרייען זיך אין קאַראַהאָד.

לויפן זעמדלעך זיך צוזאַמען.
נעמט דער ווינט זיי אויך צום טאַנץ:
וויגן זיך די גרינע גראָזן,
אינם העלן זונען־גלאַנץ.

לאה האָפמאַן.



# צייכנס פאַר אויפפירן זיך.

איינמאָל אין וואָך שטעלט דער אויפזעער צייכנס פאַר אויפפירן־זיך. דאָס איז די שווערסטע אַרבעט אויף דער קאָלאָניע.

עפּעס אַנדערש איז דער לערער אין שול: ער ווייסט, ווער עס שטערט אים, ווער עס זאָגט אונטער, און ווער עס שטעלט צו אַ בענקעלע די חבֵרים.

דאָ, אָבער, אין דאָרף, אין וואַלד, פאַרשטיפּט זיך אַמאָל אַ ייִנגל גאָר שטאַרק, און דער אויפזעער ווייסט גאָרנישט דערפון.

דעריבער איז גלייכער, יעדער זאָל אַליין זאָגן וואָס פֿאַר אַ צייכן ער האָט פֿאַרדינט. יעדער ביי זיך ווייס דאָך בעסער, וואָס ער האָט אַלץ אָפּגעטאָן.

— פּ ו ר ט ק ע װ י ט ש! וויפיל זאָל איך דיר שטעלן פֿאַר אויפפירן־זיך?

— אַ פיר.

— פֿאַרוואָס עפּעס אַ פיר, נישט קיין פינף — פרעגט דער אויפזעער.

— ווייל כ'האָב געטרונקען וואַסער פון ברונעם און כ'האָב אויך פֿאַרשפּעטיקט אויף מיטאָג.

— ע ע, לערער, פֿאַר אַזאַ נאַרישקייט אַ פיר? — רופן זיך אָן יענע יינגלעך, וואָס האָבן אויך געטרונקען וואַסער פון ברונעם און האָבן זיך אויך פֿאַרשפּעטיקט אויף מיטאָג.

— אַ פינף, אַ פינף!

און טירמאַן שטייט און שמייכלט מיט אַ גוטן, ליבלעכן שמייכל. און ווען אַלע ווערן שטיל, גיט ער צו גאַנץ ערנסט:

— ער וועט זיך שוין פֿאַרבעסערן. ער וועט שוין הערן.

אויסער דעם איז פּ ו ר ט ק ע װ י ט ש יענע וואָך געווען שניידער־דעזשורנע און ער האָט צוגענייט אַ סך קנעפּלעך. אֶמֶת, וואַסער האָט ער טאַקע געטרונקען, אָבער אַ פינף קומט אים.

פ ר י ד מ אַ ן ראובן, און דיר וויפיל דאַרף מען שטעלן?

ס'איז געוואָרן שטיל, אַזוי ווי בשַעַת מע עסט פיינקוכן.

אָרימער ראובן, נעבעך, אַ גאַנצע וואָך האָט ער זיך אַזוי גוט אויפגעפירט. ער האָט זיך קיין איינמאָל מיט קיינעם נישט געשלאָגן, וואָס איז גאָרנישט פון די לייכטע זאַכן — און פונקט פֿאַרן שטעלן די צייכנס, האָט אים עמיצער אַ רוף־געטאָן: „ציגיינער".

ר א ו ב ן האָט יענעם געוואָלט אַ זעץ־געבן אין קאַרק־אַריין, נאָר ווי אויף להכעיס האָט ער יענעם געטראָפן אין דער נאָז. און ס'איז דאָך אַ באַקאַנטע זאַך, ווי גרינג ס'איז — עס זאָל פון אַ נאָז גיין בלוט.

אָרימער, ראובן, ער האָט, נעבעך, נישט קיין מַזל.

— אֶפשר זאָל איך דיר גאָרנישט שטעלן, און אַז דו וועסט דיך גוט אויפפירן אויף דער אַנדערער וואָך, וועסטו קריגן צוויי פינפן מיטאַמאָל?

— כ'וויל נישט — ענטפערט ראובן, ווייל ער טראַכט זיך, אַז ס'איז גלייכער א י י ן פיר אויף דער האַנט, איידער צוויי פינפן אויף דער וואַנט.

— טאָ פֿאַרוואָס האָט ער געשריגן אויף אים „ציגיינער"? — מישט זיך אַריין פּ ו ר ט ק ע װ י ט ש, וואָס ווייסט, ווי שווער ס'איז נ י ש ט צו געבן יענעם אין קאַרק־אַריין פֿאַרן וואָרט „ציגיינער".

פּ ו ר ט ק ע װ י ט ש איז אַ געלער, דערפֿאַר האָט ער אַ סך אויסצושטיין פון די חַבֵרים.

אַהין, אַהער — פ ר י ד מ אַ ן קריגט סוף־כָּל־סוף אַ פינף, וואָרן אַפילו ט י ר מ אַ ן פֿאַרזיכערט:

— לערער, ער וועט זיך שוין נישט שלאָגן. ער וועט שוין בעסער ווערן.

לאַנג האָט זיך אויך געוויגן דאָס מַזל פון ע ד ע ל ב ו י ם, וואָרן ער האַלט אין איין נודיען, קריכט כּסֵדֶר אַריין אין שלאָף־שטוב, מישט זיך אומעטום אַריין און ברענגט צו טראָגן שרעקלעכע ידיעות:

— לערער, די ייִנגלעך האָבן אָפּגעריסן פ ר אָ מ ע ן אַ פּוס!

— ברענג אַהער דעם פּוס, וועט מען אים צוריק צוקלעפּן פ ר אָ מ ע ן—ענטפערט טרויעריק דער אויפזעער.

וואָס ווייזט זיך אַרויס?

קיינער האָט פ ר אָ מ ע ן נישט אָפּגעריסן קיין פּוס, נאָר פ ר אָ ם איז אַליין גע־פאַלן און דערפאַר ווייגט ער.

אַ צווייטן מאָל האָט ע ד ע ל ב ו י ם געבּרענגט אַ ידיעה, אַז אַ ציגײַנערין האָט צוגעגנבעט צוויי ייִנגלעך.

אין אמתן אָבער איז דאָס גאָר קיין ציגיינערין נישט געווען, נאָר אַ פּשוטע פויערטע. די ייִנגלעך זיינען געווען צוויי שקצימלעך, און געגאַנגען זיינען זיי מיט דער פויערטע דורך דער לאָנקע, קיינעם איז גאָרנישט איינגעפאַלן צו גנבענען.

דאָס גאַנצע נס איז, וואָס ע ד ע ל ב ו י ם האָט אַ טבע צעניפּצוקלייבן אַלע שטיק־לעך גלאָז, וואָס ער געפינט אין וואַלד, אָדער פאַר דער וועראַנדע, און אַ דאַנק דעם צעקאַלעטשען נישט די קינדער די פיס.

ווען נישט דאָס, וואָלט ע ד ע ל ב ו י ם קיין פינף זיכער נישט געקריגן.

בכלל האָט דאָ יעדער איינציקער זיינע פאַרדינסטן. פ ל ע ק ע ר, אַשטייגער, ווייסט אויסגעצייכנט, ווער צו וועלכן פאָלק עס געהער, ק ל יי נ מ אַ ן זיצט בשעתן מיטאָג צווישן צוויי „מזיקים" און אַ דאַנק דעם שלאָגט מען זיך נישט ביים טיש. א יי נ ה אָ ר ן האָט אַוועקגעגעבן דעם מיוסן אַ נ ש ל ז יי ן פעלערינע, בשעת ס'איז קאַלט געווען.

און אַזוי ווי אויף דער וועלט איז נישטאָ קיין איין מענטש אָן חסרונות און יעדן איינציקן קען זיך טרעפן אַ שטרויכלונג — וואַקסט טאַקע די צאָל פינפן, ווי אויף הייוון.

ווי שיין וואָלט דאָס געווען, ווען אַלע זאָלן קענען קריגן בלויז פינפן. נאָר דאָס איז, דאַכט זיך, נישט מעגלעך.

ז י ס ב ר ע נ ע ר ן דאַרף מען פאַרגיטיקן פאַר יענער וואָך. ער האָט דעמאָלט געקריגן אַ פיר: מע האָט געזאָגט, אַז ז י ס ב ר ע נ ע ר האָט אונטערגעשטעלט איינעם פון די ייִנגלעך אַ פּוס. דאָס ייִנגל איז געפאַלן און צעקלאַפּט אַ קני.

ערשט שפּעטער איז מען געוואָר געוואָרן, אַז ז י ס ב ר ע נ ע ר איז אַ שטיל, ליבלעך קינד, אַז אין וואַרשע אַרבעט ער צוזאַמען מיט דער מוטער בלומען און טראָגט זיי פונאַנדער אין די געוועלבער אַריין, און אַז יעדן אויפדערנאַכט לייענט ער פאַר זיינע ייִנגערע שוועס־טער־און־ברידער ביכלעך. נישט סתם קיין מעשה־ביכלעך, נאָר אמתע געשיכטעס פון ק אָ ל ו מ ב ו ס ן, וואָס האָט אַנטדעקט אַמעריקע, פון ג ו ט ע נ ב ע ר ג ן, וואָס איז דער־גאַנגען דעם שכל פון דרוק.

אַ(אַ ייִנגל האָט נישט געקענט אומישנע אונטערשטעלן עמיצן אַ פּוס.

ס'האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזן, אַז ד ע ר, וואָס האָט זיך צעקלאַפּט די קני איז גיך געלאָפן און ווען ער האָט געוואָלט אויסמיידן ז י ס ב ר ע נ ע ר ן, איז ער אומגעפאַלן.

— פאַרוואָס האָסטו דאָס אונדז נישט געזאָגט?—פרעגט מען זיסברענערן פאַרווונ־דערט—האָסט געקאָנט פאַרלאַנגען אַ פינף, אַזוי ווי אַלע אַנדערע.

— דער לערער האָט מיך נאָך דעמאָלט נישט געקענט. ער האָט געקענט מיינען, אַז איך זאָג ליגן—האָב איך שוין בעסער געוואָלט אַ פיר.

נו, זעט איר שוין, ווי שווער ס'איז אויף דער קאָלאָניע צו וויסן וועמען עס קומט אַ פינף און וועמען נישט!

געבליבן זיינען בלויז נאָך צוויי: בראָמבערג און בָרוך גרינבוימס ברו־דער—מרדכי.

אַז די צוויי וועלן קריגן צו פינפן, וועט געשען, אַזוי ווי ס'האָט נביאות געזאָגט דער אויפזעער: די גאַנצע גרופּע האָט זיך אויסגעצייכנט אויפגעפירט.

ווידער ווערט אַ גרויסע שטילקייט.

— גרינבוים מָרדכַי!—זאָל דער ברודער פאַר אים ענטפערן. וויפיל זאָל מען אים שטעלן?

— לערער, רעדט מָרדכַיס ברודער—איך וואָלט זייער געוואָלט, ער זאָל קריגן אַ פינף. מיר שניידט זיך ס'האַרץ, ווען איך זע וואָס פאַראַ מַזיק דאָס איז.

וואָס טוט מען מיט מָרדכַין? אַלע האָבן אים שוין מוחל געווען, אַפילו דער אויפ־זעער. האָט אָבער מָרדכַי געוואָרפן שטיינער אויפן הונט. ווי אַזוי ווערט מען געוואָר, אַז דער הונט איז אים אויך מוחל?

דער הונט איז צוגעבונדן צו דער קייט ביי דער בודע. אויב מָרדכַי האָט נישט קיין מורָא, זאָל ער צוגיין צום הונט און געבן אים אַ שטיקל פלייש. אַז דער הונט וועט צונעמען דאָס שטיקל פלייש, וועט זיין אַ סימן, אַז ער בייזערט זיך נישט.

אַלע גייען מיר אַהין. וואָס פאַר אַ גליקלעכער טאָג איז דאָס היַינט! אַלץ גיט זיך אַזוי גוט איין. דער הונט איז זייער גוט אויפגעלייגט. פון דערוויַיטנס שוין וואַרפט ער מיטן עק און באַגריסט אונדז.

דאָס שטיקל פלייש האָט ער אויפגעגעסן, צוויי מאָל זיך באַלעקט און פון די אויגן זיינע איז צו זען, אַז ער האָט מָרדכין אַזוי ווייט מוחל געווען, אַז ער וואָלט גערן אויפגעגעסן דריימאָל אַזויפיל, וויפיל מע האָט אים געגעבן.

הייסט עס, אַז מָרדכין קומט אַ פינף. בלייבט נישט מער, ווי איינער — בראָמ־בערג.

— נו, בראָמבערג, דערצייל, אַלץ וואָס דו האָסט געטאָן?

— כ'האָב מיך אָנגעהאַנגען אָן אַ וואָגן און כ'בין אַרויפגעקראָכן אויף אַ פערד.

— וואָס נאָך?

— כ'בין געקראָכן אויפן דאַך פון דער וועראַנדע.

— וואָס נאָך?

— אַז איך האָב געפונען אין מיין זופּ עטלעכע פעפערלעך, האָב איך זיי אָפּגע־לעקט און דערנאָך אַריינגעוואָרפן אין דער זופּ צו ראַשערן.

— וואָס נאָך?

— כ'האָב צוגענומען ביי ביידאַן די פּעלערינע און כ'האָב פאַרגאָסן אַ ביסל מילך אויפן טיש, וואָרן כ'האָב געוואָלט דער טיש זאָל אויך טרינקען מילך.

— נו, און ווייטער?

בראָמבערג קלערט.

כ׳האָב אויפגעדרייט דעם קראַן אין וואַש־צימער און כ׳האָב געשריגן אויף
וויינשטיינען „קישקעלע״.

— וואָס נאָך?

— כ׳האָב געקראַצט מיט אַ גאָפּל אויפן טיש און כ׳האָב נישט געוואָלט אויפבעטן
דאָס בעט, ווי ס׳געהער צו זיין.

און שיראַטשקען האָב איך אַ זעץ געטאָן מיט די שעלקעס. און כ׳האָב
פאַרלוירן ס׳נאָז־טיכל.

— און וואָס נאָך וועסטו דערציילן?

— כ׳האָב נישט געוואָלט עסן קיין ברויט, נאָר דווקא רייפּטלעך. און פישבייגען
האָב איך אַריינגעשטופּט אין קעלער אַריין, ווו עס ליגן די קאַרטאָפל.

— און וויפיל מאָל האָסטו דיך געשלאָגן?

— כ׳געדענק נישט.

— וועגן דער סאָסנע האָסטו נאָך עפּעס גאָרנישט דערציילט?

— יאָ, די סאָסנע האָב איך צעבראָכן.

אַלע ייִנגלעך הערן אויס מיט גרויס צער. נאָר בראָמבערג אַליין שמייכלט
און די גאַנצע מעשה אַרט אים, אַזוי ווי דער פאַראַיאָריקער שניי.

— טירמאַן, ווי מיינסטו? וואָס זאָל מען אים שטעלן?

— ער וועט שוין בעסער ווערן—זאָגט טירמאַן

— טאָ וויפיל זאָל מען אים שטעלן?

— איך ווייס נישט—ענטפערט טירמאַן, כאָטש ס׳איז צו זען, אַז ער און אַלע
איבעריקע ייִנגלעך ווילן שטאַרק— בראָמבערג זאָל אויך קריגן אַ פינף. קיינער וואַגט
אָבער נישט דער ערשטער עס אַרויסצוזאָגן.

—אוי, נישט גוט... טשאַרנעצקי, זאָג דו, וויפיל זאָל מען בראָמבערגן
שטעלן פאַר אויפפירן־זיך. טשאַרנעצקי מיט חיים בראָמבערגן זיינען זייער
גוטע חברים. דעריבער נעמען אַלע אַצינד קוקן אויף טשאַרנעצקין.

— נו, זאָג, וויפיל?

—אַ פינף—ענטפערט טשאַרנעצקי און צוויי גרויסע טרערן קייקלען זיך אים
אַראָפּ איבער די באַקן.

—אַ פינף, אַ פינף—רופן אַלע קינדער און טירמאַן גיט צו:

—ער וועט שוין בעסער ווערן. ער וועט שוין האָרכן.

און ווירקלעך האָט זיך בראָמבערג פאַרבעסערט. ביז אויפדערנאַכט איז ער אַרומ־
געגאַנגען זייער רויִק און ערנסט. ס׳איז אָבער געווען צו דערקענען, אַז ס׳איז אים
נישט גוט. ער איז אַרומגעגאַנגען אין דעם פינף, ווי אין אַ פּאָר ענגע שטיוול. דער
אויפזעער האָט אַזש מורא געקריגן, בראָמבערג זאָל פון גרויס אָרנטלעכקייט נישט
קראַנק ווערן.

ערשט אויפן אַנדערן טאָג האָט ער זיך צעשלאָגן מיט בידערמאַן און נאָכמיטאָג
האָט ער מיט זיכערקייט אַ זאָג געטאָן:

— לערער, איך וויל ניט קיין פינף.

— פאַרוואָס?

—ווייל עס האָט זיך מיר צוגעגעסן.

ווען מיר זיינען געקומען קיין ווארשע, האָט זיך בראָמבערגס מוטער געפרעגט אויפן וואָקזאַל:

—ווי אַזוי האָט זיך עפּעס מיין חיימל אויפגעפירט?

—גוט—האָט דער אויפזעער געענטפערט—ער איז אָבער צו שטיל.

די מוטער האָט זיך פאַרחידושט אַ קוק-געטאָן אויף חיימען און אויפן אויפזעער. נאָר זעענדיק, אַזביידע לאַכן, האָט זי זיך אויך צעלאַכט:

—כ׳האָב געמיינט, אַז איר זאָגט עס טאַקע אויף אַן אֶמֶת, אַז ס׳האָט אים עמיצער דאָרט כישוף געטאָן.

און זי איז דאַנקבאַר געווען, וואָס מע האָט זיך נישט געבייזערט אויף איר מזיק.

י. קאָרטשאַק.



* *
*

אויף די זאַנגען רייט אַ ווינטל,
בייגט זיי איין און גלייכט זיי אויס;
בלויז די בלויע בלומענקעפּלעך
שפּרינגען שטיפעריש אַרויס.

אויף די גרינע לאָנקעס שיינען
ווייסע פלעקן נאָנט און ווייט—
סטאַיעס גענדז און ווייסע שעפּסן...
קינדער רוען ביי דער זייט.

ד. האָפשטיין.



# דער העלדישער האָז.

אַ האָז איז געבוירין געוואָרן אין וואַלד און האָט זיך פאַר אַלץ געשראָקן. ברעכט זיך אָפּ אַ צווייַגל, פליט דורך אַ פויגל, פאַלט אַראָפּ פון בוים אַ שטיק שניי—ווערט דער האָז הערשראָקן אויף טויט.

געשראָקן זיך אַ טאָג, צוויי, אַ וואָך, אַ יאָר, דער האָז איז געוואָרן אַ גרויסער,—און מיטאַמאָל איז אים נמאס געוואָרן זיך צו שרעקן.

איך האָב פאַר קיינעם קיין מורא ניט!—האָט ער אויסגעשריען אויפן גאַנצן וואַלד—אַפילו קיין קאָפּ קיין מורא ניט—און גאָר!

עס זיינען זיך צונויפגעקומען אַלטע האָזן, זיך צונויפגעלאָפן קליי-ניקע העזעלעך, געבראַכט צו שלעפּן אַלטעטשקע העזעכעס—אַלע הערן, ווי עס באַרימט זיך דער האָז „לאַנגע אויערן-קרומע אויגן-קורצער עק" (אַזוי האָט מען אים גערופן)—זיי הערן און גלויבן ניט זייערע אויערן. ס'איז נאָך אַזעלכעס ניט געהערט געוואָרן—אַ האָז זאָל זיך פאַר קיינעם ניט שרעקן?

—הער דו, קרומע אויגן, האָסט ניט מורא פאַר קיין וואָלף?

—איך האָב ניט מורא פאַר קיין וואָלף, פאַר קיין פוקס, פאַר קיין בער, פאַר קיינעם האָב איך קיין מורא ניט!



דאָס איז שוין גאָר געווען אַ געלעכטער. ס'האָבן געלאַכט די יונגע העזעלעך, צודעקנדיק די מייַלכעלעך מיט די פאָדערשטע פיסעלעך, ס'האָבן געלאַכט די גוטע אַלטע העזעכעס, און אַפילו די אַלטע האָזן, וואָס זיינען שוין גע-ווען אין די לאַפּעס פון די פוקסן און פאַרזוכט די ציין פון וועלף, האָבן אויך געשמייכלט:

—אַך וואָס פאַר אַ לעכערלעכער האָז דאָס איז, ס'איז טאַקע אַ געלעכטער!...

און אַלעמען איז מיטאַמאָל געוואָרן פריילעך, זיי האָבן אָנגעהויבן

שטיפֿן, שפּרינגען, איבעריאָגן איינער דעם צווייטן, גלײַך זיי זיינען פֿון זינען אַראָפּ.

— וואָס איז דאָ לאַנג צו ריידן! — האָט אויסגעשריען דער העל־דישער האָז, — ווען מיר טרעפֿט זיך אַ וואָלף — נעם איך און עס אים אויף איינער אַליין.

— אַך וואָס פֿאַר אַ לעכערלעכער האָז דאָס איז! וואָס פֿאַר אַ נאַרישער!

אַלע הערן, ווי ער רעדט נאַרישקייטן, און אַלע לאַכן.

די האָזן שרייען און ריידן פֿונם וואָלף — און אָט איז ער טאַקע דאָ!

ער איז אַרומגעגאַנגען איבער דעם וואַלד צוליב זײַנע וועלפֿישע געשעפֿטן, האָט זיך אויסגעהונגערט און אַ קלער געטאָן: „ס'וואָלט גאָר ניט שלעכט געווען פֿאַרבײַסן מיט אַ העזעלע!" פּלוצים דערהערט ער, ווי האָזן שרײַען דאָ גאָר נאָענט, און דערמאָנען זײַן נאָמען.

האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, אַ צי געטאָן מיט דער נאָז די לופֿט פֿון אַרום און זיך אָנגעהויבן אונטערצוגנבענען.

דער וואָלף האָט זיך אונטערגערוקט שוין גאָר נאָענט צו די שטיפֿנדיקע האָזן און הערט, ווי זיי לאַכן אים אויס, און מער פֿאַר אַלעמען — דער באַרימער, דער האָז „לאַנגע־אויערן־קרומע־אויגן־קורצער עק".

— „ע — טראַכט דער וואָלף — וואַרט אַ ביסל, דיך באַרימער וועל איך טאַקע אויפֿעסן!" און ער האָט אָנגעהויבן זיך צוצוקוקן, וועלכער פֿון די האָזן באַרימט זיך עס מיט זײַן העלדישקייט.



און די האָזן באַמערקן גאָרניט און שפּילן זיך נאָך פֿריילעכער, ווי פֿריער. צום סוף איז דער באַרי־מער אַרויפֿגעשפּרונגען אויף אַ קלעצל, זיך צוגעזעצט אויף די הינטערשטע פֿיסלעך און גענומען ריידן: „הערט נאָר איר שרעקעדיקע! הערט און קוקט אויף מיר! איך וועל אײַך באַלד באַווײַזן אַ שפּיצל... איך... איך"...

דאָ איז בײַ דעם באַרימער מיטאַמאָל אַזוי ווי אָפּגענומען געוואָרן דאָס לשון: דער האָז האָט דערזען דעם וואָלף, ווי ער קוקט אויף אים.

די איבעריקע האָזן האָבן גאָר ניט באַמערקט, נאָר ער אַליין האָט געזען און געציטערט אַן אָטעם צו טאָן.

ווייַטער האָט זיך געטראָפן גאָר אַן אומגעווײנלעכע זאַך...

דער באַרימער האָט אַ שפּרונג געטאָן אין דער לופטן און פון שרעק איז ער אַרויפגעפאַלן צום וואָלף אויפן ברייטן שטערן, האָט זיך, ווי אַ קויל, דורכגעקייַקלט איבער דעם וואָלפס פּלייצע, נאָכ־אַמאָל זיך איבערגעקערט אין דער הויך—און גענומען לויפן מיט אַזאַ אימפּעט, פּונקט ווי ער וואָלט וועלן אַרויסשפּרינגען פון זיין אייגענער פעל.



דער אומגליק־לעכער האָז איז אַזוי געלאָפן און געלאָפן, ביז ער האָט זיך אינ־גאַנצן אַרויסגעע־שלאָגן פון די כּוחות.

אים האָט זיך אַלץ געדאַכט, אַז דער וואָלף יאָגט זיך נאָך אים נאָך און אָט, אָט כאַפּט ער אים מיט זיינע שאַרפע ציין. צום סוף איז ער געבליבן אָן כּוחות און מיט פאַר־מאַכטע אויגן כּמעט ווי טויט, אַנידערגעפאַלן אונטער אַ בוים.

דער וואָלף איז אין דער־זעלביקער צייט געלאָפן גאָר אין אַן אַנדער וייַט. ווען דער האָז איז אויף אים אַרויפגעפאַלן, האָט זיך אים אויס־געדאַכט, אַז עס האָט אים געטראָפן אַ קויל פון אַ ביקס, און ער איז אַנטלאָפן.

דערבײַ האָט ער געקלערט: קאַרג אַנדערע האָזן אין וואַלד? דער איז עפּעס גאָר אַ משוגענער.

לאַנג האָבן די איבעריקע האָזן ניט געקאָנט קומען צו זיך: ווער ס'איז אַנטלאָפן געוואָרן, ווער ס'האָט זיך באַהאַלטן צווישן דיביימער, ווער ס'האָט זיך פאַררוקט אין אַ גריבל.

ענדלעך איז זיי נמאס געוואָרן צו באַהאַלטן זיך, און זיי האָבן אָנגעהויבן ביסלעכווייז אַרויסצוקריכן פון זייערע לעכער.

— נו, האָט דאָס אונזער האָז אָנגעשראָקן דעם וואָלף! — האָבן

אַלע באַשטימט.—ווען ניט ער, וואָלטן מיר קײַן לעבעדיקע ניט אַרויס פון זײַנע ציין!... ווו איז ער אָבער, אונדזער העלד?

מ׳האָט אים אָנגעהויבן זוכן.

מע איז געגאַנגען, געזוכט,—ניטאָ אין ערגעץ דער העלדישער האָז: צי האָט אים ניט אויפגעגעסן אַן אַנדער וואָלף?

ענדלעך האָט מען אים געפונען: ער איז געלעגן אין אַ גרוב אונטער אַ בוים, קוים קוים אַ לעבעדיקער פון שרעק.

—ביסט אַ ווויילער יונג!—האָבן אַלע האָזן אין איין קול אויסגעשריען.—אָט אַ מַזיק! האָסט אים פײַן אָנגעשראָקן דעם אַלטן וואָלף. אַ דאַנק, ברודער! און מיר האָבן אַלץ געקלערט, אַז דו ביסט נאָר אַ באַרימער”.

דער העלדישער האָז איז מיטאַמאָל בײַ זיך שטאַרק געוואָרן, אַרויסגעקראָכן פון זײַן גריבל, זיך אָפּגעטרייסלט, האָט פאַרגלאַנצט די אויגן און אַ זאָג געטאָן:

—אַזוי גאָר, האָט איר גערעכנט? ע, איר שרעקעדיקע!...

און פון דעמאָלט אָן האָט דער העלדישער האָז אָנגעהויבן אַליין צו גלויבן, אַז ער האָט אין דער אֶמֶתן קיין מורא ניט פאַר קיינעם אין דער וועלט.

מאמין סיביריאק.





# זומער־לידער.

אויף די גערטנער, אויף די פעלדער
הער איך זיסע שטימען זינגען,—
ווי די פרײַע בלויע וועלן
רוישן, גיסן זיך און קלינגען.

אין אַ פרישן קראַנץ פון זאַנגען,
פרײַ פון טרויער און פון קומער,
אויף די טאָלן, אויף די פעלדער
שוועבט דער שיינער, ליבער זומער.

זומער־פייגעלעך פון גאָרטן,
סטאַיעס בינען פון די שטאָקן
פליען אום און טאַנצן, שפּרינגען
איבער זײַנע שוואַרצע לאָקן;

און די ביימער, שלאַנקע שטייען
שיין באַוואַקסן און באַהאַנגען;
אויף די פרײַע, גרינע פעלדער,
שוין די הויכע שיינע זאַנגען

בויגן אָן די שטאָלצע קעפּלעך
איינס צום אַנדערן און זשומען:
—„אַך, ווען וועלן זיי, ווען וועלן
שוין צו אונדז די שניטער קומען?...

און די שניטערס גייען, אײַלן...
סערפּעס, קאָסעס גלענצן, קלינגען...
אויף די טאָלן, אויף די פעלדער
הער איך זיסע שטימען זינגען.

שמעון פרוג.



# זומער אין דאָרף.

דער לערער איז געשלאָפן אין אַ גרויסן ליכטיקן צימער בײַ פּאַרמאַכטע לאָדן. אינדערפרי, ווען ער כאַפּט זיך אויף, טוט ער אַ שטופּ מיט דער האַנט פון זיך — עפנט זיך אויף דאָס פענסטער מיטן לאָדן אינײינעם און עס רײַסט זיך אַרײַן אַ סנאָפּ ליכט מיט אַ וואַרעמקייט פון דער זון מיט אַן אַראָמאַט פון רעזעדאַ, אויסגעמישט מיט אַ רֵיח פון מענטע און פון פּאָלין, מיט נאָך פאַרשיידענע מינים רֵיחות פון אַלערלײ גראָזן.

אינמיטן זומער זײַנען די גראָזן אַזוי הויך געוואַקסן, אַז דער לערער מיט דער שילערין זײַנען גיט אײנמאָל געגאַנגען ביז איבערן האַלדז און האָבן זיך געקאָנט באַהאַלטן אײנס פון דעם אַנדערן און זיך נאָכדעם לאַנג זוכן און — געפינען.

בײַם אויפעפענען דאָס פענסטער מיטן לאָדן האָט אַ קוואָקעדיקע הון מיט איר משפּחה זיך ספּאָלאָשעט און אַביסל אָפּגעטרעטן אויף אַ זײַט. זי האָט זיך אָבער באַלד אומגעקערט צוריק, געשאַרט און געפּיקט אין מיסט, און געלערנט אויך די קלײנע הינדעלעך ווי אַזוי צו שאַרן און צו פּיקן.

דאָס אויפשטיין, דאָס אָנטאָן זיך מיטן אײַנוואַשן זיך נעמט נישט קײן סך צײַט, און עס איז נאָך גאָרניט אַזוי שפּעט, נאָר, אַז דער לערער קומט אַרויס, טרעפט ער שוין קײנעם ניט אין שטוב. דער אַלטער באַלעבאָס איז שוין לאַנג אויף דער אַרבעט אויפן „טויק", פון וואַנען עס לאָזט זיך הערן דאָס גראַגערן פון דער דרעש־מאַשין. דעם אַלטנס פרוי איז בײַ די אינדיקעס, בײַ די גענדז מיט די קאַטשקעס און די איבעריקע עופות — אַ גאַנצע מלוכה פון עופות! פון די ברײטע פעלדער ציִען זיך פּאַוואָליע גרויסע אָקסן־פורן מיטן אָפּגעשניטענעם ברויט. פון דערווײַטן קאָן מען כאַפּן מיטן אויג דעם לאַן מיטן ווײץ. אַ סך איז שוין אָפּגעשניטן און צונויפגעלײגט קופּעסווײַז אין די סנאָפּעס, און אַ סך שטײט נאָך אין די געלע צײַטיקע זאַנגען, רירט זיך און שאָקלט זיך כוואַליעסווײַז פון אַ גרינג ווינטעלע, וואָס לויפט פאַרבײַ. אויף יענער זײַט לאַן, דאָרט ווו עס ענדיקט זיך דאָס ברויט, הײבן זיך אָן די גרויסע גרינע בלעטער פון די בוריקעס, וואָס וואַקסן גלײַכע שורותווײַז. צווישן זײערע רײען גאַנץ שיטער שטײען, ווי סאָלדאַטן אויף דער וואַך, די הויכע „סאָנישניקעס" מיט די גרויסע געלע קוטשמעס. פײגעלעך האָבן ליב צו קלײבן זיך אַרום די סאָנישניקעס און אַרויספּיקן פון זײ אײנציקווײַז די נאָך ווײַסע, נאָר שוין זיסע סעמעטשקעס.

נאָך ווײַטער גײט דאָס דעמבענע געדיכטע וועלדל, מיטן נאָמען די „טורטשינאַ".

נאָכן ערשטן אָנבײַסן און נאָך דער ערשטער לעקציע מיט דער שילערין נעמט דער לערער אַ שפּאַציר אין גאָרטן אַמאָל אַלײן און אַמאָל אינצווײען טאַקע מיט דער שילערין. עס איז שווער צו זאָגן, ווען איז דער גאָרטן שענער: צי אַרום שבועות־צײַט, ווען די בײמער האַלטן אין רעכטן בליִען? צי דעמאָלט, ווען עס האָבן זיך נאָרוואָס אָנגעהויבן צו רויטלען די ווײַמפּערלעך מיט די אַגרעסן? צי העט שפּעט, שוין סוף זומער, ווען די עפּל הײבן אָן אַלײן צו פאַלן און עס בלײַבן די פאַרשפּעטיקטע קײלעכיקע שוואַרצע פלוימען, וואָס מע רופט זײ „טשערקוסן"? אין יעדער צײַט האָט זיך דער גאָרטן זײַן רײץ מיט זײַן חן, אין יעדער צײַט געפינען דער לערער מיט דער שילערין עפּעס נײַס מעגן זײַן די אַגרעסן נאָך גרין אַזוי ווי גראָז, און זויער אַזוי

ווי עסיק—מאַכט ניט אויס. מע צעשטעכט זיך די הענט און מע רייסט אויס די גרעסטע פון זיי, די וואָס הענגען אַראָפּ און לייכטן זיך דורך אויף דער זון. און ווער שמועסט אַביסעלע שפּעטער, ווען די ווײַמפּערלעך גיסן זיך אָן מיט רויטן ווײַן, און בלישטשען אויף דער זון—דעמאָלט בעטן זיי זיך, מע זאָל פאַרזוכן נאָך אַ בינטל און נאָך אַ בינטל. מע פאַרזוכט אַזוי לאַנג, ביז עס ווערן הײַליק די ציין. דאָס אייגענע איז מיט די ווײַנשל און מיט די קאַרשן און מיט די אַלע איבעריקע אויבסן און פּירות, וואָס קומען אויף און ווערן צײַטיק ניט אַלע אויף איין מאָל. אֱמֶת, דאָס זײַנען אַלץ אַזעלכע זאַכן, וואָס מע קריגט עס אין שטאָט אויך, וואָס מע קאָן עס קויפן פאַר געלט. עס האָט אָבער נישט דעם טַעַם מיט דעם רֵיח ווי בעת איר רייסט דאָס אַליין אַראָפּ פונם בוים.

שלום-עליכם.



# אין די סעדער.

עפּל—פּעפּינקעס און פלוימען
און די שווערע באַרן-בער.
בעטן ביימער: „ליבע קינדער,
נעמט אַראָפּ אַ קאָפּ, ס'איז שווער".

לאָזט זיך חֶבְרֶה לאַנג ניט בעטן,
לאַנג ניט בעטן,—צוליב וואָס?
טרייסלען ביימער, בויגן צווייגן,
פאַלן פרוכטן אויפן גראָז.

עסט מען אָן זיך זיס און זאַפטיק,
זאַפט און זיסקייט, האָניק—ווײַן:
ווען אין מויל שוין קאָן ניט קריכן,
קריכט אין קעשענע אַריין.

פולע קעשענעס געפּאַקטע,
קוים צו רירן זיך מיט זיי,
און עס גלוסטן נאָך די אויגן;
נאָר די בייכלעך טוען וויי...

מוז מען אָפּרוען אַ ביסל,
און אַ לייג זיך אויפן גראָז—
קוקט אַראָפּ אַ באַק פון עפּל,
און פון פלוים אַ בלויע נאָז.

און אַ בינטל שפּאַניער ווײַנשל
אויף דעם לעצטן צווײַג אָן דאָרט:
אַך, זיי לאָזן דאָך ניט רוען—
און אַ כאַפּ זיך אויף פון אָרט.

קריכן, וואַרפן, רייסן, טרייסלען,
פלאַטער-פליטער, בלעטער-בלאַט!
און געפּאַקט שוין און באַקומען
און אַ לייג זיך ווידער מאַט.

און אַרײַנגעשטעקט די ציינדלעך
און געהאַלטן לאַנג אַזוי,
עפּל, באַרן, ווײַנשל, פלוימען!
אַך, ווי גוט איר זייט, אוי, אוי!

ל. קוויטקאָ.



# קאָרנשוועסטערלעך.

קענט איר, קינדערלעך,
די קאָרנשוועסטערלעך?
זיי זיינען בלימעלעך
אין פרייַען פעלד.
עס גיבן בלאָיִנקע,
עס גיבן רויטינקע,
אויך גיבן געלינקע,
ווי אייך געפעלט.
זיי וואַקסן טויזנטער
אין אַלע ווינקעלעך,
ווי זאַנגען וויגן זיך
און תבואָה בליט.
גאָטס וועלט באַקרוינען זיי,
זיין ברויט באַשיינען זיי,
און בליען לוסטיקע
פון זון געהיט.

די ערשטע ווייסט איר דאָך,
זיי זיינען בלאָיִנקע,
מע רופט זיי בלימעלעך
פון קאָרן דאָ.
און ווען דער זאַנג צעריַיסט
זיין גרינע העמדעלע,
דאַן ווערט דאָס פעלד פון זיי
אינגאַנצן בלאָ.
פול בלאָע קעפעלעך
פון גוטע שוועסטערלעך,
וואָס נויגן, גריסן זיך
צו יעדן זאַנג,
און ווינטשן שטילערהייט
אים וואָכן ליכטיקע
און רעגנס יעטיקע
זיין זומער לאַנג.

די צווייטע זיינען דאָס
די קאָרנרעדעלעך,
וואָס קומען אָנזאָגן
דעם ערשטן גאָלד,
וואָס נעמט באַשימערן
ביים זאַנג די הערעלעך,
און גאָלדיק=גריניק ווערט
דאָס פעלד באַמאָלט.
זיי שיסן אויף אין הויך
ווי פורפור=פלעמעלעך
די בעכערס אָפענע
פאַר טוי און שיין,
און שלאַנקע שטייען זיי
אַזוי דעם זומער אָפ,
ביז וואַן דער שניטער קומט
אין פעלד אַריין.

די פעלדער שפרייטן זיך
שוין אָפגעשניטענע,
עס ליגט דער קאָרן שוין
און וואַרט אין מיל.
געבליבן זיינען נאָר
אין פעלד די געלינקע,
די שוועסטער = ברידערלעך
וואָס וואַקסן שטיל:
דריי געלע פליטערלעך,
צוויי ווייסע פליטערלעך,
פאַרייניקט שפראָצן זיי
צווישן שטרוי,
און וויינען, טרויערן
אויף אַלע בלימעלעך
און וועלקן שטילינקע
אין קאַלטן טוי.

דוד איינהאָרן.



# די פליג.

## א.

ווי פריילעך ס׳איז געווען זומער!... אַך, ווי פריילעך! שווער גאָר אויסצו־דערציילן אַלץ כּסדר... וויפיל פליגן זיינען דאַן געווען—טויזנטער! זיי פליען, הודזשען, פרייען זיך...

ווי נאָר דאָס קליינע פליגעלע איז געבאָרן געוואָרן, האָט דאָס פונאַנדערגעלאָזן אירע זיידענע פליגעלעך, און ס׳איז איר גלייך געוואָרן פריילעך. אַזוי פריילעך, אַזוי פריילעך, אַז ס׳איז גאָר ניט איבערצוגעבן: גלייך אינדערפרי פלעגט מען פונאַנדערעפענען טיר און פענסטער—און ווו דו ווילסט, פלי אַרום פראַנק און פריי!

סאַראַ גוטע באַשעפעניש דער מענטש איז!—האָט זיך געוווּנדערט דאָס קליינע פליגעלע, פליענדיק פון פענסטער צו פענסטער — דאָס האָט ער פאַר אונדז זיי פונאַנדערגעעפנט אַזוי ברייט. ס׳איז זייער גוט און דערהויפּט אַזוי פריילעך...!

זי איז טויזנט מאָל אַרויסגעפלויגן אין גאָרטן, זיך צוגעזעצט אויפן גרינעם גרעזעלע, זיך געקוויקט קוקנדיק אויף דעם בליענדיקן בעז, אויף די צאַרטע בלעטעלעך פון דער פונאַנדערגעבליטער ליפּע, אויף די בלימעלעך און אויף די ביימן.

דער גערטנער, האָט שוין דאָ, אין גאָרטן, אַלץ באַזאָרגט פאַר איר. סאַר אַ גוטער ער איז, דער גערטנער! דאָס פליגעלע איז נאָך ניט געבאָרן געוואָרן, און ער האָט שוין באַוויזן אַלץ צו באַזאָרגן, אַלץ, וואָס ס׳איז נויטיק פאַר דעם קליינעם פליגעלע.

און בּכלל זיינען די מענטשן אַזוי גוט, אַז אומעטום פאַרשאַפן זיי פאַרגעניגן די פליגן. אָט, למשל, האָט חנהלע אינדערפרי געטרונקען מילך, געגעסן חלה און דערנאָך אויסגעבעטן ביי דער מומע לאָהן אַ שטיקל צוקער — דאָס אַלץ האָט זי געטאָן נאָר צוליב דעם, כּדי צו לאָזן עטלעכע טראָפּן מילך, און איבערהויפּט ברעקלעך חלה און צוקער פאַר די פליגן; נו, זאָגט, איך בעט אייך, וואָס קען זיין געשמאַקער פאַר אָט די ברעקלעך, באַזונדערס, ווען דו פליסט אַרום אַ גאַנץ פרימאָרגן און דו הונגערסט זיך גוט אויס?... און די קעכין איז נאָך אַ בעסערע פאַר חנהלען. יעדן פרימאָרגן פלעגט זי צוליב די פליגן בכיוון גיין אין מאַרק און ברענגען זעלטן געשמאַקע עסנוואַרג: פלייש, אַמאָל פיש, פלוימען, פּוטער. זי איז טאַקע געווען די בעסטע פרוי אין דער גאַנצער שטוב. זי האָט זייער גוט געוווּסט, וואָס פליגן דאַרפן האָבן.

און די מומע? אָ, דאָס איז גאָר אַ זעלטענע פרוי, דוכט זיך, געלעבט נאָר צוליב די פליגן... יעדן פרימאָרגן פלעגט זי מיט אירע אייגענע הענט פונאַנדערעפענען אַלע פענסטער, די פליגן זאָל זיין באַקוועמער אַרומצופליען, און ווען ס׳איז געגאַנגען אַ רעגן, אָדער ס׳איז געווען קאַלט, פלעגט זי די פענסטער פאַרמאַכן, כּדי די פליגן זאָלן ניט פאַרנעצן זייערע פליגעלעך און חלילה זיך ניט צוקילן. איינמאָל האָט זי באַמערקט, אַז די פליגן האָבן ליב צוקער און יאַגדעס, האָט זי זיך גענומען יעדן טאָג פּרעגלען יאַגדעס מיט צוקער. ס׳פאַרשטייט זיך, די פליגן האָבן זיך באַלד געכאַפּט, צוליב וואָס דאָס ווערט אַלץ געטאָן, און פון גרויס דאַנקבאַרקייט זיינען זיי געקראָכן גלייך אין מעדניצע אַריין צו די געפּרעגלעכץ. חנהלע האָט אויך ליב געהאַט געפּרעגלעכץ,

באָר די מומע לֵאָה פלעגט איר געבן ניט מער ווי איינע אָדער צוויי לעפעלעך, כּדי ניט צו באַליידיקן די פליגן. אָבער די פליגן קענען אויך ניט אויפעסן איינגאַנצן פאַר איין מאָל. דעריבער האָט די מומע לֵאָה אָפּגעלייגט אַ טייל געפּרעגלעכץ אין גלעזערנע סלויען, עס זאָל דאָס ניט אויפעסן די מייז (זיי קומט ניט קיין געפּרעגלעכץ!) און דערנאָך פלעגט זי דאָס געבן די פליגן יעדן טאָג, ווען זי פלעגט טרינקען טיי.



— אַך, סאַראַ גוטע און ווילע זיי זיינען דאָ אַלע! — האָט זיך אַנטציקט דאָס יונגע פליגעלע, פליענדיק פון פענסטער צו פענסטער.

— נו, די מענטשן זיינען נאָך גאָרניט אַזעלכע גוטע, ווי דו מייגסט — האָט באַמערקט די אַלטע פליג, וועלכע פלעגט ליב האָבן אונטערצומורמלען — דאָס דוכט זיך נאָר אַזוי.. דו האָסט באַמערקט דעם מענטשן, וואָס מע רופט אים „טאַטע”?

— אָ, יע... דאָס איז עפּעס גאָר אַ מאָדנער מענטש. איר זייט גערעכט, מיין ליבע גוטע אַלטע פליג... נאָך וואָס רויכערט ער זיין ליולקע, ווען ער וייס גאַנץ גוט, אַז איך קען ניט פאַרטראָגן דעם רויך פון טאַבאַק. מיר דוכט זיך, אַז ער טוט דאָס פּשוט מיר אויף צו להַכעיס... און בּכלל וויל ער קיין זאַך ניט טאָן עפּעס פאַר די פליגן. איך האָב איינמאָל פאַרזוכט די טינט, וואָס ער שרייבט עפּעס דערמיט שטענדיק, בין איך שיר ניט געשטאָרבן... דאָס איז שרעקלעך!

## ב.

דער זומער איז געווען אַ הייסער, און מיט יעדן טאָג האָבן זיך באַוויזן פליגן אַלץ מערער און מערער. זיי פלעגן אַריינפאַלן אין מילך, קריכן אין זופּ, הודזשען, דרייען זיך און צושטיין צו אַלעמען. אונדזער קליין פליגעלע האָט שוין באַוויזן צו ווערן אַן אֶמֶתע פליג, און זי איז עטלעכע מאָל שוין שיר ניט אומגעקומען. דעם ערשטן מאָל איז זי געבליבן שטעקן מיט די פיסלעך אין געפּרעגלעכץ, אַזוי, אַז זי איז קוים אַרויסגעקראָכן; דעם צווייטן מאָל איז זי פאַרשלאָפענערהייט אַרויפגעפלויגן אויף אַן אָנגעצונדענעם לאָמפּ און שיר ניט אָפּגעברענט די פליגעלעך, דעם דריטן מאָל איז זי נאָך אַ האָר ניט צעקוועטשט געוואָרן ביים פאַרמאַכן די פענסטער — הכּלל צָרות איז געווען גענוג.

— וואָס איז דאָס אַזוינס, פון די פליגן איז דאָך גאָרניט צו לעבן! — האָט זיך באַקלאָגט די קעכין, — ווי משוגע קריכן זיי אַרום אומעטום, מע דאַרף זיי אויסראָטן!...

אַפילו אונדזער פליג האָט אויך אָנגעהויבן צו טראַכטן, אַז עס זיינען שוין דאָ צופיל פליגן, באַזונדערס אין קיך. און ווען מע פלעגט ברענגען שפּייז, פלעגן זיי זיך אַלע

אַרויפוואַרפן אויף דעם, שטופן איינע די אַנדערע און מוראַדיק זיך קריגן. די בעסערע שטיקלעך פלעגן טאַקע פאַרכאַפּן די מוטיקערע און שטאַרקערע פליגן. און פאַר די איבעריקע פלעגן בלייַבן נאָר ברעקלעך.

נאָר דאָ האָט געטראָפן עפּעס שרעקלעכעס. איינמאָל אינדערפרי האָט די קעכין צוזאַמען מיט די שפּייז געבראַכט אַ פעקל זייער געשמאַקע פּאַפּירלעך. זיי זייַנען געוואָרן נאָך געשמאַקער, ווען מע האָט זיי פונאַנדערגעלייגט אויף טעלערלעך, באַשאָטן מיט מעלצוקער און באַגאָסן מיט וואַרעמע וואַסער.

—אָט דאָ איז אַ זעלטענער כּיבוד פאַר די פליגן!—האָט געזאָגט די קעכין, פונאַנדערשטעלנדיק די טעלערלעך אויף די כּמעט קאָנטיקע ערטער.

דער קעכינס אייַנלאַדונג איז געווען אינגאַנצן איבעריק. די פליגן האָבן זיך שוין אַליין געכאַפּט, אַז דאָס אַלץ ווערט געטאָן פון זייערטוועגן, און זיי האָבן זיך גאַנצע מחנות אַרויפגעוואָרפן אויף דעם נייעם מאַכל. אונדזער פליג האָט זיך אויך געוואָרפן אויף איינעם פון די טעלערלעך, נאָר מע האָט זי זייער גראָב אָפּגעשטופּט.

—וואָס שטופּט איר זיך אַזוי?—האָט זי זיך באַליידיקט. איך בין גאָר ניט אַזאַ פרעסערקע, איך זאָל אַרויסרייַסן דעם ביסן בייַ יענעם פון מויל. דאָס פּאַסט ניט כּ׳לעבן פאַר אַן איידעלער פליג.

נאָר דאָ האָט זיך געטראָפן גאָר אַ מוראַדיקע זאַך. די אַלע זשעדנע פליגן זייַנען שרעקלעך באַשטראָפט געוואָרן. פאַרדעם האָבן זיי זיך אַרומגעשלעפּט אַזוי ווי שיכּורע, און דערנאָך זייַנען זיי אַלע אויסגעפאַלן. אויף מאָרגן אינדערפרי האָט די קעכין אָנגעשאַרט אַ פולן טעלער מיט טויטע פליגן. געבליבן זייַנען נאָר די געזעצטע, און צווישן זיי אויך אונדזער פליג.

—מיר ווילן ניט קיין פּאַפּירלעך—האָבן זיי געפּישטשעט—מיר ווילן ניט...

נאָר אויפן אַנדערן טאָג האָט זיך איבערגעחזרט דיזעלביקע מעשׂה.

פאַר דער קעכין איז דאָס נאָך אַלץ געווען ווייניק.

—מ׳קען גאָר ניט לעבן פון זיי...—האָט זי געטענהט.

דאַן האָט דער מענטש, וואָס מע פלעגט אים רופן „טאַטע", געבראַכט דריי זייער שיינע, גלעזערנע קוילבעס, האָט אָנגעגאָסן אין זיי ביר און אַוועקגעשטעלט אויף טע=לערלעך. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דידאָזיקע קוילבעס זייַנען געווען פליגן=פּאַסטקעס. די פליגן זייַנען געפליגן אויפן ריח פון דעם ביר און זיי זייַנען אַרייַנגעפאַלן אין די פּאַסטקעס. דאָרטן זייַנען זיי אַלע אומגעקומען, ווייל זיי האָבן ניט געקאָנט געפינען קיין אַרויסגאַנג. דאָ זייַנען אַרייַנגעפאַלן אויך די סאַמע קלוגע פליגן.

—אָט דאָס איז גוט, זייער גוט...—האָט די קעכין געזאָגט מיט גרויס צופרידנ=קייט. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי איז אַ מענטש אָן אַ האַרץ און פרייט זיך אויף יענעמס אומגליק.

נאָך די אַלע אומגליקן איז פליגן געוואָרן אַלץ ווייניקער און ווייניקער. באַלד איז געקומען אַ נייע צָרה. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער זומער איז שוין אַריבער, ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן רעגנס, ס׳האָט אַ בלאָז געטאָן אַ קאַלטער ווינט, עס זייַנען אָנגעקומען שלעכטע וועטערן.

איצטער פלעגט מען שוין ניט פונאַנדערעפענען די פענסטער אויף גאַנצענע

טעג, און נאָר זעלטן עפּעגען די פאָרטקעס. אַפילו די זון אַליין האָט אויך געשײַנט, אַזוי ווי צוליב דעם נאָר, כּדי אָפּצוטאַרן די שטוביקע פליגן.

ווי געפעלט אייך, למשל, אַזאַ בילד?—פרימאָרגן. די זון קוקט אַריין אַזוי פריילעך אין אַלע פענסטער, אַזוי ווי זי וואָלט אײַנגעלאַדן אַלע פליגן אין גאָרטן אַריין מע קען מיינען, אַז ס׳האָט זיך ווידער אומגעקערט דער זומער. די פליגן פליען אַרויס דורך דער פאָרטקע, ערשט וואָס—די זון שיינט, נאָר וואַרעמען וואַרעמט זי ניט. זיי פליען צוריק—די פאָרטקע איז פאַרמאַכט.

אַ פולע פליגן זיינען אויף אַזאַ אופן אומגעקומען אין די קאַלטע האַרבסטיקע טעג.

פון די פריערדיקע שימחות איז קיין זכר ניט געבליבן. אַלע זיינען געוואָרן אַזעלכע פאַרכמורעטע, אָפּגעלאָזענע און אומצופרידענע. אייניקע זיינען דערגאַנגען דערצו, אַז זיי האָבן אַפילו זיך אָנגעהויבן צו בייסן... פריער איז דאָס ניט געווען.

ביי אונדזער פליג האָט זיך אַזוי איבערגעפירט דער כאַראַקטער, אַז זי האָט זיך אַליין ניט אָנגעהויבן צו דערקענען. פריער, למשל, פלעגט זי רחמנות האָבן אויף אַנדערע פליגן, ווען יענע פלעגן אומקומען, און איצטער האָט זי געטראַכט נאָר וועגן זיך. זי האָט זיך גאָר געשעמט אַרויסצוזאָגן אינדערהויך, וואָס זי האָט געטראַכט.

—„נו, זאָלן זיי אומקומען,—וועט פאַר מיר בלייבן מערער״...

איצט זיינען די פליגן אַפילו ניט געשטאָרבן, נאָר עפּעס ווי אַיינגעשלאָפן. מיט יעדן טאָג פלעגן זיי ווערן אַלץ ווייניקער און ווייניקער, אַזוי, אַז ס׳איז אינגאַנצן ניט נויטיק געווען ניט קיין סם-פּאַפּיר, ניט קיין גלעזערנע פליגן-פּאַסטקעס. נאָר אונדזער פליג איז דאָס נאָך אַלץ געווען ווייניק. איר האָט זיך געוואָלט בלייבן אינגאַנצן אַליין. שטעלט אַייך פאָר סאַר אַ פאַרגעניגן דאָס איז—פינף צימערן און אינגאַנצן איין פליג!

און איר ווונטש איז מקוים געוואָרן.

## ג.

איינמאָל אַ פרימאָרגן האָט זיך אונדזער פליג אויפגעכאַפּט זייער שפּעט. זי האָט שוין לאַנג געשפּירט עפּעס אַ מאָדנע איינגעמאַטערטקייט אין אַלע גלידער און בעסער געוואָלט זיצן אין אַ ווינקעלע היגטערן אויוון. און דאָ האָט זי דערשפּירט, אַז ס׳האָט זיך עפּעס וואָס געטראָפן ניט קיין געוויינטלעכעס. מע האָט נאָר באַדאַרפט צופליען צום פענסטער, און אַלץ איז מיטאַמאָל קלאָר געוואָרן: ס׳איז אַרויסגעפאַלן דער ערשטער שניי... די ערד האָט זיך באַדעקט מיט אַ העל-ווייסער פּלעווע.

—אַהאַ, איז אָט ווי עס זעט אויס דער ווינטער—איז איר פּלוצלונג קלאָר געוואָרן— ער איז גאָר אַ ווייסער, ווי אַ גוטע שטיקל צוקער...

דערנאָך האָט די פליג באַמערקט, אַז אַלע איבעריקע פליגן זיינען אינגאַנצן פאַרשוווּנדן געוואָרן. זיי האָבן נעכטן ניט געקאָנט אַריבערטראָגן די ערשטע קעלטן און זיינען אַיינגעשלאָפן, ווו וועמען ס׳האָט זיך געמאַכט. אין אַן אַנדער צייט וואָלט אונדזער פליג זיי באַדויערט, נאָר איצטער האָט זי אַ טראַכט געטאָן:

— זייער גוט כ׳לעבן, איצטער בין איך אינגאַנצן אַליין!... קיינער וועט ניט עסן מיינע געפרעגלעכץ, מיין צוקער, מיינע ברעקלעך... אַך, ווי גוט!...

זי איז אַרומגעפלויגן איבער אַלע צימערן און האָט זיך נאָכאַמאָל איבערצײַגט, אַז זי איז אינגאַנצן אַליין. איצטער קען זי טאַקע טאָן אַלץ, וואָס איר וועט זיך נאָר פאַרגלוסטן,

און ווי גוט דאָס איז, וואָס אין די צימערן איז אַזוי וואַרעם! דער ווינטער—איז דאָרטן אויף דער גאַס, און אין די צימערן איז וואַרעם און ליכטיק און היימיש, איבערהויפּט, ווען מע צינדט אָן די לאָמפּן און די ליכט. צוליבן ערשטן לאָמפּ איז אַפילו אַרויס־געקומען אַ שטיקל צָרָה. די פליג איז ווידער אַרויפגעפלויגן גלייך אויפן פייער און איז שיר ניט פאַרברענט געוואָרן. אָבער זי האָט דאָס באַלד פאַרגעסן. ס'איז איר געווען גוט.

די לעצטע פליג איז געווען גליקלעך אינגאַנצן עטלעכע טעג און דערנאָך איז איר מיטאַמאָל אומעטיק געוואָרן, אַזוי אומעטיק, אַזוי אומעטיק, אַז מ'קען עס, דוכט זיך, גאָר ניט דערציילן. איר איז געווען, פאַרשטייט זיך, וואַרעם, זי איז געווען זאַט, אָבער דאָך—דאָך האָט זי באַלד דערשפּירט אַ מאָדנעם אומעט. פליט אַרום, פליט אַרום, רוט זיך אָפּ, בייסט עפּעס צו, ווידער געפלויגן—און ווידער ווערט איר אומעטיק, נאָך אומעטיקער, ווי פריער.

— אַך, ווי מיר איז אומעטיק! — האָט זי געפּישטשעט אויף אַ יאָמערדיק דין קעלכעלע, פליענדיק פון צימער אין צימער.—וואָלט געווען כאָטש נאָך איין פליגעלע, זאָל זיין די סאַמע מיאוסע, אָבער דאָך אַ פליגעלע...

דער ווינטער האָט זיך געצויגן אָן אַ סוף, און די לעצטע פליג האָט אָנגעהויבן צו טראַכטן, אַז קיין זומער וועט שוין מער ניט זיין. איר האָט זיך געוואָלט שטאַרבן און זי האָט שטילינקערהייט געוויינט.—„דאָס האָבן מסתּמא די מענטשן אויסגעטראַכט דעם ווינטער, ווייל זיי טראַכטן אויס אַלצדינג, וואָס ס'איז שעדלעך פאַר די פליגן. און אפשר האָט דאָס די מומע ערגעץ־ווו באַהאַלטן דעם זומער, אַזוי ווי זי באַהאַלט די צוקער און די געפרעגלעכץ?...״

די לעצטע פליג איז שוין אינגאַנצן געווען גרייט צו שטאַרבן. איינמאָל האָט זיך אָבער פּלוצלונג געטראָפן אַ מאָדנע זאַך. זי איז, ווי געוויינלעך, געזעסן אין איר ווינקעלע און געבּעסט, מיטאַמאָל הערט זי שזש־זשזש!... פון אָנהייב האָט זי ניט געגלויבט אירע אייגענע אויערן און געמיינט, אַז עמיצער נאַרט זי אוואַדאי אָפּ. און דערנאָך... רבונו־של־עולם, וואָס טוט זיך דאָ! פאַרביי איר איז פאַרבייגעפלויגן אַן אמתע לעבעדיקע פליג, נאָך גאָר אַ יונגינקע. זי איז נאָרוואָס געבאָרן געוואָרן און האָט זיך געפרייט.

— פרילינג הייבט זיך אָן... פרילינג! —האָט זי געזשומעט.

האָבן זיי זיך דאָס דערפרייט איינע מיט דער אַנדערער! זיי האָבן זיך אַרומגענומען, געקושט זיך און אַפילו אַרומגעלעקט איינע די אַנדערע מיט די שנעבעלעך.

די אַלטע פליג האָט עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד דערציילט, ווי שלעכט ס'האָט זיך איר געלעבט דעם גאַנצן ווינטער און ווי אומעטיק איר איז געווען איינער אַליין. דאָס יונגע פליגעלע האָט נאָר געלאַכט מיט אַ דין קעלכעלע און פאַר קיין פאַל ניט געקאָנט פאַרשטיין, ווי איז דאָס אומעטיק.

— פרילינג, פרילינג!—האָט זי איבערגעחזרט.

ווען די מומע האָט געהייסן אַרויסנעמען אַלע ווינטערדיקע ראַמען, און חנהלע האָט אַרויסגעקוקט דורך דעם ערשטן פונאַנדערגעעפנטן פענסטער—האָט די לעצטע פליג מיטאַמאָל אַלץ פאַרשטאַנען - איצטער ווייס איך שוין אַלץ - האָט זי געזשומעט, אַרויס־פליענדיק דורכן פענסטער—דעם זומער מאַכן מיר, פליגן...

מאמין סיביריאַק.





מאַני לייב.

# זומער-רעגן.

מיט די זילבערנע פיסלעך
לײַכט, לײַכט און לינד,
האָט געטאַנצט דער רעגן
מיטן גאָלדענעם ווינט.

האָט געטאַנצט דער רעגן
אין זײַן העלער קרוין,
אויף די הײַזער און גאַסן,
אויפן האַרטן שטיין.

און פאַרשפּרייט ווי אַ פּאַווע
ווײַט ווײַט אַוועק
איבער דעכער און שפּיצן
זיין פילפאַרביקן עק.

מאני לייב.





# דאָס קינד און דער ים.

ווען רות איז צום ערשטן מאָל צוגעקומען צום ים, האָט זי דער־זען פאַר זיך עפּעס אַ גרויסעס, אַ ברייטס און אַ לעבעדיקס ליגט אויס־געצויגן איבער דער גאַנצער וועלט און פאַרשטעלט דעם וועג. זי האָט זיך ניט געשראָקן פאַר דעם גרויסן, כאָטש ער האָט געהאַט קאָלטענעס ווי אַ הונט, און האָט געמרוטשעט, און אויסגעצויגן זיינע לאַפּעס וואָס אַמאָל נענטער צו איר, ווארים דאָס גרויסע און לעבעדיקע האָט געלאַכט און האָט זיך געגלאַנצט אין דער זון.

— הייב דיך אויף, דו גרויסער, וואָס פאַרשטעלסטו דעם גאַנצן וועג, — האָט רות געזאָגט צום לעבעדיקן גרויסן.

דער גרויסער האָט געשוויגן, נאָר נאָך מער געלאַכט, און נאָך מער זיך געשייַנט, און האָט אַ קודלעוואַטע לאַפּע אויסגעצויגן און האָט שיר דערגרייכט רותס לעטשלעך.

— וועסט דיך ניט אויפהייבן, נייַן, דו נאַקעטער, גרויסער? — און רות האָט גענומען אַ שטעקעלע פון אַ פאַרטריקנט צווייַגל, וואָס זי האָט געפונען ביים ברעג פון דעם גרויסן, און האָט אים אָנגעהויבן צו שלאָגן דערמיט.

— אַי, מאַמע, — האָט דאָס קינד באַלד אָנגעהויבן צו שרייַען, און

איז געשטאַנען אַן אָפּגעצוואָגענע. איר נײַ, ווײַס קליידל, וואָס די מוטער האָט איר ערשט אָנגעטאָן, איז אינגאַנצן באַשפּריצט געווען, און אירע שיינע ווײַסע שיכלעך מיט די רויטע טראָטנדלעך זײַנען אינגאַנצן פֿײַכט געווען, און דער גרויסער נאַקעטער און פֿײַכטער האָט געלאַכט, געלאַכט, און געשײַנט זיך אין דער זון.

די מוטער האָט דערהערט איר שטימע, איז זי געקומען צולויפֿן צום יַם פֿון דעם קליינעם הייזל, אין וועלכן זיי האָבן געוווינט.

האָט רות פֿאַרקלאָגט דעם יַם.

— ער האָט מיך באַשפּריצט, מאַמע, — האָט רות געוויזן אויפֿן נאַ־קעטן גרויסן, — די נײַע שיכלעך מיר נאַס געמאַכט און דאָס נײַע קליי־דעלע. שלאָג אים אויס, מאַמע.

דער יַם האָט געזען, אַז די מוטער קומט אָן, האָט ער זיך דער־שראָקן, מוֹרֶא געקראָגן, איז פֿלינק אַנטלאָפֿן, ווייטער אַוועק מיט זײַנע ווייסע קאָטלעס, וואָרים ער האָט מוֹרֶא געהאַט, אַז די מוטער זאָל אים ניט אויסשלאָגן, און געלאַכט, און קאָזשעלקעס געמאַכט, און אויפֿן קאָפּ זיך געשטעלט, פֿאַר געלעכטער.

אַז די מוטער האָט רותן דאָס קליידעלע איבערגעטאָן און די שיכלעך אויסגעטאָן, וואָרים עס איז וואַרעם געווען, איז רות ווידער אַרויסגעקומען צום יַם.

זי האָט אָבער ניט געקוקט מער אויף דעם גרויסן לעבעדיקן, וואָרים זי איז בְּרוֹגֶז געווען מיט אים, און האָט געהאַט אָפּגעמאַכט, מער שוין קיינמאָל, קיינמאָל ניט מיט אים ניט צו גיין און ניט צו ריידן, ווייל ער האָט איר איר נײַ קליידל באַשפּריצט און אירע שיכלעך נאַס געמאַכט.

אָבער באַלד איז געקומען צו לויפֿן הענדום־פּענדום אַ וואַל פֿון יַם, און ער האָט געטראָגן אויף זײַנע וואַסערדיקע פֿליגלען עפּעס אַ בלישטשענדיקס און אַ שײַנענדיקס און ער האָט זיך געלאָזט לויפֿן זייער אײַלנדיק צו רותן.

— אַוועק, אַוועק, דו גרויסער, דו נאַקעטער, דו קאַלטער, — ווייסט ניט, אַז איך בין מיט דיר בְּרוֹגֶז?

נאָר דער וואַל איז פּונקט אַזוי ווייט געגאַנגען, ביז ער האָט דערגרייכט רותס פֿוס, און ער האָט איבערגעלאָזט צו רותס פֿוס אַ פּערלמוטערדיק שעכטעלע, וואָס האָט זיך זייער געפֿינקלט אין דער זון, און איז צוריק אַוועקגעגאַנגען אין יַם אַרײַן.

— דאָס שיקט דיר אַ מַתָּנָהלע דער גרויסער יַם צו שפּילן זיך דערמיט־

האָט זיך רותן געדאַכט, אַז די וועל זאָגט צו איר. וואָרים זי איז גע־ווינט געוועזן, אַז אַלע גרויסע זאָלן איר מַתָּנוֹת געבן, און שפּילן זיך מיט איר.

אַז רות האָט אויפגעעפנט דאָס פּערלמוטערדיקע קעסטעלע, האָט זי געפונען אַ פּערלדיק קליין שיכעלע פּונקט אַזוי גרויס, אַז עס זאָל צופּאַסן פאַר דעם איינציקן פוס פון איר ליאַלקע; דער צווייטער פוס פון דער ליאַלקע איז געווען אָפּגעבראָכן און פאַרלאָרן געוואָרן, ווען רות האָט אײַנגעפּאַקט אירע זאַכן, ווען זיי האָבן די היים פאַרלאָזט. און פּונקט ווי דער יַם וואָלט געוווּסט דערפון, אַז איר ליאַלקע האָט ניט מער ווי איין פוס—האָט ער איר צוגעשיקט נאָר איין שיכעלע.

האָט זיך רות זייער געפרייט דערמיט. נאָר אַזוי ווי עס איז געווען אַ ביסל אײַנגעריכט מיט זאַמד, האָט זי עס געוואָלט אָפּווישן, איז זי צוגעגאַנגען צום יַם עס אָפּוואַשן.

— אָ, מאַמע,—האָט רות ווידער אָנגעהויבן צו שרײַען מיט אַ גע־וויין. ווידער איז צוגעקומען דער גרויסער און ער האָט זי נאַס געמאַכט מיט וואַסער, נאָר אַזוי ווי דאָס מאָל האָט זי ניט געהאַט אירע שיינע שיכעלעך, נאָר זי איז באָרועס געווען, און דאָס וואַסער איז קיל גע־ווען און אָנגענעם—האָט זי ניט געוווּסט, צי זאָל זי וויינען אָדער לאַכן. האָבן אירע אויגן געוויינט (ווייל עס איז שוין צו שפּעט געווען צוריק צו נעמען די טרערן) און איר מײַלכל האָט געלאַכט:

— אוי, ווי גוט!—האָט רות פאַרענדיקט איר וויינענדיק „מאַמע" מיט אַ פריילעך לאַכן.

פון דענסטמאָל אָן זײַנען רות מיטן יַם פרײַנד געוואָרן.

ש ל ו ם  אַ ש.



# בײַם טײַכל.

— כליופּ, כליופּ, וואַסערל!
ביסט באַשטראַלט.
נאַ דיר מיין פּיסעלע —
האַ! ביסט קאַלט!

—כליופּ, כליופּ, כליופּ,—
ס׳דאַכט זיך דיר.
כליופּ, כליופּ, כליופּ—
שפּיל מיט מיר.

— אַי זשע, טייכעלע,
מאַכסטו שטיק!
טוסט אַ קושעלע,
לויפסט צוריק.

—כליופּ, כליופּ, כליופּ—
גיכער שוין,
—האַ! ביסט קאַלט!
כ׳וויל נישט, ניין!

ל. קוויטקאָ.





שלום אַש.

# מאָטעלע.

צוזאַמען האָבן מיר מיט מאָטעלען געלערנט בײַ ר׳ יוחנן דעם בּדרדקער.

פון קינדהײַט אָן איז ער געווען אַ טרויעריקער, שטענדיק געווען פאַרחושט, פאַרקלערט. ער פלעגט זיך אָפט אָפּשטעלן און קוקן פאַרטראַכט. ער קוקט און ווייס אַליין נישט וואָס. ער הערט מיט אָפענע אויערן, און וואָס, ווען? ער אַליין ווייס נישט.

געזעסן זײַנען מיר, קינדער, בײַם טיש, אין חדר, און מיר האָבן געלערנט.

דער רבי איז געשטאַנען פאַר אונדז און אַכטונג געגעבן, אַז מע זאָל פון דער גמרא נישט אַרויסקוקן.

—מאָטעלע,—פרעגט דער רבי פלוצלונג אין מיטן לערנען—מאָטעלע, ווו האַלסטו?

מאָטעלע, אַזוי ווי ער וואָלט זיך פון שלאָף אויפגעכאַפּט, רופט אויס מיט בליצנדיקע אויגן פאַר פרייד, ווייזנדיק צום הימל:

„פייגעלעך פליען, אַ חתונה... די צוויי, וואָס פליען פאָרויס, זײַנען חתן-כלה, די איבעריקע אַוודאי קלעזמאָרים”...

צווישן אונדז קינדער, ווערט אַ גרויס געלעכטער. מיר לערנען: צוויי קריגן זיך איבער אַ טלית, און ער דערציילט אַ מעשה פון פייגעלעך, וואָס מאַכן אַ חתונה.

מאַטעלע פלעגט זיך אָפּטמאָל אַרויסגַנבענען פון חדר און פאַר־קריכן אויף אַ גאַנצן טאָג אין וועלדל אַריין, וואָס שטייט אונטער דעם שטעטל. ער גייט אַרום צווישן די ביימער און רעדט מיט זיך אַליין, ער זעצט זיך אויף אַ בערגל, וואָס שטייט נאָענט ביים וואַסער, און קוקט אין וואַסער אַריין. ער קוקט אויפן הימל און זעט ווי די ווייַסע וואָלקנס ציען זיך. ער פאַרלאַנגט עפּעס, ער בעט עפּעס פון די גרויע הימלען און ער ווערט שטאַרק טרויעריק.

אַלע פאַרנאַכט, ווען די זון גייט אונטער, פלעגט ער שטיין און גלאָצן מיט די אויגן, ווייזנדיק אַהין מיטן פינגער צו מערב זייט.

„ווי שיין איז דאָרט! ווי שיין איז דאָרט!"—פלעגט ער אויסרופן צו די פאַרבייַגייענדיקע.

און ביינאַכט, ווען ער פלעגט זען די לבנה שייַנען, האָט ער בייַ זיך געהאַט אַן אייגנריידעניש, אַז די לבנה שפּילט מיט אים אין באַהעלטעניש. זי גנבעט זיך אַרונטער אונטער אַ וואָלקן און באַהאַלט זיך פאַר אים—זי פאַרשטעלט זיך פאַר אים, אַז ער זאָל זי נישט געפינען. אָט שפּאַלט זי דורך דעם וואָלקן און ווינקט צו אים, אָט נעמט זי אַ שטערן און וואַרפט אים—און ער עפנט אויף די האַנט, ווי ער וואָלט אים וועלן כאַפּן...

שלום אש.

# חנהלע.

שטייען ביים טייַכל פאַרחלומט
ביימער באַגאָסן מיט שייַן.
חנהלע זיצט לעבן טייַכל,
קוקט אינם וואַסער אַריין.

ערגעץ צעיאָגט זיך אַ פויגל—
חנהלע חלומט און טראַכט.
נאָר אירע אייגעלעך פינקלען,
שייַנען ווי שטערן ביינאַכט.

חנהלע ווייס, אַז דער פויגל
זינגט דאָס זייַן לידל פאַר איר,
זיצט זי אַ שטילע ביים טייכל,
גיט זיך פון אָרט ניט אַ ריר.

לאַנג שוין דער פויגל אַנטשוויגן,
חנהלע הערט זיך נאָך איין,
דרימלט דאָס וואַסער אין טייַכל,
דרימלען די ביימער אין שייַן.

נחום.



# ווײַסע פליגלען.

ווען די קינדער ליגן
אין די ווײַסע וויגן,
און דער מאמעס מַעשיות
זינגען און פאַרוויגן,—

שאָרכן ווייסע פליגל
ביי דער טיר,ביים ריגל,
ביי דעם הויכן באַלקן
און אין בלאָען שפיגל.

און פון בלאָען שפיגל
פלאַטערן זיי ווייסע
אויף דער מאַמעס אַקסלען,
אין דער שיינער מַעשֶׂה.

מאני לייב.



## דער אַרענדאַר

### א.

אין פוילן, אונטער צויזמער, וואָס ביי דער ווײַכסל, האָט געלעבט אַ ייד אַן אַרענדאַר. איז דער אַרענדאַר געווען אַ גרויסער חָשוב ביים פָּריץ, און דער פָּריץ איז אַ גרויסער מאַגנאַט געווען, איז ער, דער אַרענדאַר, געקומען צו גרויס עֲשירות.

האָט ער געהאַט פאָלווארקעס מיט וואַלד און פעלד און הערשאַפטן פון שאָף און רינדער, און ברײַ-הײַזער, און מילן, אויף וואַסער און ווינט, און מזומָנים גאָר פיל, אַחוץ חובות ביי לייט...

מֵילֶא, אַז זיין ליבער גאָמען שענקט מַזל, איז אַװדאַי גוט. איז אָבער דער ייד אַ גראָבער נֶפֶש געווען, אַ קַמצן אַ גרויסער, און ניט געוווסט פון קיין צדָקָה: ניט מִיד-לִיַד, ניט מֵאיר-בַעַל-הַנֵס, גיט מָעות-חִטין, גאָרניט, און לאָזט ניט קיין אורֵח איבער דער שוועל.

אַ ווײַב האָט ער געהאַט דַווקָא אַן אִשָה צנועָה וחשובָה. פלעגט ער איר אָנטאָן געבּרענטע לייד פאַר אַ גראָשן צדָקָה, וואָס זי פלעגט טאָן הינטער זײַן וויסן; פײַניקן פלעגט ער זי דערפאַר.

ווילע קינדער האָט ער געהאַט,—אַפָּנים אָן דער מוטער געראָטן,—האָט ער די יינגלעך אין חדָרים אַריין, אין שטאָט אַרײַן ניט געשיקט, עס זיינען אים די פערד אַ שאָד געווען; און ביי זיך קיין רעכטן מלַמֵד ניט געהאַלטן, נאָר אַ באַהעלפער בחָצי חִנָם, וואָס האָט זיי קוים עִברִי אויסגעלערנט.

האָט פון דעם די אִשָה נאָך מער צַעַר געהאַט.

פלעגט זי גאַנצע טעג וואַרגן זיך מיט די טרערן אין האַלדז, ביינאַכט מיט די טרערן די שטילע אויסנעצן די קישנס; און ערשט יָמים נוראים, אַז מע פלעגט קומען אין שטאָט אַריין, האָט זי אין ווייבער־שול זיך רעכט אויסגעוויינט דאָס האַרץ, קוים קוים די וועלט איינגעריסן.

און אַ תּפילה אַן איין־איינציקע האָט זי געהאַט אויף די ליפּן אינם צעווייטאָקטן האַרץ: זאָל זיין ליבער נאָמען זיך מרחם זיין אויף איר מאַן און זאָל איבערבייַטן דאָס האַרץ צו גוטן, ער זאָל תּשובה טאָן און זאָל מחנך זיין די קינדערלעך לתּורה לחופּה ולמעשים טובים...

וואָס קען מער טאָן אַ צעבראָכן האַרץ פון אַ יידינע?

## ב.

איינמאָל, פרייטאָג בייטאָג, און זומערלעב איז עס געווען,—אַ טאָג אַ גאָלדענער, זיצט די גאַנצע משפּחה דעם אַרענדאַרס מיט אים אויבן־אָן ביים הויז, אין שאָטן פון אַ געדיכטן דעמב; אַ דעמב—אַ ריז איז אינם גערטל געשטאַנען,—און געדעקט איז דער טיש אונטערן דעמב מיט כּל טוב געווען: פיש, פלייש, און צימעס, און אַ שטרודל אַ פיינער. און אַ פלעשל אַלטן מעד.

זיצט ער, דער אַרענדאַר, און עסט און שעפּט נחת פון דער אכילה, און פאַר־טרינקט מיטן אַלטן מעד. באַווייזט זיך פון צווישן ביימער אין גערטל אַ גייער, מיט סחורה אויף די פּלייצעס.

וואָס טראָגט אַרום אַ גייער? בענדער און בענדלעך, קעמעלעך, נאָדלען און האָר־נאָדלען און שפּילצייַג פאַר קינדער... וכּדומה אַזוינע זאַכן.

לאָזט ער דאָס פּעקל פון די פּלייצעס אַראָפּ, גלייַכט זיך קוים אויס... אַן אַלטער גראָער ייד געווען,—און בעט זיך, מע זאָל עפּעס ביי אים אָפּקויפן...

ענטפערט מען נישט... זי וויל נעבעך, האָט ער שוין אויף איר אַ בייזן בליק געוואָרפן...

—די זון איז שוין אַזוי הויך—בעט זיך דער גייער, און איך האָב נאָך אויף שבּת קיין סימן און קיין צייכן ניט.

— אַוועק!—טרייַבט דער אַרענדאַר טרינקענדיק.

— שענקט מיר כאָטש—בעט זיך ווייַטער דער גייער—אַ ביסן אין מויל אַריין, די נשמה צו דערכאַפּן... כאָטש וואַסער אַ טראָפּן, ס'ברענט די היץ...

שלינגט די אשה די געזאַלצענע טרערן; די קינדער קענען ניט צוזען דעם רחמנות און גייען אַוועק פון טיש טיפער אין גערטל אַריין, און דער קמצן, דער אַרענדאַר, שפּרינגט אויף מיט גרויס גרימצאָרן.

—בעטלערס, קבצנים, האָב איך פיינט. כ'רוף דעם משרת, ברעכט ער דיר אַ ביין!

הייבט דער גייער צוריק אויף דאָס פּעקל אויף די פּלייצעס, קרעכצט אָפּ, און, איידער ער גייט אַוועק, פרעגט ער:

—און פאַר גאָט, אַרענדאַר, האָט איר גאָר קיין מורא ניט?

וואָס קען אים גאָט טאָן? וועט ער שיקן אַ פייַער פון הימל און אַוועקשיקן די הייַזער, ברויַ־הייַזער און די מילן, מיט די שפּייַכלערס מיט תּבואות מיטן רויך, בלייבן אים נאָך אַלץ די פאָלוואַרקעס מיט וואַלד און פעלד...

און דער אַלטער מעד שטייַגט אַלץ מער און מער אין קאָפּ אַריין, און ער באַרימט זיך ווייַטער:

און זאָל ער יאָרן־לאַנג ניט לאָזן וואַקסן אין פעלד, האָט ער אַלץ נאָך איבער־געבנוג מזומנים אין קאַסע, וועקסלען אין טייַסטער...

און זאָל ער שיקן גנבים און אויפברעכן די קאַסע און צונעמען אַלץ... מאָנט ער אַלץ די חובות אָפּ... זיין פּריץ איז דער שופט, און וועט אים גלויבן אויפן וואָרט.

צעוויינט זיך די אָרעמע אשה, די ווערטער הערנדיק, אויף אַ קול, און גייט אַוועק פון טיש.. צעלאַכט זיך דער גייער און נעמט זיין וועג און פאַרשווינדט צווישן דיביימער. און דעם אַרענדאַר ווערט עפּעס אין אַלע אברים הייס, נעמט ער אַ האַנטוך פון שטוב אַרויס און גייט זיך באָדן צו דער ווייכסל...

## ג.

באָדט ער זיך אַזוי און קילט זיך און שעפּט נחת פון קאַלטן וואַסער, און שווימט—אַ יונג מיט ביינער געוועןן!—מ י ט ן וואַסער און ק ע ג ן וואַסער, אַרום און אַרום דער וויספּע, וואָס איז דערמיט פון דער ווייכסל, אונטער צוויזמער, און מאַכט קונצן אַלערליי, אויפן רוקן, און טריט־וואַסער, און לייגט „שטילע הענט".

דערהערט ער פלוצלונג פון דער וויספּע, פון צווישן די נידעריקע ביימעלעך, וואָס וואַקסן דאָרט, אַ פויגל־קול. פאַרנעמט עס אים, דאָס קול. ער האָט נאָך אַזאַ שפּילן פון אַ פויגל ניט געהערט...

האָט ער דאָך תאווה צו אַלץ, מוז ער דעם שפּיל־פויגל האָבן, אין שטוב אין אַ שטייַגל האַלטן, אַזאַ שפּיל־פויגל האָט דער פּריץ ניט.

שפּרינגט ער אויף דער וויספּע אַרויף, דערזעט ער דעם פויגל...

אויף אַ צווייַגל פון אַ נידעריקןביימל איז דער פויגל געשטאַנען; און אַחוץ דעם זיסן קול—אַ פויגל אַ פאַרנעמעניש... אַ גאָלדענער פויגל, און רויק שטייט ער זיך און זינגט זיך זייַנס, גלייַך ער זעט זיין שונא ניט.

שלייַכט ער זיך, דער אַרענדאַר, צום ביימל צו, שפּרינגט אונטער מיט אַ אויסגעשטרעקטער האַנט, און כאַפּט לופט אין דער פויסט אַריין—דער פויגל האָט זיך איבערגעהיפּט אין דער שטיל, אויף איין צווייַג, אויף אַן אַנדערן, אויפן ביימל פון דער צווייטער זייט...

גייט ער נאָך, דער אַרענדאַר, שפּרינגט ער ווייטער אונטער, היפּט דער פויגל ווייטער שטיל אַוועק און שטייט שוין אויף אַן אַנדער ביימל, שלייַכט ער זיך ווייַטער צו, היפּט דער פויגל, ביי זיין שפּרונג, צו אַ דריטס אַוועק, און שטייט שוין ווייַטער און שפּילט. שלייַכט ער זיך אים אַלץ נאָך און נאָך, פון צווייַג צו צווייַג, פון ביימל צו ביימל... ער שפּרינגט, דער פויגל היפּט, ביז ער קומט אין גרויסן כעס אַריין און ער רופט צום פויגל אויס:

—וואַרט, וואַרט, כאַפּן וועל איך דיך שוין, מיך וועט ניט מיד מאַכן קיין פייגעלע, באַר שוין ניט דייַן זינגען וויל איך אַצינד, איך האָב דיך שוין פייַנט. וואַרגן וועל איך דיך, פייגעלע, און וואַרפן פאַר מייַן הונט...

צעלאַכט זיך פלוצלונג דער פויגל ווי אַ מענטש, און גיט אַ שאָס אַרויף אין דער הויך און פאַרשווינדט אונטערן הימל. בלייַבט דער אַרענדאַר שטיין פאַרטומלט.

עס דאַכט זיך אים, אַז דאָס איז דאָסזעלבע קול, מיט וועלכן דער אָרעמער גייער האָט געלאַכט, לאָזט ער זיך מָרָה־שחורָהדיק צוריק אין וואַסער אַריין און שווימט, שוין אָן גבורות און אָן קונצן, צוריק איבער דער ווייכסל, צום אָרט, ווו ער האָט זיך אויסגעטאָן, און געפינט די זאַכן ניט!

## ד.

אַז דער אַרענדאַר האָט דערזען, אַז די זאַכן זײַנען ניטאָ, האָט ער, ווי דער שטייגער איז פון אַ גראָבן גֶפֶש, אָנגעהויבן צו שילטן אויף אַ קול.

שילט ער דעם גַנָב, וואָס האָט אים איבערגעלאָזט אין אַזאַ הויט.

דערנאָך לויפט ער אויף־און־אָפּ ביים ברעג פון דער ווייכסל, און שרייט און רופט — ענטפערט אים קיינער ניט, נאָר אַ צעריסן ווידערקול פון נאָענטן שיטערן וועלדל.

די זון האַלט אין זינקען; קיין לעבעדיקע נשָמָה אויף וויזע און פעלד — אָפּגעשטעלט די אַרבעט.

אַ טראַטווע קומט אָן צו שווימען איבער דער ווייכסל; פון דאָרט וועט ער קיין הילף ניט באַקומען און ער וועט דאָך ניט לויפן אַ נאַקעטער איבער דער פאָרשטאָט, מע וואָלט געלאָפן אויף זיין בייז־וווּנדער, געמיינט: משוגע געוואָרן דער אַרענדאַר.

דערווייל דערשפּירט ער הונגער: נאָכן באָד, מיט שווימען, און אַזוי לאַנג אין מויל ניט געהאַט.

און קעלט דערצו: צוגעפאַלן אַ קילער אָוונט, עס קלאַפּט אים אַ צאָן אָן אַ צאָן...

דערמאָנט ער זיך, אַז הונגער און קעלט זײַנען צוויי קַבְּצָנישע זאַכן; פאַלט אים אָן אַ גרימצאָרן אויף זיך אַליין, ווי לאָזט זיך אַ מענטש אַזוי אַראָפּפירן פון וועג פון אַ נאַרישן פייגעלע; בײַסט ער זיך די נעגל פאַר כַּעַס, רייסט ער זיך באָרד און פֵּאות, און פאַלט אויף דער ערד פאַר גרויס צַעַר...

און די אַראָפּגעלאָזטע זון קוקט פון דער ווייכסל אַרויס מיט אַ ברענעדיקער ראַנד, גלייך זי שפּעט אויס אים!

און אין פאָרשטאָט צינדן זיך דערווייל אָן פאַמעלעך די קליינע פויערשע פענסטערלעך, פריילעך טאַנצן די פײַערלעך, ווי אויף לְהַכעיס... דאָס — לייכטן און בלאַנקען די ש׳יבן פון יידישע הייזער אויפן רוקן פון בערגל, און אַזוי נַחֲתדיק — שַבָּתדיק.

און אויף די שווימענדיקע טראַטוועס טאַנצן די פלעמעלעך פון לאַמטערן און פייערלעך — צערייצט עס אים נאָך מער...

איז ווייניק, שווימען אָן אין דער שטילקייט קלאַנגען פון אַלע זייטן: פון שטאָט — „קַבָּלַת־שַבָּת״, פון פאָרשטאָט — די לידער פון פויערשן יונגוואַרג אין גאַס, אויף אַ טראַטווע שפּילט עמיץ אויף אַ מאַנדאָלינע, אַ פײַפערל העלפט אונטער...

און ער מוז דאָ ליגן אין געהאַקטע צָרות...

וואַרפט ער זיך אַזוי לאַנג אויף דער ערד, ביז אַלץ איז שטיל און אויסגעלאָשן, דעמאָלט ערשט הייבט ער זיך אויף און לויפט אויף אונטער־וועגן, איבער די וויזן אַהיים...

קומט ער אָן אָטעם און קוים אַ לעבעדיקער צו צום הויז, איז עס שוין אײַנגעהילט אין חושֶך: טיר און טויער פאַרהאַמערט; די פענסטער פאַרמאַכט און פון אינעווייניק פאַרלאָדנט...

פאַלט ער נאָך מער אין רציחָה אַריין:

—כאַליען שוין! גיט געוואָרט אויפן באַלעבאָס!

ער וועט זיך שוין אָפּרעכענען מיט אַלע: מיט דער פלוניתטע דער עיקר... דעם משרת וועט ער אַרויסטרייַבן ווי אַ הונט...

און גיט אַ לאָף צו צום טויער, און הייבט אָן קלאַפּן מיט די פויסטן.

לויפט אַרויס פון קיך אויפן הויף אַרויס דער משרת מיט אַ געשריי:

—עה, דו, שלעפּער איינער! דאָ איז ניט קיין אורחים-הויז! דער באַלעבאָס וועט דערהערן, הייסט ער דיר ברעכן אַ ביין!

פאַלט עס דעם אַרענדאַר, ווי אַ בלייַ אויפן האַרץ; די ווערטער האָט ער דעם אָרעמען גייער געזאָגט: ער וועט אים הייסן ברעכן אַ ביין!

דערווייל איז דער משרת צוגעקומען צום טויער און אַרויסגעקוקט דורך אַ שפּאַרע, דערזעט ער אַ נאַקעטן, כאַפּט ער זיך ביי די זייטן פאַר געלעכטער.

—אַ נאַקעט משוגעת, כאַ-כאַ-כאַ!

לאַכן דעם אַרענדאַר אין די אויערן: דער משרת, דער גייער און דער פויגל צוזאַמען, לויפט ער אַוועק צום פענסטער פון זיין שלאָף-שטוב:

—גיטעלע,—קלאַפּט ער אָן—גיטעלע, עפן מיר אויף...

דערהערט ער, ווי אַ קול פון אַ מאַנספּאַרשוין נאָר עפּעס אַזוי ענלעך, ווי זיין אייגן קול, פרעגט מיט גרויס וווּנדער:

—גיטעלע, ווער קען דיך עס רופן ביינאַכט, און אירצט דיך אַפילו ניט?...

—כ'ווייס ניט, מיין מאַן—הערט ער גיטעלעס ענטפער,—עפן אויף לאָדן און פענסטער, און גיב אַ קוק—אפשר האָט זיין ליבער נאָמען, וואָס האָט דיך איבערגעביטן, דיר אַ מצווה צוגעשיקט...

„איבערגעביטן? ווען, ווי אַזוי פאַרביטן?"—אַרבעט אומזיסט דעם אַרענדאַרס קאָפּ, און דערווייל עפנט זיך פון אינעווייניק דער לאָדן, דערנאָך דאָס פענסטער, און עמיץ קוקט אַרויס.

ווערט דער אַרענדאַר שוין גאָר צעטומלט: זיין פּנים, זיין העמד, רויט אויס-גענייט, נאָכגעמאַכט דעם פּריק, און זיין שלאָף-מיצל מיטן זילבערנעם קווייטל.

און יענער זאָגט:

—גיי גיט צו, גיטעלע, עפּעס אַ נאַקעט משוגעת... דערלאַנג מיר פאַר אים עפּעס די חרפּה צוצודעקן; נאָר אַלטוואַרג, ער וועט זיי סיי-ווי צערייַסן, אַז גאָט שטראָפט מיט אַ משוגעת, אַ העמד, אַ פאָר פלודערן... און אַ היטל; מיטן בלויזן קאָפּ איז ער אויך—און אַ חלה, גיטעלע—ער איז אַוודאי אויסגעהונגערט אויך...

שטייט דער אַרענדאַר פאַרשטיינערט און זעט מיט אויסגעגלאָצטע אויגן, ווי מע וואַרפט אים דאָס אַלץ אַרויס; און דאָס פענסטער ווערט פאַרמאַכט און פאַרלאָדנט...

—אַן אומגליק האָט מיך געטראָפן—ברעכט זיך דער אַרענדאַר די הענט,—עפּעס אַ שווינדלער איז געקומען, פאַרשטעלט זיך און צוגענומען מיין האָב-און-גאָב...

לויפט ער אַוועק צום לאָדן פון דער קינדער-שטוב, קלאַפּט ער און רופט...

—יענקעלע, משהלע, שיינדעלע, אייער טאַטע קלאַפּט, עפנט אויף, ס'האָט אים אַן אומגליק געטראָפן...

זייַנען נאָך אַפּנים די קינדער ניט געשלאָפן.

ענטפערט יענקעלע פון בעט אַרויס:

—מאַכט ניט קיין חוזק, ייד... מיין טאַטע איז ערשט די רגע דאָ געווען... די קישנס מיר פאַרריכט.

און משהלע:—מיט מיר קריאַת-שמע געלייענט...

און שיינדעלע:—און אונדז אַלע דריי צום ערשטן מאָל געקושט... „אַ גוטע-נאַכט" געזאָגט...

—מיט מיר וועט ער אַלע אָוונט קריאַת-שמע, לייענען!—באַרימט זיך משהלע.

—און היינט אין שטאָט געווען, אַ גוטן מלמד באַשטעלט, ר'וועט קומען מוצאי-שבת, נאָך הבדלה...

און שיינדעלע זאָגט,—הערט, ר' ייד! נאַרן דאַרף מען ניט. נאָר אויב עס פעלט אייך עפּעס,—האָט קיין מורא ניט, קלאַפּט אָן ביים טאַטעשעס פענסטער...

—גאָט, ברוך-הוא, האָט אויסגעהערט דער מאַמעס געבעט און דעם טאַטן איבערגעביטן, אַ גוטן ווילן טאַטן האָבן מיר!

—„שלעכט, דאָ איז עפּעס אַ שווינדל געשען!—פלאַמט אויף אין אַרענדאַרס מוח—מע מוז, כאָטש האַלבער נאַכט, לויפן צום פּריץ! עס איז זיין זאַך, ער איז דאָך שופט! ער מוז העלפן!

וועט ער דאָך ניט לויפן נאַקעט, און די געדערים ליגן אים ניט אויף איין אָרט, לויפט ער צוריק צום ערשטן פענסטער, כאַפּט און מאַכט צוויי-דריי ביס פון קוילעטש, ציט אויף זיך אַרויף די בגדים—און ער לויפט, לויפט איבערן גערטל און שלאָגט זיך אין איילעניש אָן אָן אַ בוים, אונטער וועלכן דער אָרעמער גייער איז געשטאַנען.

תלין מיינער!—שרייט ער אויס, גלייך יענער וואָלט נאָך דאָרט געשטאַנען, און לויפט צום פּריץ.

צום פּריצס הויף איז אַ מהלך, זומער איז די נאַכט ניט קיין גרויסע, קומט ער אָן שוין פאַרטאָג צום הויף.

זעט ער דורך די אייזערנע שטאַכעטן, אַז דער פּאַלאַץ איז באַלויכטן, עס רודערט זיך אין פּאַלאַץ, אין גרויסן ברייטן הויף שטייט געשפּאַנט דעם פּריצס קאָטש, די פערד הירזשען און קלאַפּן מיט די פּאָדקאָוועס אָן די שטיינער—דער פריץ זעצט זיך אויף, מע עפנט דעם טויער,—אַרום דער קאָטש רייטן פיל פון פריצס קאָזאַקלעך מיט שטורקאַצן אין די הענט. נאָך דער קאָטש—די רעשט, מע פאָרט אַרויס.

דער אַרענדאַר קלערט ניט לאַנג, גיט זיך אַ וואָרף פאַר די פערד אין דער ברייט, דער שמייסער האָט קוים איינגעהאַלטן די פערד.

— וואָס איז?—פרעגט דער פּריץ פון קאָטש אַרויס.

לויפט צו צום אַרענדאַר אַ קאָזאַק מיט אַ שטורקאַץ און ענטפערט אין קאָטש אַריין:

—עפּעס אַן אָרעמער ייד!

שפּרינגט אויף דער אַרענדאַר:

—פּריץ, דיין אַרענדאַר, מיט אַ נויטיק משפּט... אַ גנב, אַ שווינדלער—

—ווער עס איז,—ענטפערט דער פריץ בייז—איך פאָר קיין ווארשע, — זאָל ער גיין צום רב. טרייבט אים פון וועג...

קאַרגן די קאָזאַקלעך פאַר אַ ייד קיין נאַהייקעס ניט; קאָלערט זיך דער אַרענדאַר אונטער די שמיץ פון וועג אַראָפּ אין ראָוו אַריין...

די קאַטש איז אַוועק...

שטיל געוואָרן. און דער געשמיסענער צעווייטאָקטער אַרענדאַר שלאָפט איין אין ראָוו ביים וועג.

## ה.

ניט לאַנג איז דער אַרענדאַר געשלאָפן אין ראָוו...

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט.

וואָס טוט ער דאָ? וואָס ברעכן אים אַזוי אַלע ביינער? וואָס איז ער עס געלעגן און געשלאָפן אין ראָוו, און וואָס פאַר קליידער טראָגט ער עס? וואָס פאַר אַ בייזער חלום חלומט זיך אים?

פליט אַ פייגעלע נידעריק פאַרביי, מאַכט אַ ראָד אַרום זיין קאָפּ, קוקט אים מיט לאַכנדיקע אייגעלעך גלייך אין פּנים אַריין, און ער דערמאָנט זיך אַלץ מיטאַמאָל און כאַפּט זיך אָן ביים קאָפּ...

מע האָט אים באַגנבעט און באַשווינדלט, און דער פּריץ, דער שופט, איז אַוועק קיין וואַרשע און איבערגעלאָזט אים ווי אַ יתום...

פאַלט אים איין: זאָל ער כאָטש אָפּראַטעווען דערווייל די חובות ביי ליַיט.

לויפט ער אין פאָרשטאָט אַריין, קלאַפּט אָן ביים ערשטן-בעסטן פויערשן בעל-חוב:

— עה, וואַסיל, כ׳דאַרף גראָד נויטיק געלט, גיב מיר אָפּ דעם חוב.

קוקט וואַסיל דורכן פענסטערל אַרויס און פרעגט:

— ווער ביסטו, ייִד? וואָס פאַר אַ חוב האָסטו ביי מיר?

— דערקענסט מיך נישט, איך בין דאָך דער אַרענדאַר!

צעלאַכט זיך וואַסיל אויף אַ קול און קומט מיט דער גאַנצער משפּחה פאַר דער טיר.

— געפעלט אייך — פרעגט ער — אַזאַ משוגעת? טראָג זיך אָפּ, איך וייץ אויף דיר אָן די הינט...

לויפט דער אַרענדאַר צום צווייטן בעל-חוב.

טרעפט ער אים שוין אַרויסגיין פון שטוב מיט גראַבלעס צום היי, — דערזעט יענער אים, איילט יענער צו צום פענסטער, פּויקט מיט די פינגער אין שטוב אַריין און רופט:

— עה קינדער, קומט אַרויס, וועט איר זען אַ משוגענעם.

און אַזוי איבער דער גאַנצער פאָרשטאָט. מע לויפט אויף זיין בייז וווּנדער; מע וואַרפט אים נאָך שטיינער און שטעקנס; די הינט רייסן אים די פּאָלעס; קוים אַ לעבעדיקער איז ער פון פאָרשטאָט אַרויס, אין שטאָט אַריַינגעקומען, און לויפט צו די ייִדישע בעלי-חובות...

און ער האָט שוין די העזה ניט צו זאָגן, אַז ער איז דער אַרענדאַר. זאָגט ער, דער אַרענדאַר האָט אים געשיקט נאָך געלט, און גיט סימנים, אמתע סימנים, טרייבט מען נאָים פון טיר צו טיר ווי אַ משוגענעם — אַ ייִד זאָל מאָנען געלט אום שבת...

זעט ער, אַז ער איז אינגאַנצן פאַרלוירן, זעצט ער זיך אַנידער אין מיטן מאַרק אויף אַ שטיין און וויינט אין האַרצן אין דער שטיל, מיט טרוקענע אויגן.

דער עולם גייט פאַרביי דאַוונען, ווייזט אויף אים איינער דעם צווייטן:

— נעבעך, אַ משוגענער ייד... ווער ווייסט, פון וואַנען?...

יינגלעך שטעלן זיך אָפּ... אַנדערע שלעכטע ווערטן, די עלטערע זאָלן אַוועקגיין אין שול אַריין, ווען זיי זיך נעמען צום משוגעת... מע זאַמלט שוין שטיינדלעך אין די טאַשן אַריין.

נעמט ער און אַנטלויפט באַצייַטנס באַרג אַראָפּ, צום וואַסער-צו, דערזעט זיך אינם וואַסער. דערזעט ער, ווי ער זעט אויס: צעוואָרפן די האָר, צעקנייטשט און צע-קנוידערט דאָס פּנים, אייַנגעפאַלענע און ברענענדיקע אויגן, און עפּעס גראָער איז ער געוואָרן איבער נ אַ כ ט — און עס כאַפּט אים אָן אַ גרויל: עפּעס איז ער אַזוי ענלעך געוואָרן צום אָרעמען גייער, וואָס ער האָט פאַרטריבן...

לויפט ער ווי משוגע ביים ברעג פון דער ווייַכסל אויף-און-אָפּ, אויף-און-אָפּ, ביז דער שַבָּת איז אַוועק, די זון איז אונטערגעגאַנגען. דערמאָנט ער זיך, אַז דער פריץ האָט אים געהייסן גיין צום רָב, ער וועט דעם פריץ פאָלגן, ער האָט קיין אַנדער עֵצָה ניט.—לויפט ער צוריק אין שטאָט אַרייַן צום רָב, גייט דער רָב אַרום איבער דער שטוב—ערשט נאָך דער הַבדָלָה.

—רֶבי, איר מוזט מיך ראַטעווען!

דערלאַנגט אים דער רב קודֶם-כֹּל „שָלום” און פרעגט: ווער עס איז?

שטאַמלט ער:

— דער אַרענדאַר...

ער איז שוין אַליין ניט זיכער, צי ער איז עס באֱמֶת...

בעט אים דער רב זיצן און זאָגט אים אַזוי:

— אונדזער אַרענדאַר איז ביי מיר געווען פרייטאָג נאָכן אָנבייסן... ער האָט זיך שטאַרק געענדערט, דער אַרענדאַר; גאָר אַ יידישער מענטש געוואָרן...

—איבערגעלאָזט גרויס געלט פאַר אָרעמע לייט, פאַר תַּלמוד-תּוֹרָה-קינדער אויף הַלבָּשָה... צוגעזאָגט צו פאַרריכטן די שול... געבעטן מיך, איך זאָל אים אַרויסשיקן אַ גוטן מלַמֶד פאַר די קינדער...

דערמאָנט זיך דער אַרענדאַר אָן די קינדערס רייד און עס כאַפּט אים אָן אַ ספּאַזם אין האַלדז און ער קאָן קיין וואָרט ניט אַרויסברענגען.

און דער אַלטער רָב נעמט אין איין האַנט ביידע שפּיצן פון דער גראָער באָרד און קוקט אויף אים אַ לאַנגע ווײַלע מיט באַרמהאַרציקע אויגן, און לסוף זאָגט ער:

— „דער אַרענדאַר זיינט איר ניט... אֶלָא מאַי, איר האָט אַן אייַנרייַדעניש... אויך אַ שטראָף פון זיין ליבן נאָמען”...

— רֶביצין—רופט דער רָב אין דער צווייטער שטוב אַרייַן—גיב דעם ייד אַ גלעזל וואַרעמס, און, אַז ער וועט עס אויסטרינקען, זאָג דעם שַמָש, ער זאָל אים אָפּפירן אין הֶקדֶש אַרייַן און מאַכן אים אַ בעט צו שלאָפן... איך מוז גיין וועגן אַ מלַמֶד פאַרן אַרענדאַר...

און שפּעטער, אַז דער שַמָש איז צוגעקומען, האָט זיך דער אַרענדאַר שטילער-הייט אונטערגעגעבן און געלאָזט זיך פירן אין אורחים-הויז אַריין...

## ו.

דער אַרענדאַר האָט זיך אונטערגעגעבן.

ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זיין ליבער נאָמען האָט אים געשטראָפט פאַר די רייד.

ער האָט טאַקע ביי אים ניט צוגענומען דאָס פאַרמעגן, פאַר דעם אָבער — אים פון פאַרמעגן...

פאַרפאַלן...

און שוין יאָרן־לאַנג, אַז ער גייט אַרום מיט די קבצנים איבער דער מדינה, פון ישוב צו ישוב, פון הויז צו הויז, פון טיר צו טיר, מיט אַ בײַטעלע אויף „גדולים" *) און „פּרוטות" אין קעשענע און אַ טאָרבע אויף שטיקלעך ברויט און חלה איבערן האַלדז.

ווער ווייסט, ווער ער איז, פון וועמען ער שטאַמט, פון וואַנען ער קומט... ער האָט מיט דער צייט זיין נאָמען פאַרגעסן; מע רופט אים: שטיל־משוגעת, איז דאָס זיין נאָמען...

נאָך אַ צייט מיט יאָרן איז אַרויס אַ קלאַנג, אַז ערגעץ אין דער סביבה וועט זיין זייער אַ רייכע חתונה, מיט אַ גרויסער אָרעמער סעודה; קלייבט זיך די חברה־קבצנים צו דער חתונה, גייט „שטיל־משוגעת" מיט...

קומען זיי אין דער שטאָט אַריין, וואָס איז געווען האַלב־וועגס צווישן די מחותנים, זיינען זיי אַקוראַט געקומען: קוים צייט געהאַט צו לויפן אין מרחץ אַריין, זיך אויסצוואַשן, די בערד אויסצוקעמען און אָפּרייניקן די מלבושים. די אָרעמע סעודה איז גרייט, אין אַ סאַלע די טישן געדעקט, מיט אַלעם גוטן — צוויי פעסער ביר געעפנט, אַ פאַס מעד, אַחוץ פלעשער מיט ווײַן און בראַנפן...

זעצט מען זיך אַרום די טישן.

דער מחותן מיט דער מחותנתטע און די כלה אין דער מיט — אויבן אָן; די סעודה איז געווען פון כלה־צד...

זיצט „שטיל־משוגעת" און וואַרפט אָן אויג אויפן טיש: באַקענטע טעלער, באַקענטע מעסער און גאָפל, און לעפל... ער קוקט זיך בעסער צו: זיינע אותיות ביי דער פריוו...

הערט ער ווי די מחותנתטע זאָגט:

— עסט, יידן, און טרינקט געזונטערהייט, און בענטשט מיר די כלה מיינע און ווינטשט גוטע יאָרן דעם זיווג...

דערקענט ער דאָס קול... גיטעלעס קול...

הייבט ער די אויגן אויף: זיין טאָכטער שיינדעלע איז די כלה —

— לחיים, יידן, לחיים! — רופט דער מחותן — דאָס איז זיין אייגן קול פון אַמאָל...

דערשרעקט ער זיך, ווערט אים ניט גוט, פאַלט ער אַרונטער אויפן אָנלען פון בענקל. —

זאָגט דער מחותן צו צוויי סאַרווערס, וואָס דרייען זיך אַרום טיש:

— נעמט דעם ייד, וואָס עס איז אים ניט גוט געוואָרן, אין דער שטוב אַריין, ווו עס ברענט אין אויוון, און טוט אים אויס, און לייגט אים אין בעט אַריין... און איך וועל נאָכקומען זען, צי מע וועט חס־ושלום, ניט דאַרפן — אַ רופא, צי אַ דאָקטאָר...

---

*) גראָשנס.

קרימען זיך די סאַרווערס אַ ביסל—נאָר, אַז דער מחותן הייסט, פאָלגט מען...

אין אַ מינוט אַרום ליגט שוין דער אַרענדאַר אין זיין שטוב, אין זיין בעט, אויף זיין קישן, אונטער זיין איבערבעט, און קוקט פאַרדולט אין פייער פון אויוון אריין... איז עס אַ בייזער, וויסטער חלום געווען?...

די סאַרווערס גייען אַוועק, דער מחותן קומט אַריין און פרעגט:

— נו, פעלט אייך עפּעס, אורח־לעב?

— ניין... און פאַרמאַכט די אויגן פון שרעק פאַר „יענעם"...

און נאָך אַ מינוט מאַכט ער מיט פאַרמאַכטע אויגן:

— איך וויל אייך עפּעס בעטן, באַלעבאָס. איר זאָלט אויף מיר קיין פאַריבל ניט האָבן...

— חס־ושלום, בעט, וואָס איר ווילט... דאָס גרעסטע נחת פון אַ מענטשן איז אויב ער קאָן עפּעס צוליב־טאָן אַ צווייטן...

קרעכצט דער בעטלער אָפּ און זאָגט:

— ווער איז דער חתן אייערער?

— ער פאַסט צו דער כּלה—ענטפערט דער מחותן, גאָרנישט פאַרוווּנדערט אויף דער שאלה—אַ רבֿס אַ זון, אַליין אַ למדן אַ גרויסער, מיט אַלע מעלות...

— מעג איך שוין שטאַרבן!—זאָגט דער בעטלער און הייבט אָן ציטערן אויפן גאַנצן לייב.

— ניין אורח־לעב—זאָגט דער מחותן... מע שטערט ניט קיין יידישע שׂמחה. מע שטאַרבט נאָך נישט... אייך איז נאָר קאַלט. זעט, וואָס איך טו...

און ער כאַפּט דעם אורחס אָנטאָן פון בענקל אַראָפּ און וואַרפט אין פייער אַריין...

— איר—זאָגט ער, אַז דאָס פעטע אָנטאָן צעפלאַקערט זיך אויפן פייער—וועט נעמען אויף זיך מ־י־נ־ע, דאָס הייסט, אייערע מלבושים—געניצט שוין געליטן...

און כּהרף־עין וואַרפט ער פון זיך די מלבושים אַראָפּ און ער אַליין פאַרשווינדט...

---

פאַרשטייט שוין דער געוועזענער אַרענדאַר, וואָס דאָס באַטייט; באַנייען זיך אים די כּוחות, שפּרינגט ער אַרויס פון בעט, כאַפּט אויף זיך די קליידער און לויפט אַרויס—אַ מחותן צו די אָרעמע געסט...

זאָגט גיטעלע:

— נו, מיין מאַן, נישט גלייכער אַזוי?

און שיינדעלע פאַלט אים אויפן האַלדז.

— טאַטעשי! וועסט שוין אייביק זיין אַ גוטער...

אָן קראַנקן אָרעמאַן האָבן עפּעס אַלע פאַרגעסן...

יצחק לייבוש פּרץ.





שלום־עליכם.

# שמואליק דער יָתום.

פאַראַן פּנימער, וואָס זיינען באַשאַפן געוואָרן פון גאָט אויף צו פאַרכּישופן אַייך מיטן ערשטן קוק. „האָב מיך ליבּ!״ — אַזוי שרייט צו אַייך דאָסדאָזיקע פּנימל, און איר באַקומט דאָס ליבּ, איר ווייסט ניט פאַרוואָס.

אָט אַזאַ מין חנעוודיק פּנימל האָט געהאַט שמואליק דער יָתום, אַ ייִנגל אָן אַ טאַטן, אָן אַ מאַמען, וואָס אויפגעהאַלטן האָט ער זיך בּיים רָבּ.

צו אים איז דאָס צוגעקלעפּט געוואָרן שָלום נָחום וועוויקס פון דער ערשטער מינוט, וואָס זיי האָבּן זיך באַקענט, זיך געטיילט מיט די אָנבּייסנס און מיט די מיטאָגס האַלבּ אויף האַלבּ און געוואָרן חבֵר — אָבּער וואָס חבֵר הייסט! נֶפֶש אַחַת — איין לייבּ, איין נשָמה! פאַרוואָס? איבּער זיינע מַעשיות.

קיינער האָט ניט געהאַט אַזויפיל מַעשיות אויף צו דערציילן. דאָס איז אָבּער נאָך ניט אינגאַנצן. דאָס דערציילן אַליין איז אויך אַ זאַך, דערציילן אַ מַעשה דאַרף מען קענען. און שמואליק האָט געקאָנט דערציילן מַעשיות אַזוי ווי קיינער ניט!

פונוואַנען האָבן זיך צו דעם ציקאַוון בְּחוּרל מיט די רויטע בעקלעך און מיט פאַרחָלומטע אויגן גענומען אַזויפיל מַעֲשׂיות און אַזעלכע שיינע, רייכע מַעֲשׂיות מיט אַזעלכע שיינע פאַנטאַסטישע בילדער? צי האָט ער זיי ווו געהערט אַמאָל דערציילן? אָדער דאָס איז געווען פון זיין קאָפּ אויסגעטראַכט, לויטער פאַנטאַזיעס? עַד־הַיום קען איך דאָס ניט באַ־גרייַפן. איך ווייס נאָר איין זאַך: עס האָט זיך ביי אים געגאָסן ווי פון אַ קוואַל, נאָר פון אַזאַ קוואַל, וואָס שעפּט זיך ניט אויס קיינמאָל. און געגאַנגען איז דאָס בייַ אים גלאַט, ווי אויף בּיימל, און געצויגן האָט זיך עס ווי אַ לאַנגער זיידן־פאָדעם. און זיס איז געווען די שטים, זיס די שפּראַך, זיס ווי צוקער, און די בעקלעך רויט, און די אויגן פאַר־חָלומט און נאַסלעך, ווי איבערגעצויגן מיט אַ דין רויכל.

פאַרקליבן זיך פרייטאָג נאָך האַלבן טאָג, אָדער שַבָּת נאָכן עסן, אָדער יום־טוב פאַרנאַכטלעך אויפן הויכן וואָראָנקאָווער באַרג, וואָס „דער שפּיץ זיינער דערגרייכט כִּמְעַט ביז דער כּמארע", האָבן זיך ביידע חֲבֵרים אַוועקגעלייגט מיטן פָּנים אַראָפּ צום גראָז אָדער מיטן פָּנים אַרויף צום הימל, און שמואליק האָט גענומען דערציילן אַ מַעֲשֶׂה נאָך אַ מַעֲשֶׂה: אַ מַעֲשֶׂה פון אַ בֶּן־מֶלֶךְ מיט אַ בַּת־מַלְכָּה, אַ מַעֲשֶׂה פון אַ רֶבּ מיט אַ רֶביצין, אַ מַעֲשֶׂה פון אַ פּרינץ, אַ מַעֲשֶׂה פון אַ פּרינצעסין אין אַ קרישטאָלענעם פּאַלאַץ, אַ מַעֲשֶׂה פון צוועלף גַזְלָנים אין וואַלד, אַ מַעֲשֶׂה פון אַן אָקרענט, וואָס האָט זיך אַוועקגעלאָזט אויפן פאַר־גליווערטן יַם. און מַעֲשׂיות פון חַיוֹת, פון שֵדים און פון רוחוֹת און פון מְכַשְּפים, שרעטעלעך, פּיפּערנאָטערס, האַלב־מענטש, האַלב־חַיָה, און אַ מַעֲשֶׂה מיט העגגלייַכטער פון פּראָג — און יעדע מַעֲשֶׂה האָט גע־האַט איר טַעַם מיט איר רֵיחַ, און אַ באַזונדערער כּישוף איז געווען אויסגעגאָסן אויף זיי אַלע.

דער חָבֵר, שָלום נָחום וועוויקס, האָט געהאַלטן אָפן מויל און אויערן, קיין אויג ניט אַראָפּגעלאָזט פונם דאָזיקן ציקאַוון בְּחוּרל מיט די רויטע בעקלעך און מיט די פאַרחָלומטע, נאַסלעכע אויגן.

— פון וואַנען ווייסטו דאָס אַלצדינג, שמואליק?

— נאַרעלע, דאָס איז נאָך גאָרניט. למאַי איך ווייס, ווי מע צאַפּט וויַין פון דער וואַנט? און בּיימל פון דער סטעלי?

ווי אַזוי צאַפּט מען דאָס וויַין פון דער וואַנט? און בּיימל פון דער סטעלי?

— נאַרעלע, דאָס איז נאָך אויך בלאָטע! איך ווייס אַפילו, ווי מע

מאַכט פון זאַמד גאָלד און פון שערבלעך דימענטן מיט בריליאַנטן.

— ווי אַזוי מאַכט מען דאָס?

— ווי אַזוי? דורך קַבָּלָה. דער רֶבּ איז דאָך אַ בַּעַל-קַבָּלָה. ווער ווייס עס ניט? ער שלאָפט דאָך קיינמאָל ניט.

— וואָס דען טוט ער?

— ביינאַכט, ווען אַלע שלאָפן, איז ער אויף. זיצט ער אַליין און פאַרנעמט זיך מיט קַבָּלָה.

— און דו זעסט אַלצדינג, וואָס ער טוט?

— ווי קאָן איך זען, נאַרעלע, אַז איך שלאָף?

— פון וואַנען-זשע ווייסטו, אַז ער פאַרנעמט זיך מיט קַבָּלָה?

— ווער ווייסט עס ניט? דאָס ווייס דאָך אַ מינדסט קינד. פרעג וועמען דו ווילסט. דאָס וואָס דער רֶבּ קען, נאַרעלע, קען קיינער ניט. וויל ער — זיינען אָפן פאַר אים אַלע צוועלף ברונענס מיט קוועקזילבער און אַלע דרייצן גערטנער פון סאַמע זאַפרען, און גאָלד מיט זילבער, מיט דימאַנטן, מיט בריליאַנטן — כּחוֹל הַיָם, אַזויפיל, אַז ס׳גלוסט זיך אַזש ניט!...

— פאַרוואָס-זשע ביסטו תָּמיד הונגעריק? און פאַרוואָס האָט ער ניט אויף שַׁבָּת?

— אַזוי, וואָרים ער וויל ניט. ער וויל בעסער אָפּקומען אויף דער וועלט, תּשוּבָה טאָן. ער איז אַ בַּעַל-תּשוּבָה. ער זאָל וועלן, וואָלט ער געווען רייך ווי קוֹרַח: טויזנט ראָטשילדס וואָלט ער פאַרשטעקט אין גאַרטל. וואָרים ער ווייס אַפילו דאָס אָרט, ווו דער אוֹצָר ליגט באַהאַלטן.

— ווו ליגט דער אוֹצָר באַהאַלטן?

— חָכָם! פון וואַנען זאָל איך וויסן? ווען איך זאָל וויסן, ווו דער אוֹצָר ליגט, וואָלט איך דיר שוין לאַנג געזאָגט. איך וואָלט אינמיטן ביינאַכט געקומען צו דיר און וואָלט דיך אויפגעוועקט פון שלאָף: „קום, שָׁלום, צום אוֹצָר, וועלן מיר צונויפזשעברעווען דאָס גאָלד פולע זשמע-גיעס און אָנשטאָפּן פולע קעשענעס!“

און האָט שמואליק אָנגעהויבן צו ריידן וועגן אוֹצָר, אַזוי האָבן די פאַרחָלומטע אויגן ביי אים זיך אָנגעצונדן, די רויטע בעקלעך צע-פלאַמט, און אַליין האָט ער זיך אַזוי צעהיצט און צעברענט און צע-פלאַקערט, אַז ער האָט אויך דעם חַבֵר זיינעם אָנגעוואַרעמט, צעהיצט, צעברענט און צעפלאַקערט. שמואליק האָט גערעדט, און זיין חַבֵר, שָׁלום נָחום ווערויקס, האָט אים געקוקט אין מויל אַריין און מיט דאָרשט געשלונגען יעדעס וואָרט.

שלום-עליכם.



# דער וואַלדקייסער.

ווער פאָרט עס, ווער רייט עס ביינאַכט אויפן ווינט?
עס רייט דאָרט אַ פאָטער באַנאַנד מיט זיין קינד.
דאָס יינגעלע ציטערט ביים פאָטער אין שויס.
דער פאָטער, ער האַלדזט עס און קושט אַזוי הייס.
—וואָס ציטערסטו, קינד מיינס? וואָס איז דאָס מיט דיר?
—מיין פאָטער, דער וואַלדקייסער שטייט דאָ פאַר מיר.
זיין קרוין איז אַ טונקעלע, שוואַרץ איז זיין באָרד...
—אָ, ציטער נישט, קינד מיינס, אַ נעפּל איז דאָרט...
—מיין קינד, קוק זיך אום און שטרעק אויס מיר היין האַנט!
עס איז אַ סך וווּנדער פאַראַן אין מיין לאַנד,
העלפאַרביקע בלומען, וואָס שיינען ביינאַכט,
פון גאָלד איז מיין פּאַלאַץ דער שיינער געמאַכט.
— מיין פאָטער, דער וואַלדקייסער רופט מיך אַוועק,
ער זאָגט מיר צו וווּנדער און פרייד, אָן אַ ברעג.
— זיי רויִק, מיין ליבער! בלייב רויִק, מיין קינד!
דאָס רוישט מיט די בלעטער פוןביימער דער ווינט!
— מיין שיינער, אין פּאַלאַץ צו מיר קום צו גיין!
דו ווערסט מיינע טעכטער, די שיינע, דאָרט זען.
אין זילבערשיין וועלן זיי פליען דאָרט גיך
און פליענדיק, שפּילנדיק, איינוויגן דיך!
— מיין פאָטער, מיין טייערער, קוק זיך נאָר איין,
די וואַלדטעכטער רייטן אין זילבערנער שיין.
— זיי רויִק, מיין ליבער! עס ווייזט זיך דיר אויס,
דאָס קוקן די ווערבעס פון נעפּל אַרויס.
— מיין קינד, דו געפעלסט מיר! פאַרבלייב אין מיין וואַלד,
און ווערסטו ניט וועלן, פאַרבלייבסטו מיט גוואַלד!
— מיין פאָטער, מיין פאָטער! ער יאָגט זיך אַהער,
ער רופט מיך און ציט מיך! איך קאָן שוין ניט מער!

עס יאָגט ווי דער ווינט זיך דער רייטער געשווינדט.
עס ציטערט, עס וואַרפט זיך און ס'יאָמערט דאָס קינד.
זיי זיינען געקומען מיט מי און אין נויט.
געבראַכט האָט דער פאָטער דאָס ייִנגעלע טויט...

פון וו. געטע. יידיש ליפשיץ.



# אוצרות.

אַז ס'איז פאַראַן אַן אוצר דאָ ביי אונדז אין אונדזער שטעטל — אין דעם איז דאָך קיין ספק ניט. פונוואַנען האָט זיך גענומען צו אונדז אַן אוצר? — פון כמעלניצקען. כמעלניצקי האָט אים דאָ באַגראָבן נאָך פאַרצייטן. טויזנטער יאָרן האָבן מענטשן געזאַמלט אוצרות מיט אוצרות, ביז ס'איז געקומען כמעלניצקי און האָט עס באַשטאַט.

— ווער איז געווען כמעלניצקי?

— כמעלניצקי, ווייסטו ניט? נאַרעלע, כמעלניצקי דאָס איז געווען אַ רשע, אַ המן נאָך פאַר כמעלניצקעס צייטן... דאָס ווייסט דאָך אַ מינדסט קינד! האָט אָט דער כמעלניצקי, דער רשע, דער המן, אָנגעראַבעוועט, הייסט עס, מילי־מיליאָסן גאָלד ביי די אַמאָליקע פּריצים און ביי די רייכע יידן, און האָט דאָס אַלצדינג געבראַכט צו פירן אַהער צו אונדז קיין וואָראָנקאָ — און דאָ האָט ער עס איינמאָל ביינאַכט אויף יענער זייט בית־מדרש, באַרג אַראָפּ, אַנטקעגן דער שיין פון דער לבנה, באַהאַלטן, טיף־טיף אין דער ערד באַגראָבן, און ס'איז מיט גראָז באַוואַקסן און מיט כישוף פאַרכישופט, אַזוי אַז קיין בן־אָדם זאָל עס ניט געפינען.

— און ס'איז פאַרפאַלן לעולם ועד, אויף אייביק און אייביק?

— ווער האָט דיר געזאָגט, אַז ס'איז פאַרפאַלן לעולם־ועד, אויף אייביק און אייביק? ס'איז פאַראַן דערצו אַן עצה.

— דהיינו, וואָס פאַר אַן עצה.

ס'איז פאַראַן אַ פּסוק אַזעלכער אין תהילים, וואָס מע דאַרף אים זאָגן פערציק מאָל פערציק...

— וואָסער אַ פּסוק?

— ע, נאַרעלע, איך זאָל וויסן דעם פּסוק! און אַפילו איך זאָל שוין וויסן, איז דאָס אויך ניט אַזוי גרינג. מע באַדאַרף פאַסטן פערציק תּעניתים, אָפּזאָגן אַלע טאָג פערציק קאַפּיטלעך תהילים, און אויפן איינונפערציקסטן טאָג, באַלד נאָכדעם, ווי די זון האָט זיך געזעצט, באַדאַרף מען זיך אַרויסגנבענען אַזוי קונציק, אַז קיין בן־אָדם זאָל דיך ניט באַגעגענען, — וואָרים טאָמער חלילה דערזעט מען דיך, באַדאַרף מען אָנהייבן נאָך אַמאָל צו פאַסטן פון אָנהייב פערציק תּעניתים, און ערשט דעמאָלט אַז ס'וועט דיר אָפּגילטן, קיינער וועט דיך ניט באַגעגענען, זאָלסטו אַוועקגיין אין אַ פינסטערער נאַכט אין אָנהייב חודש אויף יענער זייט בית־המדרש באַרג־אַראָפּ, און דאָרטן אָפּשטיין פערציק מינוט אויף איין פוס, ציילנדיק פערציק מאָל פערציק, און אויב ס'וועט נאָר ניט זיין קיין טעות אינם ציילן, וועט זיך דיר דער אוצר אַנטפּלעקן פון זיך אַליין...

און שמואליק דער יתום גיט צו פאַרשטיין גאַנץ ערנסט זיין חבר, שלום נחום וועוויקס, דעם סוד פונם אוצר מיט אַ שטיל קול, אַלע מאָל שטילער, ווי אויסגעלייענט פון אַ בוך, ניט אָפּגעשטעלט זיך אויף אַ רגעלע אַפילו:

— און אַנטפּלעקן וועט זיך דער אוצר דורך אַ פייַערל, אַ קליין פייערל. און אַז דאָס פייערל וועט זיך דיר באַווייזן, באַדאַרפסטו גלייך צוגיין צו דעם, צום פייערל הייסט עס. זאָלסט גאָר קיין מורא ניט האָבן פאַר אָפּברייען זיך, וואָרים דאָס פייַערל איז מערניט אויף צו באַלייכטן: ברענען ברענט עס ניט, און דו באַדאַרפסט זיך נאָר אָנבויגן און זשעברעווען מיט ביידע זשמעניעס (שמואליק באַווייזט מיט ביידע הענט, ווי ער זשעברעוועט) גאָלד און זילבער און דימענטן און בריליאַנטן, און שטיינער אַזעלכע, וואָס הייסן מיטן נאָמען „כּדכּד", און אַזעלכע, וואָס הייסן מיטן נאָמען „ישפה"...

— וואָס איז דער חילוק?

— אַי, נאַרעלע, ס'איז אַ גרויסער חילוק! „כּדכּד" איז אַזאַ שטיין, וואָס לייכט אינדערפינסטער, ווי אַ „סטרינעווע ליכט", און „ישפה" האָט אין זיך אַ כּוח: עס מאַכט פון שוואַרץ ווייס, פון רויט געל, פון גרין בלוי, פון נאַס טרוקן, פון הונגעריק זאַט, פון אַלט יונג, פון טויט לעבעדיק... מע באַדאַרף נאָר מיט אים געבן אַ רייב אין דעם רעכטן לאַץ פון דער קאַפּאָטע און אַ זאָג: „ס'זאָל מיר אַרויסגיין און אַרויסייגן אַ רעכטער אָנבייסן!" — גייט אַרויס אַ זילבערנער טאַץ, און אויף דעם

טאָץ צוויי פּאָר געבראָטענע טייבעלעך מיט פרישינקע פלעצעלעך פון געביַיטלטער מעל, פערווי סאָרט. אָדער: „ס'זאָל מיר אַרויסגיין און אַרויסגיין אַ גוטער וואַרעמעס!"—באַווייזט זיך אַ גאָלדענער טאַץ מיט כּלערליי מינים עסנוואַרג און פּאָטראַוועס, מַעדַנֵי מֶלֶך, געבראָטענע צונגען מיט געפילטע העלדזלעך, וואָס זייער געשמאַקער רֵיחַ צעגייט זיך אין אַלע אֵיברים, און פרישע צוגעברענטע, געפּלאָכטענע קוילעטשן וואַקסן אויס פּאַר דיינע אויגן, און וויין לָרוֹב פונם בעסטן סאָרט, און ניסלעך, און באָקסערן, און צוקערקעס לָרוֹב—אַזויפיל, אַז סע גלוסט זיך שוין אַזש ניט!

און שמואליק קערעוועט אָפּ דעם קאָפּ אָן אַ זייט און שפּייט אויס, און זיין חָבֵר זעט נאָך זיינע פאַרשמאַכטע ליפּן און נאָך זיין בלאַס פָּנים מיט די פאַרחָלומטע אויגן, אַז ער וואָלט זיך ניט אָפּגעזאָגט פון אַ שטיקל געבראָטענע צונג, אַ געפילט העלדזל, אָדער כאָטש אַ שטיקל קוילעטש... און ער גיט זיך דאָס וואָרט, אַז מאָרגן אִם־יִרְצֶה־הַשֵּׁם, טראָגט ער אים אַהויס אין קעשענע עטלעכע ניסלעך, אַ פּאָר באָקסערן מיט אַ צוקערקעלע, וואָס ער וועט אַרויסלַקחענען מחילֶה ביי דער מאַמען אין קליטל, און דערווייל בעט ער שמואליקן, ער זאָל דערציילן נאָך און נאָך. און שמואליק לאָזט זיך לאַנג ניט בעטן; ער ווישט אָפּ די ליפּן און דערציילט נאָך און נאָך.

—...און אַז דו האָסט זיך גוט אָנגעזעטיקט מיט די אַלע מינים מַאכָלים און פאַרטרונקען מיט די בעסטע ווייִנען, נעמסטו און טוסט אַ רייב מיטן שטיינדעלע און אַ זאָג: „ס'זאָל מיר אַרויסגיין און אַרויסגיין אַ ווייכער געלעגער!"—באַווייזט זיך דיר אַ בעטל פון עלפנביין מיט גאָלד באַפּוצט, מיט אַן איבערבעט—ווייך ווי פּוטער, און מיט זיידענע קישעלעך צוקאָפּנס, און מיט אַן אַטלעסענער קאָלדרע איבערגעדעקט. ציסטו זיך אויס און ווערסט אַנטשלאָפן, און עס חָלומען זיך דיר מַלאָכים מיט כּרובים, מיט שרָפים, מיטן גַן־עֵדֶן הַתַּחתּוֹן... אָדער, אַז ניט, טוסט אַ רייַב מיטן שטיינדעלע, הייבסטו דיך גאָר אויף אינדערהויך ביז דער כמאַרע און אַריבער דער כמאַרע, און דו פליסט זיך ווי אַן אָדלער הויך־הויך ווייט־ווייט!...

שלום־עליכם.



# אין גאס.

ס'האָט הײַנט פון פעלד אַ פרישער ווינט
אויף הייסע גאַסן זיך פאַרקליבן
און ניט געוווּסט ווו אַיין, ווו אויס
און שטיל געבליבן.

פון טונקלען הויז בין איך אַרויס,
דעם ווינט אַנטקעגן אָנגעקומען
און ס'האָט דער ווינט מיך שטיל און לינד
אַרומגענומען...

י. האָפּשטיין.



# דער רָב אין גַן עֵדֶן.

די שיינע וווּנדערלעכע מַעשיות פון שמואליק דעם יָתום האָבן זיין יונגן חַבֵר אינגאַנצן פאַרכּישופט און געבראַכט דערצו, אַז די פּרינצן מיט די פּרינצעסינס זיינען אים געגאַנגען צו חָלום, געוועקט, געשלעפּט ביי די אַרבל: „שטיי אויף, שָלום, טו דיך אָן און קום מיט אונדז!...”

און ניט נאָר אין חָלום—אויך אויף דער וואָר האָט ער זיך געפונען כּמַעט שטענדיק צווישן פּרינצן און פּרינצעסינס, ערגעץ אין אַ קריש-טאָלענעם פּאַלאַץ, אָדער אויפן פאַרגליווערטן יַם, אָדער אויף אַ „וויספּע”, ווו עס געוועלטיקן ווילדע מענטשן, אָדער גאָר אין גַן-עֵדן הַתַחתּון, ווו עס געפינען זיך צוועלף ברונעמס מיט קוועקזילבער און דרייצן גערטנער פון זאַפרען, און גאָלד און זילבער וואַלגערט זיך אַזוי ווי מיסט; אָדער ער הייבט זיך אויף מיטן שטיינדעלע „יָשפֵה” גאָר אין דער הויך אויף יענער זייט כּמארעס...

עס איז דערגאַנגען אַזוי וייט, אַז ער האָט אָנגעהויבן אָנרופן די אַלע זאַכן ביים נאָמען און זען זיך מיט זיי אויף יעדן טריט און שריט...

עטלעכע צוזיפּגעלייגטע באַלקנס אין הויף איינס אויף דאָס אַנדערע

זיינען שוין געווען גענוג פֿאַר אים, ער זאָל זיך אַרויפֿכאַפּן אויף זיי גאַנץ הויך און זיך פֿאָרשטעלן, אַז דאָס איז אַ „וויספּע" און ער איז דער פּרינץ, און די גענדז מיט די קאַטשקעס, וואָס שפּאַצירן אַרום אין הויף,—דאָס זיינען די ווילדע מענטשנפֿרעסער, און ער איז איבער זיי דער מֶלֶך, וואָס קען זיי טרייבן, וווהין ער וויל און קאָן טאָן מיט זיי וואָס ער וויל, וואָרים זיי זיינען דאָך זיינע אונטערטעניקע...

עס איז גענוג געווען אַ שטיקל גלאָז, טאָמער האָט ער געפֿונען, זאָל עס ווערן בײַ אים פֿאַרוואַנדלט אין אַ טײַערן וווּנדערשטיין, אַ מין „כַּדכֹּד"... אַ שטיינדעלע, אַ פּראָסט, פֿון דער ערד אויפֿגעהויבן—קאָן עס זיין אֶפשֶר דאָס שטיינדעלע „יָשפֵה"—ווער ווייס? פֿוילט ער זיך ניט, נעמט און טוט דאָס אַ רייב, אַז קיינער זעט ניט, אָן דער רעכטער לאַץ און אַ זאָג, ווי שמואליק זאָגט: ס'זאָל מיר אַרויסגיין און אַרויס-גיין און אַרויסגיין"...

מער פֿון אַלץ אָבער האָבן זיך אַיינגעוואָרצלט אין אים שמואליקס מעשיות וועגן „אוצרות". ער איז געווען מער ווי זיכער, אַז ניט היינט איז מאָרגן, נאָר אַן אוצָר מוז זיך אים אַנטפּלעקן.

דאָס גאַנצע געלד וועט ער, געוויינטלעך, אַוועקגעבן דעם טאַטן מיט דער מאַמען. דער טאַטע וועט שוין ניט דאַרפֿן זיין אַזוי פֿאַרזאָרגט און פֿאַרטראָגן אין די געשעפֿטן, די מאַמע וועט פֿאַרשפּאָרן פֿרירן גאַנצע טעג אין קלייט.

מיט דעם כּוֹח פֿונם שטיין „יָשפֵה" וועט ער זיי אויסבויען אַ פּאַלאַץ פֿון קרישטאָל, אַרומגערינגלט מיט אַ גאָרטן פֿון סאַמע זאַפֿרען. און אינמיטן גאָרטן וועט זיך געפֿינען אַ ברונעם פֿון קוועקזילבער. אַ פֿלעגהונט וועט היטן דעם אַריינגאַנג און פּיפּערנאָטערס, שרעטעלעך מיט ווילדע קעץ וועלן זיך דראַפּען אויף די ביימער.

און ער, דער פּרינץ אַליין, וועט אויסטיילן פֿון זיין ברייטער האַנט די וואָראָנקאָווער אָרעמעלײַט נדָבות, איטלעכן אַזאַ נדָבָה, ווי ער פֿאַרדינט.

---

עס איז געווען שווער זיך פֿאָרצושטעלן, אַז די צוויי געליבטע חַבֵרים, שָלום נָחום וועוויקס און שמואליק דער יָתום, זאָלן ווען אַמאָל זיך דאַרפֿן צעשיידן אויף אייביק און אייביק. ערשטנס, גלאַט למאַי זאָלן זיך חַבֵרים צעשיידן? און אויסערדעם, האָבן זיי זיך געשוואָרן ביידע בײַ גאָט און איבערגעשלאָגן מיט אַ ציצֵה, אַז איינער אָן דעם צווייטן זאָל ניט אַוועקפֿאָרן קיינמאָל ניט אין ערגעץ ניט, און אַז וואָס

ס׳זאָל זיך מיט זיי ניט טרעפן און ווו זיי זאָלן ניט מגולגל ווערן, זאָלן זיי תָּמיד זײַן איין נֶפֶש, איין נשָׁמָה.

גייט ריכט זיך אויף אַזאַ מַעֲשֶׂה, אַז דער רָב, וואָס איז טאַקע געווען אַפּילו אַ ייד אַ זָקן, ווערט נעמען און ווערט זיך פּלוצים אינמיטן דערינען אוועקלייגן גאָר און אוועקשטאַרבן, און דער יָתום שמואליק ווערט אוועקפאָרן מיט דעם רָבס אַלמָנָה אין אַ קליין שטעטל, ווייס איך וווּהין, און אַז שמואליק זאָל פאַרשווונדן ווערן, גלייך ווי ס׳איז גאָר קיינמאָל קײַן שמואליק אויף דער וועלט ניט געווען!

מאָלט אייך, ניט אַזוי גיך טוט זיך עס ווי עס רעדט זיך, ניט אַזוי גרינג לייגט זיך אַוועק אַ רָב און שטאַרבט אַוועק. דער רָב, וואָס איז געווען תָּמיד אַ „חָלוש״, אַ קראַנקער מענטש פון פאַסטן תַּעֲנִיתים און פון גלאַט ניט עסן, האָט זיך אויף דער עלטער אוועקגעלייגט אין בעט, אָפּגעלעגן אַ געליימטער העכער אַ יאָר, אָן עסן, אָן טרינקען, און נאָר געלערנט און נאָר געדאַוונט און געראַנגלט זיך מיטן מַלאך־הַמָוֶת.

שמואליק האָט דערציילט פאַר זײַן חַבֵר און געשוואָרן מיט כָּל־הַשבוּעוֹת, אַז אַלע פאַרנאַכט בֵּין מִנְחָה לְמַעֲרִיב, פליט אַריין דורך אַ שפּריזבעלע פון אַ פענסטער דער „בַּעַל־דָבָר״ *), שטעלט זיך אַוועק בײַם רָב צוקאָפּנס און וואַרט, טאָמער ווערט ער אויפהערן „זאָגן״, ווערט ער אים מאַכן „כיק״... איז אָבער דער רָב קליגער פון אים: ער הערט ניט אויף צו „זאָגן״ אַפּילו אויף אַ רֶגַע; — אָדער ער לערנט, אָדער ער דאַוונט.

— ווי אַזוי זעט ער אויס?

— ווער?

— דער „בַּעַל־דָבָר״.

— פונוואַנען זאָל איך וויסן?

— דו זאָגסט, אַז ער קומט, האָסטו מִסתָּמָה אים געזען.

— נאַרעלע, ווער עס זעט דעם „בַּעַל־דָבָר״, דער קאָן ניט לעבן מער. הײַנט ווי אַזוי האָב איך אים געקענט זען?

— פונוואַנען־זשע ווייסטו, אַז ער קומט?

— ניין, וואָס דען ווערט ער טאָן? ער ווערט וואַרטן אויף כָּבוד?

און אַז דער רָב איז געשטאָרבן, איז פאַר די צוויי חַבֵרים געווען אַ יום־טוֹב. דער רָב האָט געהאַט אַזאַ שיינע לְוָיָה, ווי עס קען זיך פאַרגינען צו האָבן נאָר אַ רָב אין אַ קליין שטעטל. די קלייטן האָט

*) דער מלאך המות.

מען געשלאָסן און די חדרים האָט מען צעלאָזט, און די גאַנצע „שטאָט״ איז אים געגאַנגען באַגלייטן.

אויף צוריקוועגס זיינען די פאַרליבטע חבֿרים געווען די לעצטע שבֿלעצטע. מע האָט זיך גענומען פאַר די הענט און מע איז געגאַנגען פּאַוואָלי, בכדי מע זאָל זיך קענען גוט אָנריידן. און ריידן איז געווען פון וואָס. פונם רבֿס טויט און פון זיין קומען אויף יענער וועלט, ווי אַזוי מע וועט אים דאָרטן באַגעגענען ביי די טויערן פון גן־עדן און ווי אַזוי מע וועט אים אויפנעמען, און ווער וועלן זיין די, וואָס וועלן אים מקבל פּנים זיין.

אַלצדינג האָט שמואליק געוווּסט, אַפילו וואָס ד אָ ר ט ן טוט זיך. און פון אַלצדינג האָט ער גערעדט, אַזוי גלייך ווי ער וואָלט געווען דערביי.

עס איז אויסגעקומען אַזוי, אַז דער רבֿ איז גאָרניט געשטאָרבן. ער האָט זיך נאָר איבערגעטראָגן אין אַן אַנדער וועלט, אין אַ בעסערער וועלט, וווּ מע האָט געוואַרט אויף אים מיטן לויתן און מיטן שור־הבר און מיטן יין־המשומר און מיט אַלע גוטע זאַכן פון גן־עדן! אָ, דאָרט וועט ער ערשט אָנהייבן צו וויסן פון אַ לעבן, אַ ניי לעבן, אַ גליקלעך לעבן, אין אַ פּראַכטפולן גן־עדן, איניינעם מיט אַזעלכע מאַגנאַטן, ווי אַבֿרהם, יצחק און יעקבֿ, און יוסף הצדיק, און משה מיט אַהרנען, און דוד המלך, און שלמה המלך, און אליהו הנבֿיא, און דער רמב״ם, און דער בעל־שם־טובֿ. — ווי לעבעדיקע האָט זיי שמואליק אָפּגעמאָלט, און ווי לעבעדיקע זיינען זיי געשטאַנען פאַר די אויגן, יעדער מיט זיין געשטאַלט און מיט זיין פּנים און מיט זיין אויסזען:

אַבֿרהם אָבֿינו! — אַ זקן מיט אַ ווייסן באָרד.

יצחק — אַ לאַנגער און אַ דאַרער.

יעקבֿ אָבֿינו — אַ קראַנקער און אַ סטוטולעוואַטער.

יוסף — אַ בילד־שיינער.

משה רבינו — אַ נידעריקער וווּקס, נאָר אַ ברייטער שטערן.

אַהרן הכהן — בוקאַ אַ הויכער מיט אַ לאַנגן יאַמשאָוון שטעקן.

דוד המלך — מיט אַ פידל.

שלמה המלך — מיט אַ גאָלדענער קרוין.

אליהו הנבֿיא — אַן אָרעם יידל.

דער רמב״ם — אַן אויסגעפּוצטער מיט אַ קיילעכדיקן באָרד.

דער בעל־שם־טובֿ — אַ פּראָסטער ייד מיט אַ פּראָסטן שטעקן.

עס האָט אַזש אָנגענומען אַ חשק צו זען זיך מיט דידאָזיקע אַלע

גלייט; עס האָט זיך פּשוט געלוסט זיין מיט זיי דאָרטן אין גן־עדן, פאַרזוכן כאָטש אַ שטיקל פונם לויתן מיטן שור־הבר, כאָטש אַ טראָפּן פון יין המשומר.

עס איז געווען באמת מקנא צו זיין דעם רב, ווי ער לעבט דאָס איצט דאָרטן אַ גוטן טאָג, גאָר פאַרגעסן, אַז מע האָט אים נאָר־וואָס אַראָפּגעלאָזט אין אַן ענגן פינסטערן קבֿר, און אַז מע האָט אים פאַרשאָטן מיט קלעפּיקער שוואַרצער ערד און צוגעקלאַפּט מיט הילצערנע לאָפּעטעס, און אַז שמואליק אַליין טאַקע האָט געזאָגט נאָך אים קדיש. וואָרים דעת רב איז געשטאָרבן אָן קינדער, ניט פאַר קיין שום יידן געדאַכט.

שלום־עליכם.



# זומער־רעגן.

שיינער זומער לעבן,
איבן וואָלקן שוועבן
און אין גאַס נעמט שטויבן
ביז די וואָלקן אויבן.

גייט אַ שטורעם קומען,
נעמט אַ דונער ברומען,
און אַ בליץ נעמט בליצן,
גאָט וועט אונדז באַשיצן
און פון אונדזערטוועגן
שיקן אונדז אַ רעגן.
רעגן, גאָלד און שטראַלן
פון דעם הימל פאַלן,
אויפן פעלד זאָל וואַקסן
קאָרן, היי און פלאַקסן,
אויפן גאַס די שטיינער
זאָלן ווערן ריינער.

און פון איבער דעכער
פון די קוימענס העכער
גאָלדיקס עפּעס רייסט זיך
און די זון באַווייזט זיך
און זי שמייכלט מונטער
אונדז אין גאַס אַרונטער.
און פון איבער דעכער
פון די קוימענס העכער
האָט אַ רעגנבויגן
ברייט זיך אויסגעצויגן,
און דער רעגנבויגן
שיינט אונדז פאַר די אויגן.

מאני לייב.



# שמואליק ווערט פארשוווּנדן.

די גאַנצע וואָך, וואָס די רֶביצין איז געזעסן שִבעה נאָכן רָב, האָט שמואליק דער יָתום אַרומגעבלאָנדזשעט איינער אַליין איבער דער שטאָט, ווי אַן אֱמֶתער יָתום, וואָס איז נאָך מער פאַריָתוֹמט געוואָרן.

זיין גאַנצער אַרויסקוק איז געווען אויף דעם פאַרנאַכט, ווען מע צעלאָזט די קינדער פון די חֲדָרים—דעמאָלט ווער ער זיך קאָנען זען מיט זיין חַבֵר שָלום נָחום וועוויקס, וואָס איז צו אים נאָך מער צו־געבונדן געוואָרן זינט דער רָב איז געשטאָרבן. עס האָט זיך געפילט, אַז די צוויי געליבטע חַבֵרים באַדאַרפן זיך באַלד צעשיידן. ווי אַזוי דאָס וועט געשען, האָבן זיי נאָך אַליין ניט געוווּסט און ניט געוואָלט וויסן. זיי האָבן דעריבער אויסגענוצט יעדן פאַרנאַכט. אויף צו פאַרברענגען אינײנעם, זיין וואָס נענטער איינס לעבן דאָס אַנדערע.

אַ גליק, וואָס ס'איז זומער, און זומער לערנט מען ניט ביינאַכט אין חֵדֶר. קאָן מען דעריבער זיך פאַרקלייבן אינצווייען ביי נָחום וועוויקס אין גאָרטן, און דאָרטן אונטער אַ באַרנבוים, אָפּזיצן אַ שָעה און צוויי און דריי און שמועסן; אָדער אַז ניט, קאָן מען זיך דורכגיין פון דער שטאָט אַרויס העט—ווייט אויף יענער זייט מילן, אַבי שְקָצים זאָלן נאָר ניט באַפאַלן און ניט אָנרייצן די הינט.

דאָרט, פון יענער זייט מילן, האָבן די צוויי חַבֵרים, שמואליק דער יָתום און שָלום נָחום וועוויקס, געקאָנט זיך אָנריידן וויפיל זייער האַרץ געלוסט. און ריידן איז געווען פון וואָס. איין זאַך האָט זיי אינטערעסירט ביידן: וואָס וועט זיין ווייטער? וואָס וועט זיין, טאָמער פאָרט שמואליק אַוועק? וואָרום געהערט האָט שמואליק זאָגן, אַז די רֶבֶיצין קלייבט זיך ערגעץ ווייט, אין אַ שטעטל, זי האָט דאָרט אַ שוועסטער, שרייבט איר די שוועסטער, זי זאָל קומען צופאָרן. איז ווי־באַלד די רֶבֶיצין פאָרט—פאָרט שמואליק אויך. וואָס וועט ער דאָ טאָן איינער אַליין? ער האָט דאָך אפילו ניט ווו דעם קאָפּ אָנצושפּאַרן!...

פאַרשטייט זיך, אַז ער פאָרט נישט אויף לאַנג און—יעדנפאַלס ניט אויף שטענדיק. לאָז ער נאָר קומען אַהין, אַזוי זעצט ער זיך באַלד לערנען „קַבָלָה" און ווי נאָר ער דערגייט דעם „סוֹד", אַזוי קומט ער צופאָרן צוריק אַהער, קיין וואָראָנקע, און נעמט זיך צו דער אַרבעט—אויפזוכן דעם „אוֹצָר". ער וועט פאַסטן פערציק תַעֲנִתים, אָפּזאָגן אַלעטאָג פערציק קאַ־פּיטלעך תהילים און אויפן איינונפערציקסטן טאָג כאַפּט ער זיך אַרויס בַסוֹד,

אַז קײנער זאָל ניט װיסן, ציילט אָפּ פערציק מאָל פערציק, שטייענדיק אויף איין פוס, פערציק מינוט אויפן זייגער...

— ווו האָסטו אַ זייגער?

— איצט האָב איך ניט, דעמאָלט וועל איך האָבן.

— ווו וועסטו נעמען?

— ווו איך וועל נעמען? איך וועל גַנבענען! וואָס האָט דאָס צו דיר?

שָלום קוקט זיין חַבֵר שמואליקן אין די אויגן אַריין. ער האָט מוֹרֶא טאָמער האָט ער אים אָנגערירט מיט אַ וואָרט, און ער וועט חָלִילָה ווערן ברוגֶז. שמואליק איז אָבער ניט אַזאַ חַבֵר, וואָס מיט איין וואָרט זאָל מען פאַרלירן ביי אים אינגאַנצן. און שמואליק הערט ניט אויף צו דערציילן מַעשיות, וואָס עס וועט זיין אַמאָל, אַמאָל, אַז ביידע חַבֵרים וועלן אויסוואַקסן און ווערן גרויסע, וואָס זיי וועלן אויפטאָן אין דער דאָזיקער שטאָט, און ווי גליקלעך זיי וועלן מאַכן וואָראָנקאָווער יידן, און עס גיסט זיך ביי אים ווי ריינער בוימל און עס ציט זיך ביי אים ווי גוטער האָניק. און עס ווילט זיך גאָרניט אַוועקגיין אין דער וואַרעמער, זומערדיקער, פאַרכּשופטער נאַכט. נאָר מע מוז, מע מוז גיין אַהיים שלאָפן—אַניט קאָן מען כאַפּן אַ מִאוסן פּסַק!.. און מע געזעגנט זיך אָפּ: „ביז מאָרגן, ביז מאָרגן!" — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

עס איז אַוועקגעגאַנגען אַ מאָרגן און נאָך אַ מאָרגן, און נאָך אַ מאָרגן—ניטאָ שמואליק! ווו איז ער? ער איז אַוועקגעפאָרן.

אויפגעהויבן זיך אינײנעם מיט דעם רָבס אַלמָנָה און אַוועקגעפאָרן. וועןּ? ווי אַזוי? אפילו ניט געזעגנט זיך?!...

אַ פאַרלאָרענער, אַ צערודערטער איז געבליבן זיין חַבֵר שָלום איינער אַליין, עלנט ווי אַ שטיין. אַוועקגעפאָרן זיין בעסטער, זיין ליבסטער און זיין טייערסטער. אַוועקגעפאָרן! פינסטער געוואָרן די גאַנצע וועלט! וואָס מיר וועלט, אַז ס'איז ניטאָ שמואליק! וויסט געוואָרן דאָס גאַנצע לעבן! וואָס מיר לעבן, אַז ס'איז ניטאָ שמואליק! און דער איבערגעבליבענער עלנטער חַבֵר האָט דערפילט אַ מאָדנע ענגשאַפט אין האַלדז, און אין נאָז האָט אים אָנגעהויבן קיצלען און אין האַרצן צו שטיקן. האָט ער זיך פאַרקליבן ווייט - ווייט אין אַ ווינקעלע און לאַנג - לאַנג געוויינט.



# פֿאַרלאָרן נאָך אַ חבֿר

לאַנג זאָרגן און באַקלאָגן דעם פֿאַרלאָרענעם שמואליקן האָט זיין געטרייער חבֿר נישט באַדאַרפֿט. גאָט האָט אים גיך צוגעשיקט אַ נייעם חבֿר.

אַזוי איז דאָס געווען: וויבאַלד דער אַלטער רבֿ איז געשטאָרבן, איז דאָך דאָס שטעטל געבליבן אָן אַ רבֿ, על־כּן האָט נחום וועוויקס אוועקגעוואָרפֿן אַלע געשעפֿטן און איז אַוועקגעפֿאָרן אין אַ צווייטער שטעטל, קיין ראַקיטנע, ווו עס האָט זיך געלאָזט הערן איבער דער וועלט אַ רבֿ, מיטן נאָמען חיים מעדוועדעווקער. אָט דעם רבֿ האָט דאָס נחום וועוויקס אַראָפּגעבראַכט קיין וואָראָנקאָ.

אַראָפּגעקומען איז רבֿ חיים דער רבֿ פֿון ראַקיטנע ניט אַליין, נאָר מיט צוויי זין: איינער מיטן נאָמען אַבֿרהמל, וואָס האָט געהאַט אַ קול־נגינה און געקאָנט שיין דאַוונען פֿאַרן עמוד, און דער אַנדערער, מאירל, האָט נאָר געהאַט אַ שיין קול אויף צו זינגען און אויך אַ קנעפּל אין גאָרגל, נאָר צום לערנען האָט ער געהאַט אַ שייט־האָלץ, ניט קיין קאָפּ; און ניט אַזוי נאָך אַ גראָבער קאָפּ, ווי אַ גרויסער שייגעץ, און מיט אים איז דאָס שלום נחום וועוויקס געוואָרן אינגיכן חבֿר. אַ ראַקיטנער יינגל און דעם רבֿס אַ זון — מיט דער האַנט קען מען אים ניט אַוועקמאַכן. דערצו האָט מאירל געהאַט אַמעלה: ער האָט געזונגען לידלעך, און נאָך וואָסערע לידלעך! האָט ער אָבער צו דער מעלה געהאַט אַ חסרון — ער האָט פֿיינט געהאַט זינגען גלאַט אומזיסט. איר ווילט הערן זינגען — באַצאָלט, זייט מוחל! אַ גראָשן אַ לידל. און אַז ס'איז ניטאָ קיין געלט, איז אַן עפּל אויך גוט. פֿאַר נויט אַ האַלבער עפּל, אַ פּאָר פֿלוימען אַ שטיקל צוקערקע — קיין אומזיסט איז ניטאָ!

„גיי איך אַרויס אויף דער ווילנער גאַס.
הער איך אַ קול מיט אַ גרויס געשריי:
אוי־וויי! —
מע ווײנט אַזוי..."

אַלע יינגלעך הערכן, גאַפֿן, גייען אויס פֿון זיסקייט, און ער — גאָרנישט! יאָסעלע סאָלאָוויי! היינט זיינע שטיקלעך פֿון דאַוונען! אַמאָל, אַז דער רבי, טאַקע זיין פֿאָטער דער רבֿ רבֿ חיים הייסט עס, האָט זיך אַרויסגעכאַפּט אויף אַ רגעלע אין דרויסן, האָט זיך מאיר אַוועקגעשטעלט מיטן פּנים צו דער וואַנט, דעם טישטוך אָנגעטאָן פֿאַר אַ טלית, זיך גע־בומען ביים גאָרגל מעשה חזן און אַרויסגעלאָזן אַ געשריי פֿון די סליחות:

„אֵל מֶלֶך יוֹשֵׁב"—גיך־גיך, און אויסגעלאָזן אויף אַ קול: „וַיִקרָא־אָ ב־שֵׁ־ם!"— קומט אָן דער רֶבּי:

— וואָס איז דאָס? חַזָנישע שטיק ווערסטו פּראָווען? אַנו, משומד, לייג זיך נאָר אַוועק אויפן בענקעלע אָט אַזוי...

און עס הייבט זיך אָן אַן עקזעקוציע.

ניט נאָר אין נגינה אַליין האָט זיך אויסגעצייכנט מֵאירל מעדוועדעווקער. ער האָט געהאַט נאָך אַ חולַאַת: שפּילן, פאַרשטעלן זיך, מאַכן אָנשטעלן: „מכירת־יוֹסֵף", „יציאת־מִצרַיִם", „עֶשֶׂר מַכּוֹת", „משֶׁה רַבֵּינו מיט די לוחות" און נאָך און נאָך אַזעלכע אָנשטעלן.

למָשל, ער האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ גַזלָן, מיט אַ גרויסן שטעקן אין האַנט און מיט דער רֶבֶּיצינס קאָלאָדאַטשמעסער, אַריינגעשטעקט אין דעם רֶבינס גאַרטל, און דַוקָא בּאָרוועס, און מיט אונטערגעקאַטשעטע הויזן, און אויגן, רִבּוֹנוֹ דעַלמָא כּוּלֵה—טאַקע ווי ביי אַ גַזלָן! שָׁלום נָחוּם וועוויקס איז געווען דער ייד, דער אֶביוֹן. מיט אַ גראָבן שטעקן אין האַנט, מיט אַ קישעלע פאַר אַ האָרב, איבערגעקערט דאָס היטל אויף דער לינקער זייט, גייט ער נעבעך בעטן אַ נדָבָה. פאַרבלאָנדזשעט ער אין וואַלד. דער וואַלד—דאָס זיינען די ייִנגלעך. און שָׁלום נָחוּם וועוויקס דער אֶביוֹן גייט צווישן דיביימער, אָנגעשפּאַרט אויף זיין גראָבן שטעקן, זוכט אַ וועג און באַגעגנט זיך מיט—מֵאיר דעם גַזלָן! כאַפּט אַרויס דער גַזלָן דאָס מעסער פון גאַרטל און זינגט צו אים אַ ליד, און דַוקָא אויף רוסיש, און לאָזט אויס:

„דאַוואַי דיע־ע־ענגי, דאַוואַי דיע־ע־נגי"—

בעט זיך ביי אים נעבעך דער אָרעמאַן, שָׁלום, מיט טרערן, ער זאָל זיך דערבאַרעמען אויב ניט אויף אים, איז אויף זיין ווייב און קינדער. זי וועט בלייבן אַן אַלמָנָה, און די קינדער יתוֹמים. כאַפּט אים דער גַזלָן, מֵאיר, פאַרן גאָרגל און טוט אים אַ וואָרף אין דער ערד אַריין— קומט אָן דער רֶבּי און הייסט מאַכן אַ חַתוּנָה:

—מילֶא דער (ער באַווייזט אויף זיין אייגענעם זון) איז אַ שייגעץ, אַ משומד, אָבער דו, נָחוּם וועוויקס ייִנגל, ווי קומסטו זיך גלייכן צו אים, צו אָט דעם משומד?

---

די צוויי חֶברֶה־לייט, מֵאיר מעדוועדעווקער און שָׁלום נָחוּם וועוויקס, האָבן זיך צוגעבונדן איינס צום אַנדערן און געוואָרן נֶפֶש אַחַת.

ביידע חַברים האָבן ניט אַזוי שטאַרק חֵשֶק געהאַט צו דער תּוֹרָה,

וואָס דער רֶבּ רֶבּ חַיִים מעדוועדעווקער וועט אין זיי אַריינזעצן, זיי האָבן בעסער חֵשֶק געהאַט צו אַנדערע זאַכן. לְמָשָל, גרינע אַגרעסן רייסן פון אַ בוים, אָדער טרייסלען באַרלעך אָדער פלוימען, עס מעג זיך זיין אַפילו פון אַן אייגענעם גאָרטן, איז אַ סך מער פאַרגעניגן, ווי שמאַכטן איבער דער גמָרָא, אָדער דאַוונען, ווי דער רָב רֶבּ חַיים האָט געפּאָדערט פון זיינע תַּלמידים, אָדער זאָגן אַ קאַפּיטל תּהילים.

— די גמָרָא איז ניט קיין ציג, זי וועט ניט אַנטלויפן, דאַוונען וועט גאָט מוחל זיין און תּהילים זאָלן זאָגן אַלטע יידן!...

אַזוי האָט אײַנגעטַעֲנָהט מֵאיר מעדוועדעווקער מיט זיין חַבֶר שָלום נָחום וועוויקס און האָט אים בעסער געלערנט, ווי אַזוי מע קלעטערט אַרויף אין איין שמַע־יִשרָאֵל אויפן העכסטן בוים, אָדער ווי אַזוי מע שפּרינגט אונטער און מע פאַרטשעפּעט אַ צווייג פון אַ קאַרשן־בוים, קריכן די קאַרשן דעמאָלט אַליין אין מויל אַריין. אַי, עס ווערן נאָכדעם שוואַרץ די ליפּן, און נאָך די שפּיץ פינגער דערקענט מען, אַז מע האָט געריסן קאַרשן? וואָס קען דאָ זיין? „וועט מען אָפּשמייסן — אַ טייערע מעצאָציע"!...

דאָס אַלצדינג וואָלט אֶפשֶר אָפּגעלאָפן גלאַט, ווען עס זאָל זיך ניט געווען טרעפן מיט מֵאירן אַן אומגליק: ער איז נעבעך אַריבער איבער אַ פּלויט, אַריין צום גַלַח אין גאָרטן און אָנגעריסן אַ פולן בוזעם מיט באַרלעך. האָט אים דעם גַלַחס טאָכטער דערזען דורכן פענסטער. איז דער גַלַח אַרויסגעלאָפן מיט אַ הונט און האָט אים געכאַפּט. האָט אים דער הונט צעריסן, איך בעט איבער אייער כָּבוֹד, די הויזן, און דער גַלַח האָט אַראָפּגעריסן ביי אים דאָס היטל און געלאָזט אים גיין, ווו די אויגן טראָגן.

וואָלט דאָס אֶפשֶר אויך נאָך ניט געווען אַזאַ אומגליק, ווען דאָס זאָל ניט זיין תּשעָה־באָבֿ! סטייטש, אַלע יידן גייען אַרום אין די זאָקן, קלאָגן און וויינען אויף חורבן בֵּית־הַמִקדָש, און ער, רֶבּ חַיִים דעם רָבס זונדל, שפּאַצירט אַרום אָן אַ היטל און מיט צעריסענע הויזן!

די עקזעקוציע, וואָס דער יונג איז נעבעך אויסגעשטאַנען, לאָזט זיך ניט באַשרייבן. און ניט דאָס איז דער עיקָר. דער עיקָר איז דאָס, וואָס מע האָט שָלום נָחום וועוויקס געמוזט אָפּנעמען פון חֵדֶר, און קוקנדיק אויף נָחום וועוויקס, האָבן די אַנדערע טאַטעס אויך אָפּגענומען זייערע קינדער. איז נעבעך רֶבּ חַיִים דער רָב געבליבן אָן אַ קנעלונג. האָט אים דאָס רַבָּנות מיט חַזָנות געגעבן ווינציק פַּרנָסָה. האָט ער זיך געמוזט איבערפּעקלען צוריק קיין ראַקיטנע.

און אָט אַזוי איז פאַרלאָרן געגאַנגען שָלומס צווייטער חַבֶר.

